אַ מתנה

מײַן שוואָגער און שוועסטער

ישראל און ראָזי פּראַכמאַן,

פון זײער „קינד" —

שמיליקן.

אַ האַרציקן דאַנק דער יוגנט־גרופּע „פונקן“, וועלכע האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע אַרויסצוגעבן מיינע שריפטן און מיר אַזוי פיל געהאָלפן באַם ערשטן באַנד.

# אינהאַלט

זייט

# די שטימע פון בלוט

.1

איין מאַמע האָט זיי אונטערן האַרצן געטראָגן, אין איין שעה געבוירן, צעזאַמען שווער געכאָוועט און פיל טרערן ביי זייער וויגל פאַרגאָסן. אין איין חדר, צום בייזן מלמד ר׳ קאַנצי־בערדיטשעווער, האָט זיי דער טאַטע שפּעטער אַוועקגעפירט און איין קאַנטשיק האָט זייער אידישקייט אין די קעפּלאַך באַפעסטיקט.

זומער־צייט פלעגן זיי מיט דיזעלבע חברים, נאָכן חדר, אין די שמוציקע געסלאַך אַרומלויפן און, וואַלגערנדיק זיך אין זאַמד, שפּילן אין קנעפּלאַך, טשייכן אָדער אין קוויטלאַך פון סיגאַרעט־שאַכטלאַך.

אין די לאַנגע, קאַלטע ווינטער־אָוונטן, ווען דאָס „קעסעלע" האָט געברענט און אין שטוב איז וואַרעם געווען, פלעגן זיי, צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאָר חברים, זיצן לעבן פּייער, שפּילן אין „איקס, מיקס, דריקס" און „עטל־בעטל", אָדער גאָר שטיין באַם איינציקן פענסטער און מיט די נעגל זיך מיען אויסצוקריצן אויף די פאַרפרוירענע שויבן דעם אלף־בית.

אַמאָל אין די קאַלטע הונגער־טעג, ווען אין שטוב איז קיין קוילן ניט געווען, ווען דאָס „קעסעלע" איז געשטאַנען שוואַרץ, פאַרכמורעט, דער ווינט האָט אַזוי מוראַדיק אין קוימען געוואָיעט, דער שניי און פראָסט האָבן דורכן פאַרפרוירענעם פענסטער זיך אין שטוב אַריין געריסן — דאַמאָלסט פלעגט די מאַמע זיי אויפן אויוועז אוועקלייגן, איינדעקן מיט וויפיל שמאַטעס זי האָט נאָר געקענט

געפינען און זיי הייסן שלאָפן. זיי פלעגן אָבער נאָך לאַנג ניט איינשלאָפן, זיך צוהערן צום ווינט אין קוימען און, זיך טוליענ־דיק איינער צום צווייטן, איבערדערציילן מעשיות פון רוחות, גע־פערלאַכע וואַלד־גזלנים, שלעכטע קיסרים און שיינע בת־מלכות — אַלץ געשיכטעס, וועלכע זיי האָבן אין חדר פון עלטערע חברים געהערט.

צוויי ברידערלאַך זיינען זיי געווען, אַ צווילינג: שלומל און עוזרל, דער ערשטער עלטער פונם צווייטן מיט אַ האַלבער שעה.

און ניט קוקנדיק אויף דעם אַלעם, איז דאָך פון זיי, סיי קער־פערלאַך, סיי גייסטיק, צוויי גאָר פאַרשיידנאַרטיקע מענטשן אויס־געוואַקסן.

זייערע געזיכטסצינגע, זייערע זיטן און נייגונגען, דער קלאַנג פון זייערע שטימען, דער שמייכל, אַפילו דער גלאַנץ פון זייערע אויגן, זיינען אַזוי פאַרשיידן געווען, אַז זעלטן־ווער עס וואָלט זיי פאַר צוויי לייבלאַכע ברידער דערקענט. נאָר זיך גוט־צוקוקנדיק צו זייערע נעזלאַך, מיט די רונדע, קוים באַמערקטע הערבעקלאַך אין דער מיטן, איז גלייך אויפן זינען געקומען זייער פאָטער, ר' מענדל „דער גדלן".

„גדלן" האָט מען אים אין שטעטל גערופען ניט חלילה פאַר זיין גדלות אָדער גרויסקייט, נאָר ווייל ער איז געווען הויך און שיין געבויט, האָט געהאַט אַ רואיקן, שטאָלצן גאַנג און, ניט קוקנדיק אויף אַלע צרות, שטענדיק גלייך געהאַלטן דעם קאָפּ אויף זיינע ברייטע פּלייצעס.

— אַזאַ גאַנג און אויסזען פּאַסט זיך פאַר אַ גרויסן גביר, פאַר אַ רב, פאַר אַ רייכן פּריץ, אָבער ניט פאַר אַזאַ וויסטן קבצן ווי ער! — פלעגן צווישן זיךריידן די אידן פון שטעטל און אים אַמאָל שפּאָטיש פרעגן:

— האָט איר, ר' מענדל, ניט געהאַט עפּעס אַ שטיקל יחוס אין דער משפחה? איר שפּאַנט אין גאַס מיט אַזאַ מין שטאָלץ, פּונקט ווי דאָס שטעטל וואָלט אייערס געווען!

— גראַף פּאָטאָצקי!

— אַ קליינינקייט — אַ איד אַ שוסטער.

— ער וועט זיך נאָך ווען ס'איז דעם קאָפּ באַ אַ טיר צעברעכן !

אויב ר' מענדל איז געווען גוט געשטימט, פּלעגט ער עטוואָס אַנבויגן דעם קאָפּ און ענטפערן זיינע אַפּלאַכער בלויז מיט אַ שולדיקן שמייכל, אָדער מיט אַ וויץ. ווען ער איז אָבער מיט עפּעס אומצופרידן געווען האָבן זיינע אויגן זיך ווילד געצונדן, די הענט זיך אין פויסטן געבײלט און ס'האָט אויסגעזען, אַז נאָך אַ רגע און ער וואַרפט זיך אַרויף אויף די שפּאַסער. ער פלעגט זיך אָבער באַהערשן, זיי שיקן צו אַל־די שוואַרצע יאָר און שנעל אוועקגיין.

דער צונאָמען „גדלן" האָט זיך צו אים אַזוי צוגעקלעפּט, אַז ווען עס איז אים איינמאָל אָנגעקומען אַ קאַרטל פון זיינער אַ מומע, פון דער גרויסער שטאָט, האָט דער בריוועטרעגער, וועלכער האָט גוט געקענט יעדן אידן אין שטעטל, אים ניט געוואָלט אָפּגעבן דאָס קאַרטל, ווייל דאָרטן איז געשטאַנען שוואַרץ אויף וויים: „מענדל זלאַטקין", אָבער ניט „מענדל גדלן". און ר' מענדל האָט געמוזט אַרויסשלעפּן פונם קופערט זיין פאַרשמאַלצענעם פּאַס, וועלכן ער האָט שוין אַ יאָר פּופצן ניט געביטן, אויך אַריינרופן אַ צוויי-עדות און איבערצייגן דעם בריוועטרעגער, אַז זיין „פאַמיליע" איז ניט „גדלן" נאָר „זלאַטקין".

און פּעסי, זיין ווייב, אַ נידעריקע, אויסגעטריקנטע אידענע, מיט קליינע, שוואַרצע, איבערגעשראָקענע אויגן און אַ שפּיציק נעזל, וואָס האָט זיך שטענדיק אַרום די נאָזלעכער געדרויטלט, האָט דערביי אויף וואָס די וועלט שטייט געשאָלטן די פּאַסקודנע אידן, וועמען ס'דאַרט נאָר דער קאָפּ פאַר יענעם און וועלכע גיבן צונעמען .

ר' מענדל איז געווען איינער פון די פינף שוסטערס, וועלכע האָבן „באַשטיוולט" דאָס שטעטל. די צרה איז אָבער געווען, אַז דאָס שטעטל האָט זיך געגוויטיקט אין צוויי, העכסטנס דריי שוסטערס, און דערפאַר האָבן טאַקע אַלע פינף געהאַט ווייניק פּרנסה

שטענדיק זאָט צו זיין, אָבער גענוג ניט צו שטאַרבן פון הונגער און אַלע האָבן זיי זיך געמוטשעט

און ס׳איז זעלבסטפאַרשטענדלאַך, אַז שלומל און עוזרל האָבן בא זייערע עלטערן קיין האַניק ניט געלעקט. אָבער יעדערער פון די צוויי ברידערלאַך האָט איבערגעטראָגן סיי פרייד, סיי ליידן, אויף זיין אייגענעם שטייגער

שלומקע איז געווען שטיל, געהאָרכזאַם, האָט מורא געהאַט פאַר די טאַטע-מאַמע, אַלעמען געפאָלגט, און פאַרן רבין געציטערט. געווען איז ער איידל, שוואַך, אויסגעזען צו זיין פון מיטעלן וואוקס, אין זיין בליק איז שטענדיק געווען עטוואָס טרויעריקעס, ניט זי־כערס, ווי בא דער מאַמען.

עוזרקע דאַגעגן, איז געווען רעדעווודיק, געוואַגט, געהאַסט דעם רבין מיטן קאַנטשיק, אַביסל מורא געהאַט פאַרן טאַטן און לחלוטין גאָרניט פאַר דער מאַמען. ער איז געווען פיל קרעפטיקער פונם ברודערל, ברייטער אין די פּלייצעס, און ס׳איז לייכט געווען פאַר־אויסצוזעזן, אַז ס׳וועט אויסוואַקסן פון אים אַ בראַוועך, שטאַרקער יונג.

שלומקע פלעגט שטענדיק אויסמיידן צו קריגן זיך מיט די חדר-אינגלאַך, האָט זיי תמיד אָפּגעטראָטן דעם וועג און האָט אָפט אַ באַליידיקטער, שטיל געוויינט אין אַ ווינקל. עוזרקע איז שטענדיק געווען דער אָנפאַנגער פון די חדר-געשלעגן, די קינדער האָבן פאַר אים דרך־ארץ געהאַט און פילע פון זיי האָבן אים געצאָלט מיט היבשע חלקים פון זייערע מאָלצייטן, ער זאָל זיי פאַרטיידיגן פון אַנדערע אינגלאַך. און דערפאַר טאַקע איז ער ניט זעלטן אַהיים געקומען מיט אַ צעביילטן קאָפּ, צעדראַפּעטן נאָז, אָדער אַ אונטערגעשלאָגענעם אויג.

און ס׳פאַרשטייט זיך, אַז צוליב דעם שטאַרקערן ברודערל האָבן די קינדער אָפט אויך צורו געלאָזן דעם שוואַכערן. עוזרקע פלעגט זיי אָפט דערמאָנען :

— איר הערט, אַז ווער עס וועט טשעפּן מיין שלומקען, וועל איך

יענעם די זייטן אונטערהאַקן . . . די קישקעס וועל איך אים אַרויסלאָזן . . . ס'וועט אַ רוח אין זיין טאַטן אַריין!

עוזרקעס „העלדישקייט" איז אויך זייער גוט צונוץ געקומען אין די הונגער־טעג, ווען ר' מענדל האָט וואָכנווייז קיין איין „פּאַטשינקע" ניט געקראָגן און פּעסי האָט, ווישנדיק די טרערן, געמוזט שיקן די קינדער אין חדר אַריין אָן עסן.

שלומקע האָט זיך אין אַזעלכע פּרימאָרגנס געפילט זייער געפאַלן: זיינע טרויעריקע אויגן פלעגן ווערן נאָך טרויעריקער, די איידעלע אַקסלען זיינען געוועזן צוזאַמענגעצויגן; די בלויע ליפּעלאַך פעסט געשלאָסן; דאָס קעפּל טיף געבויגן.

עוזרקע, דאַגעגן, פלעגט אַ בייזער אַרויס פון שטוב, האָט דעם גאַנצן וועג צום חדר געקנייטשט דעם שטערן און אומצופרידן געקוקט אויפן בלייכן, דערשלאָגענעם ברודערל. אין חדר האָט ער גלייך אויפגעפאָדערט זיינע צינזן־געבערס, זיי צוגעזאָגט וואָס נאָר זיי האָבן געוואָלט, און באַלד האָט ער שוין געהאַט עטלאַכע שטיקלאַך ברויט מיט פּוטער, אַ פּאָר האַלבע עפּעל, אַ צענדליק ניס און מיט דעם אַלעם זיך געטיילט מיט שלומקן, ווען ער האָט שוין אויפגעזוכט אין איינעם פון די פינסטערע און נאַסע חדר־ווינקלען.

באַם לערנען, האָט עוזרקע געווייינלאַך, אויסגעכאַפּט די גרעסטע מאַס קאַנטשיקעס: ערשטנס, ווייל ער איז קיינמאָל ניט איינגעזעסן רואיק, שטענדיק אימיצן געקנייפּט, געשטורכעט מיט די פיס, און זיך ווייניק וואָס צוגעהערט צום רבינס רייד. און ווען ס'האָט אים שוין יאָ אַמאָל עפּעס פאַרינטערעסירט, האָט ער גלייך אָנגעפאַנגען שטעלן פאַרשיידענע קשיות און מיט אַזוי פיל „פאַרוואָסן" אַז דער נערוועזער רבי פלעגט אים אָנהייבן ענטפערן מיטן קאַנטשיק.

דער צען־יעריקער עוזר האָט, צום ביישפּיל, בשום אופן ניט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס גאָט האָט אָנגעשיקט אַזעלכע צרות און פּיין אויף דעם ערלאַכן און כשרן איוב, וועלכער האָט אַזוי טריי אָפּגעהיט גאָטס אַלע געזעצן. דעם רבינס ענטפער, אַז די צדיקים פּרוּווט דער אייבערשטער אויס און די רשעים לאָזט ער

לויפן אויף דער וועלט, האָט אויך ניט פיל פאַרענטפערט זיין קשיא און מורא־האָבנדיק מער פון דעם מיטן רבין צו ריידן, האָט ער שטיל געזאָגט שלומן, אַז גאָט איז ניט געווען גערעכט און אַז ער, עוזרקע, האָט שטאַרק רחמנות אויף איובן . . . שלומקע האָט אַ דער־שראָקענער, ברייט צעעפנט זיינע אויגן און אָנגעכאַפּט דעם ברו־דער פאַרן האַנט:

— שווייג, עוזרקע, אַזוי טאָר מען ניט ריידן, גאָט הערט און ווייסט אַלץ . . . ער וועט דיך שטראָפן!

איינמאָל פּסח באַם סדר, בעת די מוטער האָט געעפנט די טיר אַריינצולאָזן אליהו הנביא, און שלומקע האָט מיט שרעק נאָכגעזאָגט דעם פאָטער „שפוך חמתך“, האָט עוזרקע ניט אַראָפּגענומען דעם אָנגעשטריינגטן בליק פון אליהו הנביאס כוס, אַלץ געוואָלט באַ־מערקן צו ס׳ווערט אין גלאָז ווייניקער וויין. און שפּעטער שוין ליגנדיק מיטן ברודערל אויפן אויוון, האָט ער אים שטיל איינגעראַמט אין אויער:

— הערסט, שלומקע, דאַכט זיך אַז אליהו הנביא האָט פאַר־געסן און איז היינט ניט געקומען צו אונז. דער וויין אין גלאָז האָט זיך אַפילו קיין ריר ניט געטאָן . . . כ׳האָב גוט געקוקט, די גלאָז איז געבליבן פול.

— רייד ניט אַזוי! — האָט שלומקע דערשראָקן געענטפערט.
— דער רבי זאָגט, אַז קיין פּראָסטער מענטש קען אים קיינמאָל ניט זען. מען דאַרף זוכה זיין דערצו.

— ניין, אליהו הנביא האָט היינט פאַרגעסן אָן אונז! — איז עוזר געבליבן איינגעשפּאַרט — ס׳איז דאָך אַזוי פיל אידן אין שטעטל פאַראַנען.

— שווייג! — האָט מיט געבעט אין קול איבערגעחזרט שלומקע, — אליהו הנביא פאַרגעסט ניט אָן קיינעם, ער האָט גרויסע פליגל און פליט ווי דער שנעלסטער מלאך.

ביידע קינדער זיינען אַנטשוויגן געוואָרן און אין איין צייט אַ זיפץ געטאָן. שלומקע האָט זיך איבערגעקערט אויף דער צווייטער זייט און גענומען זאָגן קריאת־שמע. עוזרקע האָט אים נאָכגעטאָן,

געפילט א שרעק אין הארצן פאר די זינדיקע רייד, געפילט ווי צו בעטן מחילה. אָבער ערגעץ-וואו אין א ווינקל פון זיין מח האָט קלאָר און פעסט געשטעקט א געדאנק, אז אליהו הנביא האָט היינט פאָרט אָן זיי פארגעסן, אז די מאַמע האָט אומזיסט די טיר גע-עפנט.

.2

לאנג האלטן די קינדער אין חדר, אָדער זיי שיקן צו א גרע-סערן מלמד, האָט ר׳ מענדל ניט געקענט, און ווען זיי זיינען צוועלף יאָר אלט געוואָרן, האָט ער זיי אָפּגעפירט אין דער גרויסער שטאָט צום ווייבס א פעטער, וועלכער האָט זיי געהייסן ברײנגען צו זיך.

פעסי איז א שטיק וועג נאָכגעגאנגען דער פור, וועלכע האָט די קינדער אין שטאָט אריין געפירט, געקלאָגט אויפן קול און גע-בראָכן די די הענט. צוויי שכנות, גייענדיק פונם מארק, האָבן זי ענדלאך אָפּגעשטעלט און אהיים געפירט.

באם געזעגענען זיך האָבן ביידע קינדער געוויינט, אָבער ווי נאָר דער וואָגן איז ארויס פונם שטעטל, האָט זיך עוזרקע באלד בארואיקט און גענומען שטורכן דעם נאָך אליץ-וויינענדיקן שלומקען, אומצופרידן שעפּטשענדיק:

— גענוג, גענוג, באבע וואָס דו ביסט!

און באלד זיינען שוין ביידע געווען פריילאך, זיך צוגעקוקט צו די נייע געגנטן, וואָס האָבן זיך ווי אין א פאנאָראמע געביטן פאר זייערע בליקן, און זיך געטיילט מיט די איינדריקע.

— מען פאָרט, מען פאָרט און מען פאָרט, און ס׳איז נאָך אליץ גאָרניט! — האָט פארוואונדערט, ווי צו זיך זעלבסט, געזאָגט עוזרקע, און א פרעג געטאָן דעם פאָטער:

— טאטע, וויפיל דארף נעמען מען זאָל קומען צו דער ענדע פון דער וועלט?

— זיץ און פרעג ניט קיין נארישע קשיות ! — האָט אים ר׳ מענדל געענטפערט.

די אידן אין וואָגן האָבן זיך צעלאַכט און זיך אָנגעהייבן וויצלען. עוזרקע איז געזעסן אַ פאַרשעמטער און שלומקע האָט אים שטיל אין אויער אַריינגעזאָגט, אַז ער האָט אַליין געהערט ווי דער באַהעלפער האָט דערציילט, אַז צו דערגרייכן די ענדע פון דער וועלט דאַרף מען גיין דאָס גאַנצע לעבן, און נאָר אַ צדיק קען זוכה זיין אהין צו קומען . . . דאָרטן געפינט זיך אַ געדיכטער וואַלד, וואו עס שפרינגען אַרום לייבן, קריכן אַרום לאַנגע גיפטיקע שלאַנגען. דאָרטן וואוינען נאָר שדים מיט רוחות, וועלכע פאַרפייניקן יעדן איינעם וואָס קומט נאָר אין וואַלד אַריין. אָבער איבער אַ הייליקן צדיק האָבן זיי קיין ממשלה ניט.

זיבן אַזייגער פאַרנאַכט איז די פור אָנגעקומען אין שטאָט אַריין. איבערגעשראָקענע פון דער גרויסער צאָל הייזער, פון די ברייטע, מיט עלעקטרישע ליכט באַלויכטענע גאַסן, פון די דראָזשקעס וואָס האָבן זיך הילכיק געטראָגן אין אַלע זייטן, פון די טויזנטער פאַרבייגייער, האָבן די קינדער זיך פעסט געהאַלטן באַם פאָטערס הענט און זיך אַלע ווײַלע ניט-זיכער אַרומגעקוקט.

די מומע מיטן פעטער האָבן פיין אויפגענומען די געסט, זיי מכבד געווען מיט טיי, קיכלאַך, ניס און עפל, און בעת די מומע האָט אויסגעפרעגט די קינדער וועגן שטעטל, וואָס די מאַמע און אַנדערע קרובים מאַכן, האָט דער פעטער מיט ר׳ מענדלען געשמועסט מכח דעם צוועק פון זיין קומען. ס׳איז גיך באַשלאָסן געוואָרן, אַז עוזר מיט שלומן זאָלן בלייבן אַרבעטן באַם פעטער אין אייזן-געשעפט אַלס משרתים. דער פעטער האָט צוגעזאָגט צו האַלטן די קינדער ווי אייגענע זין, זיי קליידן, שוכן, שכירות זיי אָנפאַנגען צו צאָלן פונם צווייטן יאָר, און בשעת מעשה טאַקע דערלאַנגט ר׳ מענדלען דריי רויטע צענערלאַך אַלס מתנה, צו פאַרדעקן די הוצאות פונם קומען אין שטאָט אַריין. ר׳ מענדל איז צעטומלט געוואָרן: ער האָט שוין אַן ערך פון אַ יאָר צוועלף ניט געהאַלטן באַ זיך אין די הענט אַזוי פיל געלט מיט איין מאָל.

דער אָוונט איז אריבער פרייליך. ר׳ מענדל האָט דערציילט קליין-שטעטלדיקע נייעס, דער פעטער האָט זיך פאַרינטערעסירט וואָס די קינדער האָבן אין חדר געלערנט און זיי גענומען שטעלן פראַגן פונם חומש און פון תנ״ך. שלומקע האָט געענטפערט פאַר־שעמט, ניט אויפהייבנדיק די אויגן, מיט וואָס ער האָט גלייך צו־געצויגן דער מומעס ווייך, פרום האַרץ. עוזרקעס ענטפערס זיינען געווען פריילאַכע, דרייסטע און געקוקט האָט ער דעם פעטער גלייך אין געזיכט אריין.

ס׳וועט זיין אַ יונג אַ ברען — האָט דער פעטער מיט פאַרגע־ניגן אַ טראַכט געטאָן וועגן עוזרקן, און דערפילט, ווי עפּעס אַ וואַ־רימקייט פּילט אָן זיין האַרץ, וועלכע האָט, אין די צוואַנציק יאָר פון זיין פאַרהייראַטן לעבן, ניט געוואוסט פון קיין קינדער-ליבע.

אויפן צווייטן טאָג, פאַרנאַכט, נאָך אַ געשמאַקן מיטאָג, איז ר׳ מענדל מיט דעם זעלבן בעל-עגלה אהיים געפאָרן, טויזנט מאָל אָנ־זאָגנדיק די קינדער צו פאָלגן דעם פעטער מיט דער מומען און „צולייגן דעם קאָפּ״ צום געשעפט. אויף דער פור, לעבן אים, איז געלעגן אַ היבש פּעקל מיט אַלטע, אָבער נאָך גאַנץ גוטע קליידער, וואָס די מומע האָט געשיקט פאַר פעסין. אויף איין האַנט האָט ר׳ מענדל פאָרזיכטיק געהאַלטן אַ פּעקל און אין דער צווייטער אַ קיילכיקן פודעל: אין פּעקל איז געווען איינגעוויקלט דעם פעטערס אַ שוואַרצער ראָק, וועלכן ר׳ מענדל האָט פאַרוים באַשלאָסן אָנצו־טאָן נאָר שבת און יום טוב אין שול אריין, און אין פודעל — אַ פונק-ניי, זיידן היטל, אויך דעם פעטערס אַ פרעזענט.

ר׳ מענדל האָט זיך געפילט זייער אויפגעלייגט, פונקט אַזוי ווי מיט דריי יאָר צעריק, ווען ער האָט איינמאָל אויף אַ ברית באַם גביר פונם שטעטל, אויסגעטרונקען דריי גלעזער אַלטן, רויטן ווייַן. זיינע אויגן האָבן געבלישטשעט, דעם קאָפּ האָט ער נאָך גלייכער, שטאָלצער, ווי תמיד, געהאַלטן; דער רעכטער פוס איז וואויל־יונגעריש געווען פאַרוואָרפן איבערן פּעקל מיט דער מומעס מלבושים, און די לינקע האַנט האָט ער אַלע מאָל צוגעלייגט צו דער בוזים-

קעשענע, וואו אין עטלאכע פאפירלאך און אין צוויי שמאטקעס זיינען געלעגן פארוויקלט די דריי רויטע צענערלאך.

די פור איז גלייך איבערפילט געווארן מיט אידן — קליינע סוחרים, וועלכע זיינען געפארן אהיים, אין די דערבייאיקע שטעט־לאך, פונם יריד, וואס איז דעם טאג אין שטאט געווען. אלע האבן גערעט וועגן יריד, פון די שטייגענדע פרייזן אויף לעדער און וואל און פון די פאלענדע פרייזן אויף ווייץ. די יעניקע וואס האבן פארדינט א פאר קערבלאך זיינען געווען פריילאך, אנדערע האבן שווער געזיפצט און מערסטנטייל געשוויגן. אבער ר׳ מענדלען, וועלכער האט אין אלגעמיין ליב געהאט א שמועס צו טאן מיט א אידן, איז היינט גארניט איינגעגאנגען. ער איז געזעסן שטיל, מיט האלב־פארמאכטע אויגן און מיט א לייכטן שמייכל אויף די ליפן, זיך צוגעהערט צום רויש פון די רעדער, צום טאפן פון די צוויי פערד, אלץ געוואלט אויסרעכענען אין מח וויפיל פאר שיך ער דארף עס פאריכטן כדי אפצושפארן אזעלכע דריי צענערלאך, וואס ליגן איצט בא אים אין בוזים־קעשענע. ער האט לאנג גערעכנט, אלע מאל זיך פארפלאנטערט אין חשבון, ענדלאך גע־נומען איינדרימלען און אויפן צונג האט זיך בא אים עפעס א פריילאך, חסידיש נגונדל ארומגעטאנצט און א גליקלאכער שמייכל האט אויף זיין פנים געשוועבט.

.3

ס׳זיינען אריבער אכט יאר. שלומקע און עוזרקע זיינען גע־ווארן דערוואקסענע בחורים. שווארצע וואנצעלאך און בערדלאך האבן באפוצט זייערע פנימער, מיט דעם חילוק, וואס בא שלומען האט דאס בערדל געוואקסן פריי אין דערברייט און בא עוזרן איז עס געווען „פראנצויזיש“ ארומגעשוירן, און זיך געענדיקט מיט א שפיץ.

עוזר איז געווארן א שטארקער, שיינער יונג, שטענדיק פריי־לאך, דרייסט, מיט א זיכערן בליק און א שטאלצן, ווי באם טאטן,

גאנג. מיידלאך האבן אים זייער האלד געהאט, געזוכט באגעגענישן און אים גיך אויסגעלערנט ווי מיט זיי זיך צו באגיין.

שלום האט זיך ווייניק אנטוויקלט, איז געבליבן איידל, שמאל אין די פלייצעס, איז געגאנגען עטוואס איינגעבויגן. זיין ניט געשוירן בערדל האט אים עלטער געמאכט, און צייטנווייס, ווען ער האט זיך פארטראכט, פלעגן זיינע אויגן קוקן פונקט אזוי טרויעריק, ווי אין די קינדערשע יארן.

די ברידער האבן די גאנצע צייט געארבעט באם פעטער אין קלייט, אויסגעצייכנט געקענט דאס געשעפט און געבעלי־ביתעוועט אין דעם. דער פעטער מיט דער מומען האבן זיך שטארק צוגע־בונדן צו זיי, און זיי ליב געהאט ווי אייגענע קינדער: שלומן פאר זיין שטילקייט און גאטספארכטיקייט און עוזרן פאר זיין פריילאכ־קייט און זיך טויגן צו די קונים.

אלע טאג, ארום עלף־צוועלף אזייגער אין דער פרי, פלעגט די מומע ארויסקומען אין געשעפט, זיך אוועקזעצן בא דער קאסע און אהיים גיין שוין גלייך מיט אלעמען, ווען מען פלעגט די קלייט צושליסן. די גאנצע הויז־ארבעט האט פאר קליינע שכירות געטאן אסתרקע, דעם פעטערס א ווייטע קוזינע, וועלכע האט זיך שוין א יאר צוויי אין הויז געפונען, פארנעמענדיק דאס פלאץ האלב פון א דינסט האלב פון אן אייגענער.

אסתרקע איז געווען פון מיטלען וואוקס מיט א רונדן, ברייטן, אבער קלאר־ווייסן פנים, האט פארמאגט א שיין געטאקט נעזל, גרויסע שווארצע אויגן און א באהאלטענעם שמייכל, וואס פלעגט באלויכטן נאר דעם אונטערשטן טייל פון איר פנים. ווען פרעמדע מענטשן, בפרט יונגע־לייט, זיינען געווען אין הויז, איז זי ארומ־געגאנגען מיט שטילע, טאנצנדיקע טריט און צנועהדיק־אראפגע־לאזטע אויגן. ווען זי האט א מאן עפעס דערלאנגט , פלעגט זי דערביי ווארפן אויף אים א שנעלן, זייטיקן, ווי עפעס צוזאגנדיקן בליק, און דער לינקער ווינקל פון איר מויל האט קוים מערקנדיק געציטערט, ווי פון אן אינווייניגסטן, קוים איינגעהאלטענעם געלעכ־טער. דיזע רופנדיקע בליקן, צוזאמענגעבונדן מיט איר בויגיקן

רונדן קערפער, מיט די ווייסע, קיילאכדיקע הענט, וועלכע זי האט שטענדיק געהאלטן אנטבלויזט, און די צוויי הארטע, פלאטערענדע ברוסטן, וואס האבן זיך געריסן פון הינטער איר פארצויגענעם קאפטל — האבן אנגעפילט די גאנצע לופט ארום מיט עפעס אויפ־רעגענדיקעס, מיט א שארפער נערוועזיטעט. די מענער פלעגן איר דארשטיק נאכקוקן, ווערן אומרואיק, ווי וועלן זיך אין עפעס איבער־צייגן, אבער אסתרקעס אויגן זיינען שוין ווידער געווען, צנועהדיק צום דיל געווענדט, די וויהעס האבן מיידלש-שעמעוודיק געציטערט, און איר גלאט פארקאמטער קאפ, מיט א שייטל אין מיטן, האט גארניט געזאגט.

זי איז געווען א רעטעניש ניט נאר פאר פרעמדע, נאר אויך פארן פעטער מיט דער מומען. קיינער פון זיי האט, צום ביישפיל, ניט געקענט זאגן אויף זיכער, צו זי איז א שלעכטע אדער א גוטע, וועמען זי ליבט און וועמען זי האסט, פון וואס זי טראכט און טרוימט: איר איינגעהאלטנקייט און אפט אנגעשטריינגטע געהאר־זאמקייט האבן אלץ הינטער זיך מיט א געדיכטן טוך פארדעקט. בלויז איר בליק און דער שמייכל פלעגן צייטנווייס אויף א רגע אדער צוויי אנטפלעקן די אנגעשטריינגטע ארבעט, וואס קומט פאר אין איר מח און אין הארצן.

— גאט מיינער, זע נאר ווי זי דרייט עס עפעס מיט די אויגן — פלעגט די ערלאכע מומע דאן אויסשרייען, א פאטש טוענדיק מיט די הענט — און וואס שמייכלסטו עפעס אזוי ניט גוט? פע, א אידישע טאכטער טאר נים אזוי!

און אסתרקע פלעגט זעלטן עפעס ענטפערן, אמערסטן זיך צע־לאכן און אנטלויפן אין קיך.

אייגנטלאך זיינען געווען צוויי אסתרקעס: אן אויסרלאכע און אן אינערלאכע. איינע האט ווי פארדעקט די צווייטע. די ערשטע האט זיך ארומגעדרייט אין שטוב, ווען מענטשן פלעגן זיין, און די צווייטע, ווען קיינער איז אין הויז ניט געווען. נאר אמאל, אין אנוועזנהייט פון יונגע מענער, האט אויך די צווייטע רגעסווייס ארויסגעקוקט פון דער ערשטער אסתרקעס זייטיקן בליק. און די

מענער פלעגן ווערן אומרואיק, איר נאָכקוקן, עפּעס זוכן, זיך וועלן אין עפּעס איבערצייגן, אָבער די ערשטע אסתרקע האָט שוין גע-האַלטן צנועהדיק אַראָפּגעלאָזט די אויגן און ווי געלאַכט פון זיי.

און קיינער האָט גאָרניט געוואוסט, ווייל קיינער האָט קיינמאָל ניט געזען, ווי די צווייטע אסתר גייט אַרום אַ נאַקעטע איבער די צימערן, וואַלגערט זיך אויפן פּליאָשענעם טעפּיך אין זאַל און שטייט לאַנג פאַרן שפּיגל אַ באַהאַנגענע מיט ביליקן צירונג, וואָס זי האָט ביסלאַכווייס איינגעהאַנדלט אין מאַרק, אַראָפּגנבענענדיק פון דער מומעס הוצאה־געלט.

אין דער פרייער צייט האָט זי ליב געהאַט צו לעזן מעשה-ביכ-לאַך וועגן קסרים און שרעקלאַכע גזלנים. מער פון אַלץ זיך איינ-לעזנדיק אין די באַשרייבונגען וועגן רייכטום, וועגן גאָלד, זילבער, דימאַנטן און בריליאַנטן, וואָס האָבן אַרום די גזלנים, אָדער הער-שער, געפינקלט. זי פלעגט זיך פאַרלעזן און אָנפאַנגען נאָכדעם טרוימען: אָט איז זי אַליין אַ קיניגן, טראָגט אַ קלייד פון רויטן זייד און סאַמעט, און אַלע אַרום שטייען פאַר איר אויף די קני. און אָט גייט זי גאָר אין וואַלד, גזלנים פאַלן פּלוצלונג אָן, שלעפּן זי אַוועק אין אַ טיפן הייל און נעמען זיך סודן וואָס מיט איר צו טאָן. זי אָבער צעלאַכט זיך, גייט צו צום אַטאַמאַן, נעמט אים אַרום, ווערט זיין געליבטע און אַלע פאַנגען אָן מורא צו האָבן פאַר איר.

כמעט אַלע זונטיק, פלעגט דער וועכטער פון זייער הויז זיך אָנשכורן, אַהיים קומען מיט זיינער אַ „ליובאָווניצע", אַ צעשוי-בערטע גאַסן־פרוי אין פאַרשמוצטע קליידער, און זיך פאַרמאַכן מיט איר אין זיין שטיבל אין צווייטן עק הויף. און אסתר האָט לאַנג ניט אָפּגעטראָטן פונם פענסטער, ניט אַראָפּגענומען דעם אויפ-געדעקטן בליק פונם וועכטערס טיר און זיך אָנגעשטריינגט פאַרצע-שטעלן, וואָס דאָרטן קומט פאָר . . . ס'איז ניט געווען אַזאַ אויס-געלאַסענע זאַך, פון וועלכער זי זאָל ניט וואַגן צו טראַכטן, וועלכע זי זאָל מיט איר פאַרשטעלונגס-קראַפט ניט האָבן צוגעמאַסטן צו איר אייגענעם, דערווייל, נאָך ריינעם קערפּער .

פון וואַנען האָבן זיך צו איר אַזעלכע געדאַנקען גענומען? . . , ווער ווייסט! . . . אפשר איז אין דעם שולדיק געווען איר פאָטער, דער שכור און אויסגעלאַסענער חברה-מאַן, וואָס האָט פאַר־לאָזן איר קראַנקע מוטער, ווען אסתרקע איז בלויז פיר יאָר אַלט געווען און איז שפּעטער ערגעץ-וואו אין אַ שיינק געשטאָרבן? מיג-לאַך ער האָט אריינגעגאָסן אין אירע אָדערן, אין איר מארך, נאָך איידער זי איז געבוירן געוואָרן, דעם שרעקלאַכן גיפט פון זיין אייגענער אויסגעלאַסנקייט, דעם שקר פון זיין אייגענעם לעבן? . .

קיינער וואָלט קיינמאָל ניט געגלויבט אויף וויפיל אסתרקע נאַרט אַלעמען ארום זיך, נאַרט אין קליינינקייטן פּונקט ווי אין גרויסע זאַכן, נאַרט, ווען ס'איז נויטיק, און אָפט ווען עס איז אין גאַנצן איבעריק, פּשוט, אויס געוואוינהייט.

און אפשר איז גאָר אין לעצטן טיילוויים אויך שולדיק געווען איר שווער־לעבן נאָך דער מוטערס טויט? . . . יענע שרעקלאַכע זיבן יאָר, פון עלף ביז אַכטצן, וואָס זי האָט פאַרבראַכט בא פרעמדע מענטשן אַלס דינסט־מיידל, ביז זי איז אָנגעקומען צו דער מומע אין דער גרויסער שטאָט? ווער ווייסט! ? מיגלאַך ביידע קרעפטן, ביידע ווירקונגען, האָבן זיך אין איר נשמה פאַראייניקט. דעם טאַטנס גיפטיקע ירושה האָט צו פרי און רייף איר קערפּער אַנטוויקלט, צו גיך אויפגעוועקט די ליידנשאַפטן, מיט אַ געהיימער, מעכטיקער, אין בלוט פאַרבאָרגענער קראַפט, זי געטריבן צו איר גורל, זי געשטויסן אומבאַוואוסטזיניק צום מאַן, צו דער רוישנדער גאַס, צו גאָלד און דימאַנטן, צו אַ זאָרגלאָזן, פוילן לעבן.

און עס איז זייער מיגלאַך, אַז זי וואָלט שוין פון לאַנג, נאָך פאַר די זעכצן יאָר געווען געפאַלן, וואָלט שוין פון לאַנג באַצירט מיט זיך די נאַכטיקע גאַסן פון עפּעס אַ גרויסער שטאָט, אָדער פאַרבראַכט אירע טעג אין אַ פרייליכע הייזקע, ווען ניט איר מוטערס ירושה: אַ מין איינגעהאַלטנקייט, צנועהדיק אראָפּגעלאָ־זענע אויגן, און עפּעס אַ געפיל געמישט מיט בושה און שאַרפן שרעק, וואָס האָט זי שוין ניט איינמאָל אָפּגעהאַלטן פון איבערצו־געבן זיך צו איינעם פון אירע געוועזענע בעלי-בתים אָדער זייערע

זינדלאַך, וועלכע האָבן זיך אויף אַלע וועגן זשעדנע נאָך איר רופנדיקן קערפּער געיאָגט.

צו אַכטצן יאָר איז זי אָנגעקומען צו דער מומען אין הויז, און די רואיקייט, די ריין-מענטשלאַכע באַציאונגען פון אַלעמען צו איר, האָבן אָפּגעשטעלט די שנעלע אַנטוויקלונג פון אירע קראַנקע ליידנשאַפטן, האָבן אויפגעהייבן העכער איר מיינונג וועגן זיך זעלבסט אַלס מענטש. אָבער אויך דאָ איז געווען אַ זאַך מיט וועלכער זי האָט זיך ניט געקענט אינגאַנצן איבערבעטן, פון וועל־כער עס האָט זי אויך דאָ געעקלט. דאָס איז געווען הויז־אַרבעט. גאָט, ווי זי האָט עס געהאַסט! ראַמען די הויז, וואַשן וועש, רייבן די דילס, דערלאַנגען — דאָס איז באַ איר געווען דאָס ערגסטע אין דער וועלט. גאַנץ מיגלאַך דערפאַר, ווייל זי האָט עס געמוזט פון קינדוויים אָן טאָן. און וואָס מער זי האָט זיך ניט גע-קענט באַפרייען פון דער עסלאַכער הויז־אַרבעט, אַלץ מער שנאה פלעגט זיך אין איר האַרץ אָנקלייבן געגן אירע בעלי-ביתטעס, געגן דער גאַנצער וועלט. ס׳איז באַ איר פאַרגעקומען פונקט ווי יעדער מין הויז-אַרבעט וואָלט אַ באַזונדער עסלאַך באַשעפעניש געווען, וועלכעס זי האָט געמוזט וואַשן, גלעטן, גיין אַרום דעם, און דער האַס האָט אַלץ געוואַקסן אין איר יונגער נשמה. ניט טאָן אַ זאַך, אָפּנאַרן די בעל־הביתטע און די אַרבעט זעלבסט, פלעגט איר פאַר־שאַפן דאָס גרעסטע פאַרגעניגן.

און דאָס ליגן זאָגן האָט זיך איינגעזאַפּט אין איר ניט רײנעם בלוט, געלאָזט טיפע וואָרצלען, געוואָרן איר צווייטע נאַטור

באַ דער מומען, וואו זי האָט געקענט אַרבעטן ווען זי האָט נאָר אַליין געוואָלט, וואו קיינער האָט איר קיין הויך וואָרט ניט געזאָגט, איז איר האַס צו הויז־אַרבעט, פאַרשטייט זיך, שוואַכער גע-וואָרן, אָבער ווייט ניט פאַרשוואונדן. זי פלעגט אָפט נאַרן דער פרומער מומע, נאַרן אָן דער קלענסטער נוץ פאַר זיך, גלאַט צוליבן נאַרן זעלבסט, און זיך נאָכדעם זייער קונציק אויסדרייען, ווען מען האָט איר אַמאָל געכאַפּט.

אָט דאָס איז געווען אסתר.

די באַציאונגען צווישן די ברידער האָבן זיך ווייניק-וואָס גע-ביטן אין די איבערגעלאָפענע אַכט יאָר. עוזר איז אַלץ געווען דער באַשיצער, דער וואַגנדער, דער אויפטוער, אָן וועמעס עצה שלום איז זיך זעלטן-ווען באַגאַנגען.

ביידע האָבן זיי זיך אויסגעלערנט גוט חשבונען, פיין ריידן און שרייבן רוסיש, איבערגעלעזן עטלאַכע צענדליק איינע און די זעלבע, אידישע און רוסישע ביכער, וועלכע האָבן אויף יעדן פון זיי געמאַכט אַ פאַרשיידענעם איינדרוק.

פאַר שלומן איז עס געווען אינטערעסאַנטע, אויסגעטראַכטע מעשיות, וועלכע עס איז זייער אַנגענעם צו לעזן, אָבער וועלכע האָבן קיין שייכות ניט צום ריכטיקן לעבן. פאַר עוזרן אָבער, איז דאָס געווען ווי ווייטע פייערן, וואונדערלאַכע מיראַזשן, וועלכע האָבן אים געצויגן צו זיך, צוגעזאָגט עפּעס נייעס, נאָך ניט קיין איבער-געלעבטעס, ווי געעפנט עטוואָס פאַר אים די פאַרבאָרגענע טויערן פון לעבן און גליק. ער פלעגט דורכמאַכן מיטן העלד פונם ראָמאַן אַלע זיינע שטערונגען און יסורים, און גליקלאַך זיין ווען נאָך אַלע צרות, האָט דאָך דער אמת געזיגט: די שלעכטע מענטשן, די צע-שטערער, האָבן געמוזט אָפּטרעטן אָן אַ זייט, אָדער ווערן גוטע פריינט, און דער העלד האָט זיך פאַראייניקט מיט דער העלדין.

דאָ האָט זיך דער ראָמאַן געענדיקט. עוזר פלעגט בלייבן אַליין און לאַנג טראַכטן פון אַסתרקען, פון אירע רופנדיקע שמייכלען, צו-ציענדיקע בליקן און וועגן דער אויפמערקזאַמקייט וואָס זי שיינקט נאָר אים אַליין. דאָס האַרץ פלעגט אים פאַרגייען באַם עראינערן ווי זי האָט ליב זיך איבערצובויגן איבער זיין אַקסל און אים טיף אַריינקוקנדיק אין די אויגן, פרעגן מיט אַ האַלבן שמייכל: „נו, עוזרקע, וואָס מאַכט איר עפּעס, טייערער?" און ווי אַ שלאַנג זיך פלינק אַרויסדרייען פון זיינע הענט, ווען ער פלעגט זי וועלן אַרומנעמען.

נאָר איינמאָל, ווען זי האָט זיך גאָר שוואַך געווערט, האָט ער זי אַוועקגעזעצט צו זיך אויף די קני, אַראָפּגעלאָזט דעם

קאָפּ אויף אירע הארטע, ציטערנדיקע ברוסטן און זי פעסט צוגע-דריקט צו זיך. א שארפער אויפרעגנדער ריח פון איר קערפּער האָט אים פארשלאָגן דעם אָטעם, ער האָט געפילט, ווי זיין הארץ ווערט אין שטיקער צעריסן, זיין גוף ווערט אַלץ לייכטער, שוועבט ערגעץ וואו און טרערן פאַלן פון די אויגן. א ווייַלע איז אסתרקע געזעסן באוועגלאָז אויף זיינע קני און פלוצלונג אויפגעציטערט, פעסט ארומגעכאפּט זיין האַלז און קרעכצנדיק, אים געגומען קושן און בייסן . . . ס׳האָט אָבער ווער אין דער צייט אָנגעקלונגען. עוזר איז אוועק צו זיך אין צימער, זיך אוועקגעלייגט אויפן בעט און פארגראָבן דעם קאָפּ אין קישן. אים האָט זיך געוואָלט וויינען, לאַכן, אָדער גאָר ארויסלויפן אין גאַס און נעמען שרייען. דאָס איז געווען די ערשטע פרוי, וועלכע האָט זיך אזוי אויפרעגנד אריינ-געפלאָכטן אין זיין לעבן. דאָס נייע געפיל האָט אים ווי אויפגע-הייבן הויך אין דער לופטן, אויסגעטאָן פון יעדער שווערקייט, אָבער אין דער זעלבער צייט, אויך ווי צוזאמענגעדריקט, מיט א שווערער מאַסע פארגאָסן . . . זיין גאנצער קערפּער האָט זיך קאָנוואולסיוו געוואָרפן, ער האָט אלע ווייַלע ברייט די אויגן צע-עפנט און זיי גלייך שווער צוזאמענגעשלאָסן.

און אסתרקע האָט געשיקט געבראַכט אין אָרדענונג דאָס קאָפּטל, האָט צוגעגלעט די האָר פארן שפּיגל, אויסגעווישט די פארנעבלטע אויגן און איז רואיק געגאַנגען עפענען די טיר.

ס׳איז אָבער געווען איין פראַגע אין וועלכע ביידע ברידער פלעגן זיך שארף פאַנאנדערגיין און וואו שלום האָט אפילו אויף א האָר ניט נאָכגעגעבן עוזרן. דאָס איז געווען די פראַגע וועגן רע-ליגיאָן. עוזר איז ניט געווען קיין אטעאיסט, האָט ניט אָפּגעלייקנט גאָטס עקזיסטענץ אין די הימלען, ער פלעגט פשוט טענהן, אז אזוי ווי דער אויבערשטער האָט זיך פארקליבן צו הויך, גייען זיכער פארפאַלן פילע טויזנטער ארויפגעשיקטע תפלות. ער, עוזר, וויל אָבער ניט ליידן דעם היזק, וויל ניט זיינע תפלות זאָלן פארלוירן גיין. דערפאר דאַוונט ער אזוי ווייניק, קלויבט זיי אין זיך צוזאַ-מען, און אויף די עלטערע יאָרן וועט ער פון זיי, צוזאַמען מיט זיינע

זינד, מאכן איין גרויסן פּאַק און זען אים אַרויפשיקן אין הימל אַריין מיט זיכערסטן וועג.

דער אמת איז געווען, אַז לחלוטין ניט צווייפלענדיק אין גאָט אַלס שעפער פון דער וועלט, איז ער אָבער אין גרויס ספק געווען מכח פילע געשעעענישן פונם חומש, און אייניקע פּשוט געהאַלטן פאַר באָבע־מעשיות. געקומען צו דעם איז ער מיט דער הילף פון עטלאַכע ביכער וועגן נאַטור־געשיכטע, וואָס צוויי אידישע סטו־דענטן, וועלכע פלעגן אָפּט אַריינקומען צום פעטער אין געשעפט, האָבן אים געגעבן. און אין אַלגעמיין איז דער געבוי פון עוזרס מח, זיין געזונטער, בליענדער קערפּער, זייער ווייט געווען פון רע־ליגיעזע פראַגן און טיפע נאָכטראַכטונגען, און ער האָט זיך געצויגן צום לעבן, צו ליבע און גליק, ווי אַ יונגער דעמב ציט זיך אַרויף אַנטקעגן די הייסע זונען־שטראַלן.

שלום פלעגט ניט עסן אין דער פרי, ביז וואַנען ער האָט ניט אָפּגעדאַווענט. פאַרנאַכט איז ער געלאָפן אין שול אַריין צו מנחה־מעריב. עוזר פלעגט קומען מיטן פעטער אין שול אַריין פון איין שבת צום צווייטן און איז קיינמאָל ניט אימשטאַנד געווען אויס־צעזיצן די גאַנצע צייט. אַמערסטן פלעגט ער זיך אומבאַמערקט אַרויסרוקן אין מיטן דאַווענען, זיך דורכשפּאַצירן אין שטאָט־גאָרטן, אָדער טאַקע גלייך אַהיים לויפן זיך אַ שפּיל טאָן מיט אסתרקען, באַם געדאַנק פון וועלכער אַלע תפילות פלעגן אין איין אויגנבליק צורונען ווערן און דאָס האַרץ איז אַזוי פיינלאַך פאַרגאַנגען.

צווישן די ברידער זיינען אָפּט, באַם עסן, פאָרגעקומען הייסע דעבאַטן וועגן רעליגיאָן, און עוזר פלעגט אַלץ וועלן כאַטש עטוואָס רירן פון אָרט שלומס זיכערקייט און הייליקטום פון אַלץ, וואָס עס איז נאָר ווען אָנגעשריבן געוואָרן און וואָס אידן מוזן אָפּהיטן. ס'האָט אָבער קיין זאַך ניט געהאָלפן. שלום האָט אַלץ גענומען ווי עס גייט און שטייט, אָן שום צווייפל, קיין זאַך ניט געוואָלט איבער־טראַכטן, קריטיקירן.

— די צדיקים, וועלכע האָבן די הייליקע ספרים געשריבן, זיינען זיכער פיל קליגער פון אונז געווען און האָבן אין אַלע הינזיכטן

טיפער פארשטאנען דאָס לעבן — דאָס איז געווען זיין שטענדיקער ענטפער.

די מומע האָט תמיד געהאַלטן מיט שלומן, האָט זיך געבייזערט אויף עוזרן און אַלץ געטענהט, אז די אידן ליגן דערפאַר אַזוי טיף אין דער ערד, ווייל זיי גלויבן אין גאָרניט און ווילן זיין קליגער פון גאָט אַליין.

דער פעטער פלעגט רואיק זיצן מיטן בלאַט אין די הענט, האָט זיך קיינמאָל ניט אריינגעמישט אין אַזאַ דעבאַטע, נאָר עוזר האָט געפילט, אַז ער איז מיט אים, אז ער ווייסט און פארשטייט פיל מער, ווי ער צייגט עס ארויס, און ער מישט זיך ניט אין געשפרעך בלויז ווייל ער וויל דער מומען קיין עגמת־נפש ניט אָנטאָן.

אסתרקע פלעגט שטיל צונעמען און דערלאַנגען צום טיש, אָדער איז געזעסן באַ דער זייט און אַ לייכטער שמייכל האָט זיך ציטערנד באַהאַלטן אין לינקן ווינקל פון איר מויל. אַלע מאָל האָט זי גע־וואָרפן אַ זייטיקן בליק צו עוזרן, אָפט אַ טיפן זיפץ געטאָן, און אירע רונדע, ווייכע פלייצעס האָבן זיך צוציענד און אויפ־רעגנד באַוועגט. און די פארפירערישע טיפקייט פון אירע שוואַרצע אויגן איז געווען אזוי שטאַרק, איר ווייסער האַלז און האַלב־בלויזע הענט האָבן געצויגן צו זיך מיט אַזאַ אומגעהייערע קראַפט, אַז עוזר פלעגט פארמאַכן די אויגן און ניט וועלן קוקן אויף איר, מורא האָבנדיק אַז אָט, אָט שפּרינגט ער אויף, כאַפּט זי אַרום און בייסט זיך איין מיט די ציינער אין איר ווייכן קיילאַכדיקן האַלז . . . ווי זי טוט עס אַזוי אָפט צו אים.

## 4.

אין אָנהייב אַכטן יאָר פון די ברידערס לעבן באַם פעטער, איז פּעסי, זייער מוטער, געשטאָרבן פון עפּעס אַ לונגען־קראַנקייט. פונם פאָטער איז אָנגעקומען אַ לאַנגער, טרויעריקער בריוו, מיט אַלע איינצלהייטן וועגן איר טויט און פול מיט זיפצן און קשיות,

וואָס וועט ער איצט טאָן איינער אַליין אויף דער וועלט, אַ מידער, אַן עלנדער ?

עוזר און שלום, וועלכע האָבן די גאַנצע צייט ניט אויפגעהערט צו שיקן די עלטערן געלט, האָבן, נאָך אַ באַראַטונג מיטן פעטער, באַשלאָסן אַרויסצונעמען דעם פאָטער צו זיך. זיי האָבן אים גלייך אָנגעשריבן אַ בריוו און אַרויסגעשיקט געלט אויף אַ מצבה פאַר דער מוטער און אויף הוצאות פאַר אים זעלבסט.

דער אַלטער האָט זיך גענומען קלייבן אין וועג אַריין. דערוויילע האָט זיך אָבער געמאַכט, אַז דער שמש פון דער אַלטער שול האָט פּלוצלונג געקראָגן אַ שיפס־קאַרטע מיט געלט און איז גלייך אַוועק־געפאָרן צו זיינע קינדער קיין אַמעריקע. די שול איז געבליבן אָן אַ שמש. און נאָך דעם ערשטן שבת נאָכן דאַווענען, ווען דער גבאי האָט אויפגעהויבן די פראַגע מכח אַ נייעם שמש, האָבן זיך אַלע בעלי־בתים גלייך צעטיילט אין צוויי פּאַרטייען. איין צד האָט גע־וואָלט, אַז דער שמש זאָל ווערן ר׳ יונה שליאָמעס, אָדער ווי מען האָט אים אין שטעטל גערופן : „ר׳ יונה מיט די זעקס אויגן“. דעם צונאָמען האָט ער געקראָגן, ווייל זייענדיק אַ גלעזער, האָט ער זיך אַליין געמאַכט גרויסע מעשענעברילן מיט צוויי גלעזלאַך אויף יעדער אויג, און פלעגט שטענדיק אויסלאַכן די „געלערנטע“ דאָקטוירים מיט זייערע ברילן נאָך די נומערן. אמת, פון זינט ער האָט אָנגעטאָן זיינע היימישע ברילן, האָט ער אַלץ ווייניקער גענומען זען וואָס אויף דער ווייסער וועלט טוט זיך, אָבער אין דעם, האָט ער אַלעמען פאַרזיכערט, זיינען שולדיק זיינע שלעכטע אויגן, אָבער ניט די ברילן.

ר׳ יונהס צד האָט געטענהט, אַז ער, ר׳ יונה מוז ווערן שמש, ווייל ערשטנס, איז ער אַ בכבודיקער איד, אַן אַלטער בעל־הבית, אַ גרויסער אָרימאַן, קען אויך אַביסל לערנען, און צווייטנס, איז ער טאַקע דעם געוועזענעם שמשס אַ שטיף־ברודער, און פלעגט אים שבת אָפט אַרויסהעלפן.

דער צווייטער צד האָט זיך אָבער פון דעם אויסגעלאַכט. לער־נען, האָבן זיי דעם ערשטן צד געענטפערט, קען יעדער איד אין

שטעטל, אַלטע בעלי-בתים זיינען זיי אַלע, קבצנים, איז דאַנקען דעם וואָס לעבט אייביק, באַ זיי ניט צו פאַרזינדיקן, און מכח דעם, וואָס ר׳ יונה איז דעם אַלטן שמשס אַ שטיף־ברודער, איז באַ אידן קיין „פּאָטאָמסטווענע דוואָריאַנסטווע“ ניטאָ און קיין שטעלע גייט ניט איבער בירושה . . . זיי האָבן פּאָר שמש געוואָלט מאַכן נאָר חיימלען מיט דער רויטער נאָז, אָדער חיים בערדיטשעווער, נאָך גאָר אַ יונגער מאַן, פון אַ יאָר פינף, זעקס-און־דרייסיק, וועלכער איז געווען אַ שטיקל מלמד, אַ שטיקל מעקלער און געקענט גוט לערנען.

און אַזוי ווי אידן זיינען עקשנים בכלל, און קליינשטעטלדיקע בפרט, האָבן זיך אָנגעהייבן מחלוקת. קיינער האָט ניט געוואָלט נאָכגעבן, און אין שול האָט מען זיך מער ארומגעריסן, ווי געדאַווּנט. און ס׳פאַרשטייט זיך, אַז אַ פּאָר מאָל זיינען שוין פּעטש אויך געפלויגן. ענדלאַך איז מען אייננעגעגאַנגען אויף אַ פשרה: ניט מיר, ניט דיר, קיינער זאָל ניט אויספירן, מען זאָל מאַכן פּאָר שמש גאָר אַ דריטע פּערזאָן, וועלכע האָט זיך אין שטרייט ניט געמישט. מען האָט אַ זוך געגעבן און דער גורל איז געפאַלן אויף מענדל זלאַטקין, אָדער מענדל „גדלן“ ווי מען האָט אים גערופן.

און ר׳ מענדל, וועלכער האָט שוין געהאַלטן באַם אָפּפאָרן צו די קינדער, האָט זיך גענומען איבערדערבענען: וואוהין וועט ער עס פאָרן אויף דער עלטער אין אַ פרעמדער שטאָט? מילא, פריער, איז געווען עפּעס אַנדערש, אָבער איצט, ווען מען מאַכט אים פּאָר שמש? אַ קלייניקייט, אַ שמש פונם אַלטן בית־המדרש! און ער איז געבליבן. ער האָט גלייך ארויסגעשריבן וועגן אַלץ צו די קינדער, און נאָך דעם זעלבן שבת איז ער שוין געשטאַנען אין שול אויף דער בימה, פאַרפּוצט אין שווארצן סורדוט מיט דעם זיידענעם היטל, וואָס דער פעטער האָט אים געשיינקט נאָך מיט אַכט יאָר צעריק, און די בעלי־בתים האָבן גערעדט צווישן זיך מיט אַ צעפרידענעם שמייכל, אַז זייער שמש וואָלט גיכער געפּאַסט צו זיין אַ רב

מיט דריי חדשים שפּעטער האָט ר׳ מענדל אויך חתונה געהאַט מיט יענטע דער היהנער־טרעגערין. פון דעם האָבן די קינדער זיך

דערוואוסט פון זייערן א שכן, וועלכער איז אין שטאט אריין צום יריד געקומען. אבער אינגיכן האט דער פאטער אליין מוריע געווען פון דעם, זיך פארענטפערענדיק, אז געטאן האט ער עס ניט חלילה פון זיינטוועגן, נאר צוליב די בעלי-בתים, וועלכע האבן געוואלט האבן א שמשטע. עוזר האט געשמייכלט, דער פעטער האט געלאכט פונם אלטן אשת-אישניק, בלויז שלום מיט דער מומען האבן אומ-צופרידן געשאקלט מיט די קעפ.

פונקט צוויי חדשים נאכדעם, ווי עוזר מיט שלומן זיינען צוואנ-ציק יאר אלט געווארן, האט מען עוזרן אויף שנעל חתונה געמאכט, טאקע מיט אסתרן.

געשען איז די געשיכטע אזוי:

איינמאל אין א שבת, האט די מומע עפעס ניט גוט געפילט און איז אהיים געקומען פון שול מיט א שעה פריער ווי שטענדיק. עוזר איז אויך דעם שבת, פונקט ווי אלע שבתים, ערגעץ וואו נעלם געווארן פון דער שול, באלד נאך דער ערשטער שמונה-עשרה. דער מומען, וועלכע פלעגט שטענדיק אנקלינגען אין דער גאס-טיר, האט זיך גראדע פארוואלט אריינגיין דורכן הויף, און ווי גרויס איז געווען איר איבערראשונג און שרעק, ווען זי האט געטראפן אסתרן אין עוזרס ארימס, זיצנדיק אויף זיינע קני און, ווי זי האט נאכדעם דערציילט דעם פעטער, האט זי נאך אין פארהויז דערהערט דאס „קנאקן" פון זייערע קושן.

דער פעטער האט געלאכט, פארטיידיקט די היינטיקע יוגנט, זי פארזיכערט, אז קיין שלעכטס קען, חלילה, צווישן די קינדער קיינמאל ניט ארויסקומען, אבער די כשרע מומע האט פון קיינע זאכן ניט געוואלט הערן, ניט געוואלט האבן קיינע בזיונות בא זיך אין הויז, און איז אן אויפגערעגטע ארומגעגאנגען איבערן צימער.

— וואס ווילט איר אייגנטלאך, מומע? — איז שוין עוזר ברוגז אויפגעשפרונגען פונם פלאץ — כ'האב אסתרן געקושט ווייל כ'האב זי ליב. אבער וואס געוואלדעוועט איר אזוי, פונקט ווי כ'וואלט א מענטשן געהרגעט? איר ווילט ניט איך זאל זיך דא

אין הויז געפינען? גוט, כ׳ליינ שוין צענויף מיינע זאכן און צי זיך ארוים!

די מומע איז אנטשוויגן געווארן און דער פעטער האט באַשלאָסן, אז אזוי ווי די קינדער ליבן זיך, און קיינער האט גאָרניט געגן שידוך, טאָ זאָל מען דעם צווייטן שבת נאכט שרייבן, מיט מזל, תנאים. אלע זיינען באשטאנען אויף דעם. דער פעטער האט פון ערגעץ א ווינקל אין שלאָפצימער נאָכדעם ארויסגעשלעפּט די איבערגעשראָקענע אסתר, וועלכע האט זיך צעוויינט, דערהערנדיק, אז איבעראכטאָג שבת וועט זיין איר און עוזרס קנס־מאָל.

דעם צווייטן שבת־נאכט האט מען געבראָכן טעלער און מיט צוויי מאָנאטן שפּעטער אָפּגעשפּילט א זייער פריילאכע חתונה. די צוויי חדשים צווישן קנס־מאָל און דער חתונה זיינען פאר חתן־כלה געווען גאָרניט קיין אנגענאמע: די פרומע מומע, מורא האָבנדיק פאר אן עבירה, האט זיי געהיט אויף שריט און טריט, ניט געלאָזט זיי בלייבן אליין אפילו אויף א מינוט, און טויזנט מאָל אָנגעזאָגט דעם פעטער, ער זאָל, חס ושלום, ניט אָפּלאָזן עוזרן פון זיך, שבת אין שול, ביז אלע וועלן ניט גיין אהיים. און דער ערלאכער מומען איז גאָר אויפן זינען ניט געקומען, אז עס איז מיגלאך אזא זאך, ווי דאס, אז עוזר זאָל זיך אמאָל באנאכט אריינכאפּן צו אסתרן אין צימער, אָדער נאָך ערגער, אסתר צו עוזרן. אָבער יעדנפאלס איז איר א שווערער שטיין אראָפּ פון הארצן, ווען מען האט דעם פאָרל חתונה געמאכט.

ר׳ מענדל, פארשטייט זיך, איז געקומען צום זונס חתונה, מיטברייננענדיק מיט זיך זיין ניי־ווייבל, יענטע די הינער־טרעגערין, א אידענע, ווי מען זאָגט, אין פערצן פאָלעס, מיט א רויט, פון פראָסט און זון, פארברענטן פנים.

ער זעלבסט האט זיך ניט פיל געענדערט אין די איבערגעלאָפענע עטלאכע יאָר. זיין גאנג איז פונקט אזוי רואיק געווען, ווי פריער, ער האט אלץ אזוי שטאָלץ דעם קאָפּ אויף די אקסלען געטראָגן, נאָר זיין בליק איז אביסל זיכערער געוואָרן, און אלע געסט

זיינען איינשטימיג געווען, אז אזא שיינעם אידן פּאסט גיכער צו זיין אַ רב, ווי אַ שמש.

זייענדיק אַלע זיינע יאָרן געוואוינט זיך צו זאָרגן פאַרן ברו־דער, האָט עוזר, צוויי וואָכן נאָך זיין חתונה, שטילערהייט איבער־גערעדט מיט דער מומען מכח עפּעס אַ תכלית וועגן שלומן.

— איר קענט דאָך אים, מומע — האָט עוזר וואוילעריש גע־שמייכלט — ער איז דאָך ניט איך. אויב איר וועט אים ניט פאַרזאָרגן מיט קיין ווייבל, וועט ער אויף אייביק אַ בחור פאַר־בלייבן.

— איך ווייס ניט, ווי אַזוי צוויי ברידער קענען זיך אַזוי אונ־טערשיידן איינער פונם אַנדערן? — האָט די מומע שמייכלענדיק געהייבן מיט די אַקסלען — נאָר גוט וואָס דו האָסט מיר דער־מאָנט: איך וועל שוין זען אַ טראַכט טאָן וועגן עפּעס אַ כלה פאַר אים.

און זי האָט געהאַלטן וואָרט. מיט דריי וואָכן שפּעטער האָט זי אַריינגעבראַכט אין הויז דעם פּעטערס אַ פריינטל, עפּעס זיין מומעס אַ שוועסטער־קינד, נאָך וועלכער זי איז אַליין אַריינגעפאָרן אין אַ קליין שטעטל ניט ווייט. שרה, האָט דאָס מיידל געהייסן, און אַלע אין הויז האָבן זי פון דער צווייטער וואָך אָן, אָנגעהויבן צו רופן „שרהלע“.

זי איז געווען אַן איידעלע, אַ צאַרטע, עטוואָס נידריקער פון מיטעלן וואוקס מיט אַ טונקעלן, לענגלאַך־חנווודיקן פּנים און גרויע אויגן מיט שוואַרצע ברעמען און לאַנגע שוואַרצע וויהעס. אַלט איז זי געווען אַ יאָר צוואַנציק, און די געשיכטע פון איר לעבן איז פיל ענלאַך געווען צו אסתרס, מיט דעם אונטערשייד, וואָס שרהס עלטערן זיינען געווען געזונטע, נאָרמאַלע מענטשן און האָבן באַזאָרגט זייער איינציק קינד, אויב ניט מיט רייכטום, איז מיט געזונטע נערוועו און נאָרמאַלע אינסטינקטן.

שרהס פאָטער, אַן אַרבעטער אין אַ מיל, איז געהרגט געוואָרן באַם אַרויפטאָן אַ לעדערנעם פּאַס אויף אַ ראָד, ווען זי איז פינף יאָר אַלט געווען. מיט זיבן יאָר שפּעטער האָט זיך די מוטער פאַר־

קילט, שטייענדיק ווינטער-צייט מיט צעריסענע שיך אויפן מארק מיט אייער, און איז גיך געשטארבן.

שרהלע איז געווארן א דינסט-מיידל.

די ערשטע צוויי יאר האט זי געדינט בא פריינט, וואו זי האט שווער געארבעט און כמעט גארניט געקראגן באצאלט. דערנאך איז זי אוועק צו פרעמדע און האט געמוזט דורכמאכן א לאנגען, ביטערן וועג פול מיט שווערער ארבעט און דערנידערונגען. ווען זי איז עלטער געווארן, איז צוגעקומען נאך א שרעקלאכע זאך: א ביטערער קאמף מיט דער גאנצער מענער-וועלט ארום איר, ניט אויסלאזנדיק אירע בעלי-בתים מיט די לאנגע פיאות און גאטספירכטיגע בליקן. וועלכע האבן זיך זשעדנע צו איר יונגען און ריינעם קערפער גע-צויגן . . . און זי האט געקעמפט, געלאפן פון איין פלאץ אויפן צווייטן, אפט געזעסן אינגאנצן אן א שטעלע, און ניט איינמאל געקומען צעלויפן מיט טרערן צו די פריינטלאך, קלאגנדיק אויף איר פינסטערן מזל.

א גוטע פון דער נאטור, מיט ריינעם בלוט און א ריינער נשמה, איז זי, ניט קוקנדיק אויף אלע שווערע איבערלעבונגען, דאך פארבליבן צו צוואנציק יאר, ניט רעכנענדיק די געוויסע לעבנס-פארזיכטיקייט און געניטקייט, די זעלבע גוטע שרה, ווי זי איז געווען צו צוועלף יאר, ווען איר מוטער איז געשטארבן.

זי איז געווען א גרויסע ווירטן, האט ליב געהאט די הויז-ארבעט און אין זיך פלעגט זי אפט טרוימען פון יענער גליקלאכער צייט, ווען גאט וועט איר העלפן, זי וועט חתונה האבן און קענען ארבעטן ניט פאר פרעמדע, נאר פאר איר אייגענעם מאן און קינדער.

און זי האט זיך אליין ניט געריכט, אז איר טרוים זאל אזוי גיך פארווירקלאכט ווערן.

באם פעטער אין הויז האט זי באלד פארנומען אסתרס פלאץ, ווייל די לעצטע האט גלייך נאך דער חתונה אנגעהויבן זיך שטארק צו פוילן און פלעגט אויפשטיין גאנץ שפעט. אין א וואך ארום איז די זעלבע הויז פשוט ניט געווען צו דערקענען: אלץ האט גע-פינקלט, געבלישטשעט פון ריינקייט. יעדער ווינקל האט באזונדער

„געזונגען". אינדערפרי, ווען אַלע פלעגן אויפשטיין אין קלייט אריין צו גיין, איז שוין דער פרישטיק אַ פאַרטיקער געשטאַנען אויפן טיש. און אַזעלכע וועטשערעס ווי זי האָט געקאָכט, האָט אַפילו די מומע אַליין ניט געקענט פּראָווען.

אַלע האָבן זי ליב באַקומען. אַפילו שלום, וועלכער האָט קיינמאָל ניט געפירט קיינע לאַנגע געשפּרעכן מיט אסתרן, האָט אָפט גע־שמועסט מיט שרהן און איר איבערדערציילט אַלע געשיכטעס פון די ראָמאַנען, וועלכע ער האָט ווען געלעזן.

אַלע פלעגן זיך איבערקוקן און צופרידן שמייכלען.

אין אַ חודש אַרום האָט עוזר און דער פעטער איבערגערעדט מיט שלומן מכח עפּעס אַ תכלית און מכח שרהן. ער האָט גלייך איינגעוויליקט. שרה איז אַזוי איבערראַשט געוואָרן, ווען די מומע האָט איר אָנגעזאָגט איר פאַרגעלייגט צו ווערן אַ כלה פאַר שלומן, אַז זי האָט פון אָנפאַנג גאָר קיין וואָרט ניט געקענט אויסריידן, און ענדלאַך, זיך איבערצייגנדיק, אַז מען לאַכט ניט פון איר, האָט זי זיך ביטער צעוויינט און איז אַנטלאָפן אין צווייטן צימער. מען האָט זי קוים באַרואיקט.

סיי זי, סיי שלום, זיינען עטלאַכע טעג נאָכדעם אַרומגעגאַנגען פאַרשעמטע און קיינעם, אויך איינער דעם צווייטן, ניט געוואַגט אין די אויגן אַריין צו קוקן.

מיט צוויי וואָכן שפּעטער האָט מען געשריבן תנאים.

.5

די צייט צו שטעלן זיך צום „פּריזיוו" איז דערווייל אומבאַ־מערקט אַנגעלאָפן, און ביידע ברידער האָבן איבערגעלעזן זייערע נעמען אין לאַנגען צעטל, וואָס איז אויסגעקלעפּט געוואָרן אויף אַלע „נייעס־בודקעס" איבער דער גאַנצער שטאָט.

דער פעטער האָט איינגעלייגט וועלטן: גאַנצע טעג איז ער אַרומגעלאָפן פון איין „פּריץ" צום צווייטן זוכן „פּראָטעקציע", האָט

אָפּגעקלאַפּט די שוועלן בא די דאָקטוירים, וועלכע זיינען אויסגעקליבן געוואָרן צו באַטראַכטן די, וואָס דאַרפן זיך שטעלן. איינינקע האָט ער אַליין געבעטן, צו די צווייטע געקומען מיט בריוו פון זייערע פריינט, און וואו ס'איז נאָר מיגלאַך געווען, האָט ער אויך געלט געגעבן.

ער האָט געהאָפּט, איז צייטנווייס כמעט ווי זיכער געווען, אַז די קינדער, ווי ער האָט זיי גערופן, וועלן מיט גאָטס הילף בלייבן אין דער היים.

דער יאָר איז אָבער געווען זייער אַ שלעכטער: זייער פיל האָבן געפעלט, און די מערהייט פון די וואָס האָבן זיך געשטעלט, זיינען געקומען מיט קראַנקע אויגן, געלעכערטע אויערן, שוואַכע הערצער אָדער געברויכטע. פילע פון די קראַנקע, בפרט פון די „געשמירטע" דאָס מיינט, וואָס האָבן געלט געגעבן, זיינען אַרויס, און אויף זייער אָרט האָט מען אָפּגעגעבן אַלע צווייטע און פיל ערשטע לגאָטניקעס.

באַלד ווי די „פּריסוטסטוואָ" האָט זיך פאַרמאַכט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ רייע מיט מסירות און ענדלאַך, מיט צוויי וואָכן שפּעטער, איז פון דער גובערנסקי שטאָט אַראָפּגעקומען אַ „קאָמיסיע", וועלכע האָט אַ פאָדער געטאָן די באַפרייטע דאָס צווייטע מאָל זיך צו שטעלן. העכער האַלב פון זיי זיינען געפונען געוואָרן געזונט, מען האָט זיי גלייך אָפּגעגעבן, און אונטער אַ וואַך זיי אָפּגעשיקט אין די קאַזאַרמעס. צווישן די לעצטע זיינען אויך געווען עוזר מיט שלומן.

דעם פּעטערס שטילע הויז איז מיט אַמאָל פאַרפילט געוואָרן מיט יאָמער און געוויין. די קלייט איז אינגאַנצן געשטאַנען צוגעשלאָסן. דער פּעטער איז ווידער גאַנצע טעג אַרומגעלאָפן פרעגן, בעטן, אפשר קען מען פאָרט נאָך עפּעס טאָן ? . . . און די מומע מיט אסתרן און שרהן זיינען געזעסן אָדער אַרומגעבלאָנזשעט איבער די צימערן, מיט רויטע אויגן און פאַרבראָכענע הענט.

און באַנאַכט, ווען דער פּעטער פלעגט אַ מידער אהיים קומען, האָבן אים אַלע דריי פרויען שווייגענדיק באַגעגנט אין עס־צימער און געוואַרט, ניט אַראָפּנעמענדיק פון אים זייערע פרעגנדיקע

בליקן. און ווען ער, ניט ענטפערנדיק זיי קיין וואָרט, האָט זיך מיד אָוועקגעזעצט באַם טיש, האָבן זיי שוין אַליין פאַרשטאַנען, אַז ס'איז ניטאָ מער קיין האָפענונג, אַז אַלץ איז פאַרפאַלן.

די מומע פלעגט זיך צעוויינען די ערשטע, נאָך איר אסתר, און שרה איז געלאָפן, ווישנדיק די טרערן, אין קיך אריין, געבן דעם פעטער עפּעס אָפּצועסן. אַ גאַנצן אָוונט האָט מען זייער ווייניק גערעדט, יעדער איז זיך געזעסן אין אַ באַזונדער ווינקל און מיט מידע, שטאַרע בליקן ערגעץ-וואו געקוקט פאַר זיך, שאָקלענדיק טרויעריק מיטן קאָפּ. באַנאַכט פלעגן אַלע זייער ווייניק שלאָפן, און לאַנג ליגן מיט אָפענע אויגן, זיך צוהערענדיק ווי דער שרעק שפּאַצירט אַרום איבערן גאַנצן הויז.

אַזוי זיינען אַריבער פיר טעג. אויפן פינפטן האָט דער פע-טער געלאָזט וויסן פון דער קלייט, אַז היינט וועלן די קינדער נעכטיקן אין דער היים. פאַרנאַכט זיינען עוזר מיט שלומן אַהיים געקומען און אָנגעפילט דאָס הויז מיט טרערן, פרייד און אויך מיט אַ זויערן ריח פון „סאָלדאַטסקי“ ברויט און באָרשט, וועלכן זייערע קליידער האָבן אין זיך איינגעזאַפּט אין קאַזאַרמע.

אַלע האָבן זיך אַוועקגעזעצט אַרום קיילאַכדיקן טיש אין עס-צימער, אויף וועלכן עס האָט געזאָדן אַ סאַמאָוואַר, און ביז דריי אַזייגער פאַרטאָג זיך באַראַטן וואָס איצט צו טאָן. און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן נאָך היינטיקע וואָך חתונה צו מאַכן שלומען מיט שרהן און ביידע פאַרלאָך זאָלן גלייך אַוועק קיין אַמעריקע.

שרה האָט איינגעוויליקט, און דער פעטער האָט צו אַלעמען געזאָגט :

— אַזוי בלייבט עס קינדער. פאָרט קיין אַמעריקע, אין אַ גליקלאַכער און מזלדיקער שעה. שלאָגט זיך צו צו אַ פרנסה, און אויב איר וועט וועלן צוריק אויפבויען אַזאַ היים ווי מיר האָבן דאָ, וועט איר שיקן נאָך דעם אַלטן פעטער מיט דער מומען — מיר וועלן דאַן דאָ אַלץ פאַרקויפן און קומען צו אייך.

אַלע האָבן אָפּגעווישט די טרערן און ער האָט פאַרטגעזעצט :

— איך פאַרמאָג איצט במזומן באַ אַן ערך פון עלף הונדערט

רובל, וועלכע איך וועל אייך מיטגעבן. פאַרט געזונט, און מיר וועלן דאָ גאָט בעטן, אַז ער זאָל אייך ניט פאַרלאָזן און לעבן מיט דער האָפענונג, נאָך זיין מיט אייך צוזאַמען.

דאָס איז געווען זונטיק. דינסטיק פיר אַזייגער האָט מען גע־שטעלט אַ שטילע חופּה, און זעקס אַזייגער זיינען שוין אַלע גע־שטאַנען באַם באַן, און וויינענדיק זיך דורשטיק איינגעקוקט איינער אין צווייטן . . . דער גלאָק האָט אָפּגעקלונגען דריי מאָל. די ברי־דער, אסתר און שרה האָבן זיך מיט אַ פאַרשטיקטן געוויין אָפּ־געריסן פון דעם פעטער מיט דער מומען, אַריינגעלאָפן אין די וואַגאָנעס און צוגעפאַלן צו די פענסטער.

דער לאָקאָמאָטיוו פייפט, די וואַגאָנען קלאַפּן זיך צוזאַמען, דער באַן רירט זיך.

— בלייבט געזונט, פעטער! מומע! טייערע!

— פאָרט געזונטערהייט! שרייבט קינדער, פאַרגעסט ניט! זאָל גאָט אייך היטן!

אַלץ רירט זיך פון פּלאַץ, לויפט צוריק, די אויגן ווערן פאַר־לאָפן מיט טרערן . . .

— — — — — — — — — — — — — — — —

נאָך מיט צוויי טעג פריער, איידער די יונגע, אָפּגעגעבענע סאָלדאַטן האָבן פאַרלאָזן די שטאָט, זיינען שוין די צוויי פּאָרלאַך געווען פון יענער זייט גרעניץ און רוהיק געפאָרן קיין ראָטערדאַם, וואו זיי האָבן זיך געדאַרפט אויפזעצן אויף אַ שיף.

צוערשט האָבן זיי געוואָלט נעמען שיפסקאַרטן צווייטע קלאַס, נאָר זיך נאָכדעם באַרעכנט, אַז עס וועט חלילה קיינעם ניט שאַדן, ווען מען וועט פאָרן דריטע קלאַס, און דאָס געלט וועט דאָרטן גיכער צונוץ קומען.

דריי טעג האָבן זיי געוואַרט ביז זייער שיף וועט פאַרטיק ווערן אין וועג אַריין. אויפן פערטן פרימאָרגן, פיר אַזייגער, האָט די שיף זיך לאַנגזאַם גערירט פון אָרט און געבנדיק אַ פּאָר הילכיקע פייפן, זיך געלאָזט ערגעץ וואו רעכטס, וואו דער נעבל מיט דער נאַכט האָבן צוזאַמענגעגאָסן דעם הימל מיטן ים.

א קליין דאמף־שיפל האט פארזיכטיק, מיט רויטע פייערן פוןביידע זייטן, געפירט די גרויסע שיף צום אפענעם אקעאן. די מאטראזן, וועלכע האבן עפעס שנעל געטאן אויפן דעק, זיך איבערשרייענדיק מיט קורצע אונפארשטענדליכע ווערטער, האבן געהייסן די רייזענדע גיין אינעווייניק, אין שיף אריין, פון וועלכער ס'האט זיך שוין מעכטיק געטראגן די ארבייט פון די מאשינען.

עוזר, אסתר, שלום און שרה זיינען געשטאנען צוגעדריקט איינער צום צווייטן אויף דער פאדערשטער זייט פון דער שיף, מיט שרעק און גלויבן זיך איינגעקוקט אין יענעם טונקל-פארנעבלטן טייל ים, וואוהין דאס קליינע דאמף-שיפל מיט רויטע פייערן האט זיי געפירט און זיך פיבעריש געטיילט מיט זייערע איינדריקע. און יעדער איינער האט געפילט ווי זיין הארץ צאפלט זיך, ווייִנט, זיך אפרייסנדיק פונם לעצטן שטיקל ערד, וואס איז קערפערלאך פארבונדן מיט זיין היים, מיט דעם ווייטן לאנד און שטאט, וואו ער איז געבוירן און אויפגעוואקסן געווארן.

און זייערע בליקן, רייד און געפילן האבן געפונען אן אפקלאנג בא הונדערטע אנדערע אידן, זייערע מיט-רייזענדע, וועלכע האבן מידע, מיט הערצער פול ווי און פיין, מיט אויגן פול בטחון און שרעק, זיך אויך איינגעקוקט אין דער ענדלאזער ווייטקייט, אין דעם שרעקלאכן וועג, וואס מוז דורכגעמאכט ווערן.

און צענדליקע הענט האבן זיך געצויגן מיט געבעט צום נאך טונקל־בלאען הימל, און א טיפער זיפץ, א ביטערער קרעכץ האט זיך צו די שטארבענדיקע שטערן געטראגן:

— אלמעכטיקער גאט, באשיץ!... באשיץ און באהיט!...

און נעדאכט האט זיך אז די לופט ארום, דער גאנצער אקעאן, איז געדיכט געווען פארפולט און באדעקט מיט אידישן גלויבן, מיט אידישע ליידן און האפנונגען, פון אלע יענע הונדערטער-טויזנטער, וועלכע האבן זיך אויף הונדערטער שיפן אין צענדליקע יארן נאך אמעריקע געצויגן.

6

אין „עלים איילאנד“ האָבןביידע ברידער זיך אָנגעגעבן פאַר מענער שניידער, קיינע חסרונות האָבן אויף זיי די בעאַמטע ניט געפונען, געלט האָבן זיי אויך געהאַט, באַ פיר הונדערט קערבלאַך, און מען האָט די צוויי פּאַרלאַך איבערגעגעבן זייערן אַ קאָזין, סעם בירמאַן, וועמען זיי האָבן נאָך פון וועג טעלעגראַפירט.

גליקלאַכע, זיך טרייסלענדיק פון אויפרעגונג, זיינען זיי ענדלאַך אַראָפּ פון דער „פעריִ“ אויפן רוישנדיקן נויאָרקער ברעג. קיינער פון זיי האָט קיין וואָרט ניט געזאָגט, נאָר אָלעמענס אויגן זיינען פייכט געווען. דער קאָזין האָט אַלע ווײַלע זיי אָנגעוויזן אויף אַן אַנדער וואונדער, ווי צום ביישפּיל: „דער אַקוואַריום“, „די סאָבוויי“, „די הימל-קראַצערס“ — זיי אַלץ, מעשה געניטער אַמעריקאַנער, מיט אַ זיכערן טאָן פאַרשטיין געגעבן, און אַלע מאָל מיט אַ גנעדיקן שמייכל איבערגעחזרט:

— ס'אָלרייט, ס'אָלרייט, אירט זיך אויסגרינען און אַלץ אַליין פאַרשטיין.

און קוקנדיק אויף זיין שמייכל, אויף דעם גדלות וואָס האָט פון זיינע אויגן אַרויסגעקוקט, אויף דעם ברייטן בעלי-בתישן מאָך פון זיין רעכטער האַנט, האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס אַלץ אַרום האָט ער, סעם בירמאַן, מיט זיינע הענט און מי אויפגעבויט און הערשט איבער דעם.

אין אַ האַלבע שעה אַרום זיינען שוין די גרינע געווען באַם קאָזין אין הויז, וועלכער האָט געוואוינט אין אַן אָרימען געגנט „דאַון-טאַון“, אויפן פינפטן שטאָק. זיי זיינען געזעסן אַרום אַ קיילעכדיקן טיש, געטרונקען טיי מיט ביסקיטס און דערציילט דער קוזינע קלאַרע נייעס פון דער אַלטער היים.

דער קאָזין איז געווען באַשעפטיקט אין אַ גרויסן „דזשאָנק“ שאָפּ, האָט פאַרדינט דרייצן טאָלער אַ וואָך און פונם ערשטן בליק, סיי אויף די דריי צימערלאַך וואו ער האָט געוואוינט, סיי אויפן הולך פון די פיר קינדער, די עלטסטע פון וועלכע, אַ צוועלף יאָריק

מיידל, איז שוין געגאַנגען אַרבייטן, האָבן ביידע ברידער פאַר־שטאַנען און אַ טראַכט געטאָן איינס און דאָס זעלבע: אַז ווי עס זעט אויס, לעבן ניט אַלע אין אַמעריקע קיין האָניק. זיי האָבן זיך איבערגעקוקט און שלום האָט אַ הויב געטאָן מיט די אַקסל, ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגן: „וואָס קען מען מאַכן, ברודער, שוין פאַרפאַלן . . . אפשר וועט אונז גאָט פאָרט העלפן, מען דאַרף האָפן".

עוזר האָט שווער אָפּגעזיפצט.

די ערשטע נאַכט איז מען איבערגעשלאָפן ווי עס איז: די ווייבער מיט די קינדער אין די בעטן און די מענער אויפן דיל. אויפן צווייטן טאָג, גאַנץ פרי, איז קלאַרא אוועק מיט עוזרן זוכן אַ וואוינונג פאַר די גרינע און טאַקע גלייך געפונען ניט ווייט צוויי פיינע צימערלאַך אויפן פערטן פלאָר, פאַר צען און אַ האַלב דאָלער אַ חודש. געבענדיק אָן אויפגאַב אויף דער דירה, זיינען זיי אוועק אין אַ געשעפט פון אַלטע מעבל און איינגעקויפט אַ גאַנצע בעלי־בתישקייט: צוויי ברייטע בעטן, אַ טיש מיט פיר ביינקלאַך, אַ וויג־שטול און אַ קאַנאַפּע. אין אַ צווייטן געשעפט האָבן זיי איינגע־האַנדלט די נויטווענדיקסטע הויז־קלייניקייטן און פאַר אַלץ צו־זאַמען מיטן מעבל, באַצאָלט זיבן־און־דרייסיק דאָלער מיט פינף־און צוואַנציק סענט.

אַראָפּגעלאָזט פון עלים איילענד האָט מען זיי דינסטיק פאַר־נאַכט, מיטוואָך און דאָנערשטיק האָבן אַלע, אַריינרעכענדיק דעם קאָזינס גאַנצע משפּחה, שווער געאַרבעט, איינאָרדענדיק דאָס נייע הויז, און פרייטיק איינס אַזייגער איז שוין בײַ די גרינע יונגע־ווייבלאַך געווען שבתדיק. די דילים האָבן ממש געבלישטשעט, ווייסע פאָרהענגלאַך האָבן באַשיידן פון די צוויי פענסטער גע־שמייכלט, דער טיש און וואַש־טאָפּ זיינען געווען פאַרשפּרייט מיט ווייסער ציראַטע, אויפן גאַז־אויוון האָט זיך געקאָכט אַ יויך און אַ קעסל מיט פיש האָט געזאָדן, אָנפילענדיק די לופט מיט אַ גע־שמאַקן, היימישן ריח.

עוזר איז צוגעגאַנגען אין באַנק אַריינצעטראָגן די הונדערט מיט

פופציק דאָלער, וועלכע זיינען נאָך איבערגעבליבן פון דעם פעטערס געלט, און שלום איז אוועק אויפזוכן א לאַנדסמאַן וועמען ער האָט באַדאַרפט איבערגעבן א בריף. שרה איז געלעגן אויף דער קאַנאַפּע מיט פאַרמאַכטע אויגן, און ס׳איז קענטיק געווען, אז זי שלאָפט ניט, נאָר טראַכט פון עפּעס פאַרזאָרגט. אסתר איז, שוין א פאַרפּוצטע, געזעסן באַם פענסטער מיט נאָך א היימיש מעשה־ביכל אין האַנט, אָבער אירע בליקן זיינען טרוימעריש געווען פאַרזונקן ערגעץ־וואו אין דער ווייט, דאָרטן וואו ס׳האָבן זיך שלאַנק געהויבן די שטריינגע ליניעס פון די הימל־קראַצערס און רייכע האָטעלן. א לייכטער שמייכל האָט אָפּט באַרירט אירע קיילעכדיקע, זאַפטיקע ליפּן, און אירע אויגן פלעגן דאַן זיך ברייטער צעעפענען, א פינקל טאָן, די פינגער האָבן זיך נערוועז געריבן איינע אָן צווייטן און מיטן אויבערשטן טייל קערפּער האָט זי זיך אַלע ווײַלע געגעבן א באַוועג אויף פאָראויס, פונקט ווי זי וואָלט זיך ערגעץ וואו געריסן.

פון דעם מאָמענט אָן, ווען זי האָט א וויינענדיקע פאַרלאָזן דעם פעטער מיט דער מומען, און איז אַרויף אויפן באַן, איז זי גאָר ווי אַן אַנדער מענטש געוואָרן. באַלד ווי דער צוג האָט זיך פון אָרט גערירט, האָט זי אויסגעווישט די אויגן, א טיפן זיפץ געגעבן, א טרייסל געטאָן מיט די אַקסל, און אין דער צייט, ווען דער מאַן מיטן שוואָגער האָבן דורך די פענסטער געוואָרפן דעם פעטער מיט דער מומען זייער לעצטן „זיי־געזונד" — האָט זי אַרויסגערוקט דעם קאָפּ דורך א פענסטער אין דער צווייטער זייט באַן, איבערגעגעבן איר פּנים צום שניידענדן ווינט, און די רעדער האָבן איר ווי געזונגען: „פריי, פריי. . . ענדלאַך, ענדלאַך פריי!

פיל נעכט פון דער לאַנגער רייזע איז זי ניט געשלאָפן, געלעגן מיט ברייט אָפענע אויגן און שוין געזען פאַר זיך קלאָר אַמעריקע. דאָס וואונדערלאַכע לאַנד פון פרייהייט און רייכטום. און עפּעס א קול אין איר נשמה האָט פריילאַך געזונגען, שטיל איר דערציילט אז ווער ווייסט, זי קען נאָך רייך ווערן, עס קען זיך נאָך אין איר צום ביישפּיל, פאַרליבן א מיליאָנער . . . זי וועט זעלבסט־פאַרשטענדלאַך זיך ניט קלייבן צו לאַנג, זיך אים איבערגעבן און לעבן

אין לוקסוס ווי א גרעפין . . . אין אמעריקע איז אלץ מעגליך, אלץ טרעפט זיך אין דעם פאנטאסטישן לאנד. . .

און ווען דיזעלבע אינערלאכע שטימע וואלט זי פלוצלונג א פרעג געטאן: „וואס הייסט דו קלייבסט זיך איבערגעבן צו א מיליאנער? נו, און עוזר, שוין ליבסטו ניט דיין מאן?“

און אסתר וואלט זיכער געענטפערט:

— פארוואס ליב איך אים ניט? איז דען מעגלאך ניט צו ליבן אזא געזונטן, שיינעם יונג? א, כ'ליב אים זייער, אבער... יענער איז דאך א מיליאנער, וואלט מיך דאך אין גאלד אנגעטאן, מיט דימאנטן באהאנגען.

אבער די אינערלאכע שטימע האט קיינמאל אזעלכע קשיות איר ניט געשטעלט, ווייל באם געדאנק פון רייכטום, לוקסוס און פילע שיינע מענער וואס ווען זי זוכן, פלעגט דער ארימער עוזר קיין פלאץ לחלוטין ניט געפינען, ניט אין איר מח און ניט אין איר הארצן.

און אן אויפגערעגטע פון אירע געדאנקן, פלעגט זי נאך אויפן שיף זיך באנאכט שטיל אריבערכאפן צו עוזרן, אים אויפוועקן פון שלאף, האלדזען, קושן, בעטן ליבע, און אים איבערגעבנדיק זיך, פארשטעלן, אז דאס איז זי מיט יענעם, מיטן מיליאנער. באטאג איז זי אדער ארומגעגאנגען א נערוועז־פריילאכע, קאקעטירנדיק מיט יעדן אנגעשטעלטן אויפן שיף, און אלעמען צוזאגנדיק עפעס מיט אירע זייטיקע בליקן, אדער איז א שווייגנדיקע ערגעץ־וואו געזעסן אין א ווינקל מיט פרעמדע, ווייטע אויגן. און ווען שרה האט א פאר מאל אנגעהייבן ריידן ווי אומגליקלאך, ווי איינזאם עס דארפן זיך אצינד פילן אין דער היים די מומע מיטן פעטער, האט זי גארניט געענטפערט, געקוקט אויף דער שוועגערן און ניט איבערגעריסן דעם גאנג פון אירע געדאנקן.

און אירע געדאנקען זיינען אפט געווען שרעקלאכע, גרויזאם־ציניש, אומפארשטענדלאכע פאר איר זעלבסט. ווי שעדלאכע גראזן האבן זיי זיך מעכטיק געהויבן פון דער טיפעניש פון איר נשמה, האבן זיך ווי שאטנס געצויגן פון די פארבאגנסטע ווינקעלאך פון

איר מה, און ווער ווייסט צו זי וואָלט זיך ניט איבערגעגעבן יעדן געזונטן, שיינעם מאַן אויפן שיף, ווען ניט דאָס ביסל איינגעהאַלטנקייט און שרעק וואָס זי האָט פון דער מוטער געירשנט, ווען ניט די צנועהדיק־אָראָפּגעלאָזטע אויגן־דעקלאַך, וועלכע האָבן אַזוי גוט באַהאַלטן דעם יצר־הרע פון איר פאַרפירערישן זייטיקן בליק.

דאָס אָנקומען קיין ניו יאָרק, דאָס אַראָפּגיין פון שיף, דאָס איינאָרדנען פון זייער נייער היים, האָט זי באַפרייט פון אירע געדאַנקען, אָבער ניט אויף לאַנג.

און דעם ערשטן פרייטיק אין אַמעריקע איז שרה מיט צוגעמאַכטע אויגן געלעגן אויפן לאָנדז, זיך צוגעהערט ווי אויפן גאַזאויוון זידן די פיש, געטראַכט פון אַלע איבערלעבונגען פאַר די לעצטע צוויי חדשים און אין די געדאַנקען גאָט געבעטן ניט צו פאַרלאָזן איר מאַן און זיין ברודער און זיי העלפן וואָס גיכער זיך דערשלאָגן צו עפּעס אַ תכלית.

און באַם פענסטער, מיט אַ מעשה ביכל אויף די קני, איז געזעסן אסתר, ניט אַראָפּנעמענדיק דעם בליק פון די ווייטע הויכע געביידעס, און זיך פאַרגעשטעלט וואָס פאַר אַ שיינע, רייכע פרויען און מענער עס דאַרפן דאָרט די צייט פאַרברענגען און צי וועט זי ווען עס איז נאָך זיין צווישן זיי.

·7

עוזר איז גיך אהיימגעקומען אַ אויפגעלייגטער, עטוואָס אַן אויפגערעגטער און באַלד נאָך אים איז אויך שלום אַריינגעקומען און זיין בליק איז געווען אַ דערשראָקענער, און דער גאַנג אַ־ניט־זיכערער.

— גאָט מיינער, — האָט זיך עוזר געוואונדערט שפּאַנענדיק איבערן שטוב — מענטשן זיינען דאָ פאַראַנען אַ שרעק . . . מען גייט, מען לויפט, מען פאָרט אויף דער ערד, אונטער דער ערד, אין דער לופטן . . . ווהואין מען וואַרפט נאָר אַן אויג שווימלט עס און גריבלט מיט מענטשן !

— כ׳קען גאָרנישט פארשטיין — האָט מיט א פארזאָרגטן פּנים זיך אָפּגערופן שלום — פון וואנען נעמען אָט דיזע אַלע טויזענטער און טויזענטער מענטשן אויף צום לעבן? בא וואָס און בא וועמען האלטן זיי זיך עס אויף? דער קאָפּ פאנגט אָן זיך דרייען, ווען מען קוקט זיך א פּאָר מינוטן איין אין דעם מענטשן־שטראָם.

— אָ, זאָרג ניט, שלום! — האָט מיט א שמייכל געענטפערט שרה, זיך אויפהייבנדיק פונם לאָנדזש, — אַלע מאכן א לעבן, קיינער שטאַרבט חלילה ניט אין אמעריקע פון הונגער. מן הסתם וועט דער וואָס לעבט אייביק, אויך אונדז ניט פארלאָזן.

— ס׳אָלרייט, ברודער! — האָט עוזר שאַרף ארויסגערעדט זיין ערשט „אמעריקאניש" וואָרט — מיר וועלן נאָך זיין ווען-עס-איז גרויסע גבירים.

דער ערשטער „אָלרייט" האָט עפּעס אויף אַלעמען א גוטע ווירקונג געמאכט, פונקט ווי דאָס איינציקע איינגלישע וואָרט וואָלט זיי צוגעזאָגט עפּעס גוטעס, דערנענטערט אביסעלע צום גליק. אַלע האָבן א שמייכל געטאָן.

— אָרייט! — האָט שלום זיך שטיל צעלאכט — עוזר, דו רעדסט שוין באַלד איינגליש.

— אָלרייט! — האָט שטיל, ווי פאר זיך, איבערגעחזרט אסתר — אָלרייט! . . . — און אירע אויגן האָבן ערגעץ-וואו עטוואָס געזוכט.

— רייט, שמייט! — האָט שרה געלאכט דערגיסנדיק די פיש — וואָס איז דער אונטערשייד? דאָס וויכטיקסטע איז צו עפּעס א גוטער ארבעט זיך צו דערשלאָגן און זען וואָס גיכער דעם פעטער מיט דער מומען אריבערצונעמען אהער.

ביידע ברידער האָבן א זיפץ געגעבן און עטוואָס אראָפּגעלאָזט די קעפּ. אסתר איז געווען פארטאָן אין אירע געדאנקען.

פארנאכט האָבן זיך די ברידער פארפּוצט אין די שבתדיקע קליידער און זיינען אוועק מיטן קאַזין אין שול. נאָכן דאַוונען האָט זיך כמעט דאָס גאנצע שולכל צוזאמענגעקליבן ארום די גרינע,

אלע האָבן זיי אָפּגעגעבן אַ ברייטן שלום־עליכם, אויסגעפרעגט קלייניקייטן פון דער רייזע, דעם גרענעץ גנבענען, מכח דעם פינ־סטערן רוסלאַנד, געבענטשט „ניקאָלייקן", און שטיל געזיפצט פאַר זיך, פונקט ווי ס׳וואָלט זיי אַלעמען נאָך עפּעס באַנג געטאָן, פונקט ווי זיי וואָלטן אַלע נאָך דער ווייטער, שלעכטער היים געבייינקט.

עס האָבן זיך אויך געפונען עטלאַכע לאַנדסלייט, וואָס גע־דיינקען נאָך דעם פעטער מיט דער מומען, און יעדערער אַרום האָט זיי געזאָגט אַ גוט וואָרט, באַרואיקט, געלויבט אַמעריקע, און אַלע האָבן איין קול גערעדט וועגן אויסגרינען זיך און וועגן דעם „אָלרייט", וואָס וועט ערשט נאָכדעם קומען.

נאָכן עסן, ווי עס איז אָפּגערעדט געווען, איז דער קאָזין אַרויפגעקומען מיט דער ווייב און האָט מיטגעבראַכט מיט זיך זיינעם אַ שכן, אַ פּעדלער, מיסטער סאַדיגאָרסקי, וועלכער האָט נאָכן קאָזינס מיינונג, געקענט געבן די גרינע אַ גוטע עצה.

מיסטער סאַדיגאָרסקי איז געווען אַ פעט, נידעריק אידל, מיט זיך איילנדיקע באַוועגונגען, אַ קלאָר, קיילאָכדיק פּנים און קליינע שוואַרצע, פריילאַכע אויגעלאַך. ער איז אין אַמעריקע שוין געווען אַ יאָר צוואַנציק, האָט איבערגעהאַט פּרנסות מער ווי האָר אויף זיין קאָפּ און נאָך אַלץ געהאָפט ווען־עס־איז „אויפן שאָטן אָנצוטרעטן" און רייך ווערן.

קלאַראַ איז גיך אַוועק מיט די פרויען, זיי צו ציינגן גרענד סטריט און די מענער האָבן אַרויפגענומען אַ „פּיטשער" ביר און גענומען שמועסן מכח אַ תכלית. אַ שעה צוויי האָט געדויערט דאָס באַראָטן זיך, און ענדלאַך איז באַשלאָסן געוואָרן, מען זאָל דערווייל קיינע ביזנעס מיט די הונדער און פופציק דאָלער ניט מאַכן, און ביז ביידע ברידער וועלן זיך אויסגרינען, זאָלן זיי דער־ווייל גיין אַרבעטן אין אַ גרויסן דזשאָנק שאָפּ, וואו דער קאָזין האָט שוין איבערגערעדט מיטן פאָרמאָן וועגן זיי.

„מילא, זאָל זיין בא אַלטע אייזן די ערשטע צייט . . . אַבי אַרבעטן, עפּעס פאַרדינען" — האָבן ביידע ברידער מיט אַ לייכטן

ווייטאַק געטראַכט און יעדער פון זיי האָט פאַר זיך אַ שטילן זיפץ געטאָן.

— נאָר ניט געזאָרגט, קינדער! — האָט מיסטער סאַדינגאָרסקי זיי בארואיקט — היינט אַרבעט איר בײַ אייזן און מאָרגן בײַ גאָלד, היינט באַגראָבט איר אַנדערע, און מאָרגן זיינט איר שוין אַליין, מיט גאָטס הילף, מתים. אַזוי איז אונדזער אַמעריקע. נאָר ניט געזאָרגט! איר וועט נאָך, אם ירצה השם, זיין אַמאָל גרויסע גבירים, אָדער קבצנים. אָט נעמט מיך אַליין צום ביישפּיל: כ'האָב שוין אין מיין לעבן איבערגעהאַט ניט ווייניקער פּרנסות, ווי שלמה המלך ווייבער, און דאָך פאַרליר איך ניט דעם בטחון, אַז ווען עס איז וועל איך נאָך אָנטרעטן אויפן שאָטן, און . . . מאַכן אַ שטאַרב.

אַלע האָבן געלאַכט, און מיסטער סאַדינאָווסקי האָט גענומען דערציילן געשיכטעס פון זיין לעבן.

גיך זיינען די ווייבער אַהיים געקומען פון גרענד סטריט זייער צופרידענע: שרהן האָט הנאה געטאָן וואָס זי האָט שוין געזען אַ „שטיק שטאָט", און אסתר איז געווען פאַרכשופט פון די גרויסע שפּיגל־פענסטער און פון די שיינע, רייכע זאַכן, וואָס זי האָט דאָרטן געזען. און שוין ליגנדיק שפּעטער מיט עוזרן אין בעט, האָט זי אים שטאַרק אַרומגענומען, און איינגערוימט אין אויער, אַז זי וואָלט זייער געדאַרפט האָבן אַ מאַנטל מיט אַ הוט און קאָסטן קאָסט עס דאָ כמעט ווי גאָרניט — צוואַנציק דאָלער וואָלט גענוג געווען.

— גאָט איז מיט דיר, אסתר, וואָס רעדסטו? — האָט זיך עוזר דערשראָקן — ווי קענען מיר איצט אויסגעבן צוואַנציק דאָלער? דאָס הייסט דאָך אַזוי פיל ווי פערציק קערבלאַך! וואַרט אַביסל, איך וועל זיך צו עפּעס דערשלאָגן, דאַן קויף דיר אַפילו צוויי מאַנטלען מיט דריי שליאַפּעס.

זי האָט גאָרניט געענטפערט, זיך אָפּגעקערט אָן אַ זייט און געטראַכט מיט פאַרדרוס: „נשקשי, זאָל זיך איר נאָר עפּעס מאַכן... זי וועט עס אים שוין דערמאָנען. ווי אַ שלעפּערקע דאַרף זי אַרומ־

גיין. ער מיינט ער וועט זי דאָ אויך האַלטן געבונדן אַ גאַנצן טאָג אין הויז, ווי דאָרטן, בא דער מומען. זי וועט אים שוין ווייזן אַז ניט".

און זי איז נאָך לאַנג געלעגן מיט אָפענע אויגן, און אין דער פנסטערניש פאַר איר האָבן געשוועבט פאַרשיידענע העמט, מיט הויכע, קאָלירע פעדערן, זיידענע קליידער מיט לאַנגע שלעפּן, שנירלאַך פּערל און פלאַטערדיקע דימאַנטן.

אויפן צווייטן בעט איז רואיק געשלאָפן שרה. איין האַנט האָט זי געהאַלטן פאַרוואָרפן איבערן מאַנס ברוסט, און צייטנווייס עפּיס געמורמלט און געזיפצט פון שלאָף.

די ערשטע צוויי וואָכן פון זייער ארבעט אין דזשאָנק שאַפּ, אָדער ריכטיקער אין דזשאָנק־הויף, זיינען געווען די שרעקלאַכסטע אין דעם לעבן פון די צוויי ברידער. האַלב נאָך זיבן אין דער פרי האָבן זיי שוין געמוזט זיין בא דער ארבעט, וועלכע איז אמערסטן באַשטאַנען אין אויסלאָדן און אָנלאָדן וועגן מיט אַלטע, פאַרזשאַ-ווערטע שטיקער אייזן, בלעך, צעבראָכענע רעדער, א. א. וו.

דער פאַרמאַן — אַ גאַליציאַנער איד מיט אַ שפּיציק, שוואַרץ־בערדל און פאַרדרייטע פּאות, האָט אַ גאַנצן טאָג ארויסגעקוקט דורכן פענסטער פון זיין קליין הילצערן אָפיסל, וואָס איז געשטאַנען באַם אריינגאַנג פון הויף, און מיט זיין שווערן, טרייבנדן בליק ניט ערלויבט קיין ארבייטער איבערכאַפּן דעם אָטעם. ווען אי-מיצער האָט זיך דאָך אַ ביסל אָפּגעשטעלט, פלעגט ער ארויסלויפן מיט קללות פון זיין שטיבל און שוין אַ גאַנצן טאָג ניט אָפּטרעטן פונם פאַרזינדיקטן, אים פאַרפאָלגנדיק מיט זיין בליק.

ווען שלום איז דעם ערשטן פאַרנאַכט אריבערגעלאָפן אין אַ שול, איבערן וועג, אָפּדאַוונען מנחה, האָט אים דער פאָרמאַן אויפן צווייטן טאָג אריינגערופן אין אָפיס און מיטן הארבן וואָרט אָנ־געזאָגט, אַז עס זאָלן זיך מער ניט טרעפן אַזעלכע געשיכטעס, אַז דאַוונען קען מען שבת און אַ גאַנצע וואָך דאַרף מען ארבעטן, אויב מען וויל קריגן „פּעי".

שלום איז געשטאַנען פאַרן פאָרמאַן ווי אַ דערשלאָגענער. ער האָט זיינע אייגענע אויערן ניט געגלויבט, ניט געקענט באַגרייפן,

ווי קען עס אַן ערלאַכער איד מיט אַ באָרד און פּאות ניט ערלויבן אַ צווייטן אידן אויף גיך אָפּצודאַווענען מנחה, צוליב עטלאַכע שטי־קער אייזן, מער אָדער ווייניקער, וואָס ער קען אַראָפּנעמען אָדער אַרויפליייגן אין דער צייט אויף אַ וואָגן ?

עוזר האָט זיך ביטער צולאַכט, ווען דער ברודער האָט אים דערציילט וועגן דעם געשפּרעך מיטן פּאָרמאַן.

— אַזוי זיינען כמעט אַלע אייערע חסידים.

צו זעקס דאָלער אַ וואָך האָבן ביידע ברידער אָנגעהויבן קריגן און דער פּאָרמאַן האָט זיי צוגעזאָגט צו רעיזן, אויב זיי וועלן זיך ניט פוילן, און אַרבעטן ווי מענטשן.

— ער זאָגט נאָר „אַרבעטן ווי מענטשן“ — האָט עוזר צום ברודער שפּעטער געזאָגט — אָבער מיינען מיינט ער, „אַרבעטן ווי פערד“, און אפשר נאָך שווערער, ווייל פערד קאָסטן געלט, און ווען זיי פּגרן דאַרף מען קויפן נייע, אָבער מענטשן קען מען קריגן וויפיל דו ווילסט. זיי קומען אַליין צולויפן און בעטן זיך נאָך מען זאָל זיי איינשפּאַנען.

אַהיים פון דער אַרבעט פלעגן די ברידער קומען מיט שוואַרצע, פאַרוויסטע פּנימער, האַלב טויט פון מידקייט, קוים אָפּעסן וועטשערע און כמעט ווי באַוואוסטלאָזע אַוועקפאַלן אויף די בעטן.

אסתר האָט אומצופרידן געשוויגן, שרה האָט שטילערהייט גע־ווישט די אויגן.

— ס׳איז אָלרייט, ס׳וועט גאָרניט זיין, זיי וועלן זיך צו־טרייען ! מיט מיין סעמען איז פון אָנפאַנג פּונקט דאָס זעלבע געווען!

— אַזוי האָט קלאַרא אַלע מאָל באַרואיקט די זיפצנדיקע שרה.

אויף דער זיבעטער וואָך איז עוזר קראַנק געוואָרן, אָדער ריכטיקער געזאָגט, פשוט, געפאַלן אונטער דער לאַסט פון דער שווערער אַרבעט. צוויי וואָכן איז ער אָפּגעלעגן אין בעט, און חוץ דעם וואָס ער האָט גאָרניט פאַרדינט, האָט ער נאָך געמוזט אַרויסנעמען פון דער באַנק פופצן דאָלער אויפן דאָקטאָר און מעדיצינען.

שלום פלעגט אַליין גיין אַלע פרימאָרגן צו דער אַרבעט. ער

האָט קיינעם קיינמאָל קיין וואָרט ניט געזאָגט, ווי אים איז שווער, ווי טיף ער ליידעט. נאָר שבת באַם דאַווגען האָט ער פאַר גאָט אויסגעגאָסן זיין ביטער האַרץ און טרערן פלעגן ניט זעלטן אָנ-פילן זיינע אויגן.

ווען עוזר איז געזונט געוואָרן, האָט ער איין מאָל פאַר אַלע מאָל באַשלאָסן, אַז ווי עס זאָל ניט זיין, מער צו אייזן גייט ער ניט אַרבעטן, און געראַטן דעם ברודער צו טאָן דאָס זעלבע.

שלום האָט טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. ווי קען ער דאָס טאָן? פאַרלאָזן אַ שלעכטן דזשאָב, ווען עס איז נאָך קיין בעסערער ניטאָ? אָ, ניין, ער טאָר עס ניט טאָן: מן-הסתם, איז אים באַשערט אַזוי. גאָט ווייסט וואָס ער טוט.

— נאַר, נאַר איינער וואָס דו ביסט! — האָט עוזר זיך גע-היצט — וואָס לייגסטו אַלץ אַרויף אויף גאָט? וואָס מיינסטו, ער האָט שוין אין הימל טאַקע מער גאָרניט וואָס צו טאָן, ווי זיך צו באַשעפטיקן מיט דיינע דזשאָבס? אַז דו ווילסט ליגן אין דער ערד, אַרבעטן שווער פאַר אַכט דאָלער אַ וואָך, איז באַ אים אויך גוט. אָבער אַנו פּרוואו און געפין עפּעס אַ גוט פּלאַץ, וועסטו זען צו ער וועט האָבן עפּעס דאַגעגן!

שלום פלעגט זיך פון אַזעלכע רייד פאַרשטעלן די אויערן, און עוזר האָט ווייטער געשריען:

— צו מיינסטו, אַז גאָט וועט דיר קומען און זאָגן: כשרער שלום, גיי, זיי מוחל, צו צו אָט יענעם גראָב-בייכיקן באָס, נאַ דיר אַ צעטל, גיב עס אים און דו וועסט קריגן אַ גוטן דזשאָב? אָ, האָסטו אַ טעות, ברודער, די חומש-צייטן זיינען שוין אַריבער! אידן מיט פּאות און כשרע בערד רייסן היינט די הויט, נאָך ערגער ווי גוים, און קימערן זיך זייער ווייניק וואָס דער אויבערשטער וועט וועגן זיי טראַכטן. קענסטו דיר זעלבסט העלפן, איז גוט, — וועסטו לעבן ווי אַ מענטש, אויב ניט — וועסטו פון הונגער שטאַרבן און קיין האָן וועט אפילו קיין קריי ניט טאָן . . . גענוג דאָ מענטשן אָן אונז אויך פאַראַנען.

אסתר האָט ליב געהאַט ווען עוזר פלעגט זיך צעהיצן און צע־

שרייען; שרה, דאַגעגן, האָט זיך געשראָקן און פּרובירט באַרואיקן דעם שוואָגער.

אין אַ וואָך אַרום, נאָכדעם ווי עוזר איז געזונט געוואָרן, האָט ער אַרויסגענומען זעכציק דאָלער פון באַנק, איז אַוועק מיט מיסטער סאַדינגאָרסקי אין אַ שניט־קראָם, איינגעקויפט, וואָס מען האָט אים דאָרטן געהייסן, און זיך אַ לאָז געטאָן מיטן פּעקל אויף די פּלייצעס און מיטן „יאַרד־שטיק" אין האַנט, איבער דער גרויסער שטאָט. ער איז געגאַנגען פון הויז צו הויז, פון טיר צו טיר, ניט צוגעהערט זיך, ניט געענטפערט אויף די פילע באַליידיגונגען, וואָס איניקע בייזע ווייבער פלעגן אים נאָכשרייען פאַר זיין קלינגען בײַ זייערע טירן, און דאָך איז אים ניט געגאַנגען, קיין לעבן דערפון איז ער ניט אימשטאַנד געווען צו מאַכן. אפשר איז עס געווען דערפאַר, וואָס ער האָט ניט געקענט נודיען, בעטן, אונטערחנפענען די ווייבער ווי אַנדערע האָבן עס געטאָן.

ער האָט זייער ווייניק געלייזט, אָבער איינגעעקשנט פאַרטגע־זעצט דעם קאַמף. און ווען עס פלעגט אים אַמאָל שוין צו מיאוס ווערן די גאַנצע געשיכטע, איז פאַר אים געגוג געווען זיך צו דער־מאָנען וועגן דזשאָנק־שאַפּ און ער האָט שוין ווידער געשפּאַנט אויף די שטיגן, ניט זיכער געקלאַפּט אין די טירן.

איינמאָל, אין אַ שיינעם זומער־טאָג, האָט ער זיך פאַרעדט מיט אַ אידענע, זי צורייידנדיק צו קויפן בײַ אים אַ שטיקל וואָלענס אויף אַ קליידל, האָט אָפּגעטראָטן אויף אַ מינוט פונם פּעקל סחורה און מען האָט עס גלייך צוגענבט. אַ פאַרשטיינערטער איז ער געשטאַנען מיטן אַבערגעבליבענעם רעשטל וואָלענס אין האַנט, זיך איינגעקוקט אין פּלאַץ וואו דאָס פּעקל איז נאָר וואָס געלעגן און בשום אופן ניט געקאָנט באַגרייפן דעם שרעק פון דער פּאַסירונג. ווי אַ משוגענער איז ער דערנאָך אַרומגעלאָפן אַ גאַנצן טאָג איבער דער גאַס, וואו דער אומגליק האָט פּאַסירט, איטליכן דערציילט פון זיין לאַגע, געבעטן הילף, געווישט די טרערן, צוויי מאָל געווען אין פּאָליציי־הויז, און פאַרנאַכט אַהיים געקומען אַ צעבראָכענער, אַ האַלב־טויטער פון ווייי און מידקייט.

שלום האָט קיין וואָרט ניט געזאָגט אויסהערנדיק די געשיכ־טע, האָט נאָר אויפגעהויבן די אויגן צום הימל, פּונקט ווי ער וואָלט געוואָלט פרעגן :

— גאָט, פאַרוואָס שטראָפסטו אונז אַזוי ?

אסתר האָט געיאָמערט, געשאָלטן די גאַנצע וועלט, שרה האָט אַלץ אַלעמען געזוכט צו באַרואיקן און אומבאַמערקט אַליין גע־ווישט די טרערן. עוזר איז געלעגן אין בעט, פאַרגראָבן דעם קאָפּ אין קישן און זיך פון אָרט ניט גערירט.

צוויי טעג איז ער פון הויז ניט אַרויס, געשפּאַנט פון ווינקל צו ווינקל, און עפּעס געטראַכט. אויפן דריטן טאָג איז ער אויפגעשטאַ־נען גאַנץ פרי, געקויפט אַ מאָרגן צייטונג און איז אַוועק זוכן אַ דזשאָב. פאַרנאַכט איז ער צוריקגעקומען אַ פריילאַכער, כמעט אַ גליקלאַכער: ערגעץ־וואו אין די ענדע בראָנקס האָט ער געפונען אַרבעט אין אַ פאַרבן־פאַבריק פאַר צוועלף דאָלער אַ וואָך. אמת, די איבעריקע אַרבעטער האָבן אים שטילערהייט געוואָרנט, אַז זיין פּלאַץ באַם קעסל וואו די פאַרב זידט, איז געפעלאַך פאַרן האַרצן און קיינער שטייט דאָרטן ניט לאַנג, אָבער ער איז זיכער געווען, אַז עס וועט אים גאָרניט זיין. ער איז געזונט, און דער שוואַרצער יאָר וועט אים ניט נעמען. אייזן טראָגן איז פיל ערגער.

אין זעקס וואָכן אַרום האָט עוזר אָנגעהייבן צו פילן זייער ניט גוט. אין האַלדז האָט גענומען טריקענען און שאַרף רייסן, און דאָס האַרץ פלעגט באַ דער אַרבעט אַלע מאָל פאַרגיין. ער איז אַוועק צו אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט אים גלייך געהייסן פאַרלאָזן דאָס פּלאַץ, אויב דאָס לעבן איז אים ליב.

ער איז ווידער געוואָרן אַ ליידיק־גייער, אַ דזשאָב־זוכער. יעדן פרימאָרגן, ווען אין דרויסן איז נאָך גאַנץ טונקל געווען, האָט ער שוין געשפּאַנט איבער די דרעמלענדיקע גאַסן מיט אַ צייטונג אין האַנט, געטראַכט וואוהין צו גיין דאָס ערשטע און צו וועט ער אויך היינט זיין אַזוי שלימזלדיק ווי נעכטן. עטלאַכע מאָל האָט ער נעקרינן פאַרשיידענע אַרבעט, אָבער בלויז אויף אַ קורצער צייט. דריי וואָכן האָט ער געאַרבעט אַלס אָנטרייבער באַ פערד;

צוויי וואָכן אַרויסגעהאָלפן פאַרבן און סמאַלען דעכער; אַ פּאָר וואָכן געוואַשן שויבן; אַ וואָך געאַרבעט בּאַ אַ סטאָליאַר, געט-ראָגן שטיינער באַם אויפשטעלן אַ נייע הויז, און אַזוי ווייטער. אָבער אַרבעט פון וועלכער מען זאָל קענען אַ מער אָדער ווייניקער זיכערן לעבן מאַכן האָט ער ניט געקענט קריגן און בּיסלאַכווייס אויך פאַרלאָרן דעם גלויבן אַזאַ פּלאַץ נאָך ווען עס איז צו געפינען.

ער איז געוואָרן נערוועז, זיינע באַקן זיינען איינגעפאַלן און דאָס בייזע, הונגעריקע פייערל אין זיינע אויגן האָט זיך אַלץ שאַר־פער צעברענט און איז אַלץ שטעכיקער געוואָרן. ער האָט ניט גע-קענט מער רואיק ריידן מיט מענטשן, איז געוואָרן פאַרדעכטיקט, חוצפּהדיק.

איינמאָל האָט ער זיך צוקריקט מיט אַן אויפזעער פון אַ ליאַלקע פאַבריק, וואו ער האָט עטלאַכע טעג געאַרבעט. יענער האָט גע־וואָלט אָפּרייסן אַ פּאָר סענט פון זיינעם אַזוי אויך קלאָגעדיקן פאַרדינסט. עוזר האָט ניט געלאָזט. דער אויפזעער האָט אים באַ־ליידיקט. אַ צעווילדעטער האָט ער אים דערלאַנגט אַ שטאַרקן קלאַפּ מיטן פוס אין בויך אַריין. דער אויפזעער איז געפאַלן אַ האַלב טויטער צו דער ערד און עטלאַכע אַרבעטער האָבן זיך אַ וואָרף גע-טאָן אויף עוזרן, וועלנדיק אים בינדען, ביז די פּאָליציי וועט אָנ-קומען. ער האָט געכאַפּט אַ ביינקל, עס אויף שטיקער צעבראָכן אויף די אַרומיקע קעפּ, זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג און איז אַוועק אַ צעקלאַפּטער, מיט אַן אונטערגעשלאָגענעם אויג, איבערלאָזנדיק הינטער זיך עטלאַכע פאַרוואונדעטע.

8.

עס זיינען אַריבער נאָך צוויי יאָר. עוזר האָט די גאַנצע צייט געקעמפּט מיט זיין ביטערן „אַמעריקאַנער שיקזאַל“, זיך באַגעגנט מיט הונדערטע פאַרשיידענע, מער שלעכטע ווי גוטע, מענטשן און בּיסלאַכווייס פאַרלאָרן דעם גלויבן ניט נאָר אין מענטשנס יושר, נאָר אויך אין גאָטס. ער האָט אין דער צייט איבערגעהאַט פיל

פאַרשיידענע מלאכות, און האָט זיי שוין באַלד, ווי דער פּעדלער סאַדיגאָרסקי, געקענט אין צאָל פאַרגלייכן מיט שלמה המלכס ווייבער.

אָבער די לעצטע צייט איז אין אים פאָרגעקומען אַ שטאַרקע ענ־דערונג. צוערשט פלעגט ער, ווי טויזענדע אַנדערע, קעמפן מיט דער זאַך אָדער פּערזאָן וואָס האָט אים געשטערט, אויף דעם אויס־גיסן זיין פאַרביטערט האַרץ, אָפט לאָזנדיק אין גאַנג זיינע צוויי שטאַרקע פויסטן און די קונסט פון שלאָגן זיך, וועלכע ער האָט שוין גוט באַזעסן. אָבער ביסלאַכווייז האָט ער אָנגעהייבן אַלץ טיפער זיך אריינטראַכטן אין גאַנג פון לעבן, און עטוואָס נייעס האָט זיך פאַר אים גענומען אַנטפּלעקן. ס'איז אים ניט איינמאָל אויסגעקומען אויסצוהערן פילע פּונקט אַזעלכע פאַרביטערטע הער־צער ווי זיינס, און ער האָט אָנגעהייבן צו באַגרייפן, אַז אַלע אַרום אים זיינען אומגליקלאַך, אַז אַלעם טרינקט זיך אין טרערן און אין בלוט, אַז דאָס לעבן אַליין ליגט, האַלב צעדריקט אונטער אימיצנס אייזערנעם פוס.

פאַרוואָס איז עס אַזוי? — פלעגט ער טראַכטן — ווער איז דער שולדיקער אין דעם? גאָט? ניין ער איז צו ווייט און מישט זיך ניט אין ערדישע זאַכן. אָבער ווער איז פאַרט דער שולדיקער?

עוזר האָט קיינמאָל קיין היסטאָריע ניט געלערנט, פון קיין סאָציאָלאָגיע ניט געוואוסט און וועגן סאָציאַליזם געהאַט אַ היי־מישן באַגריף. די גאַנצע צייט אין אַמעריקע איז אים געווען אַזוי שלעכט, אַז ער האָט אין קיין קולטורעלע אָרגאַניזאַציאָן ניט געקענט אריינטרעטן. ער האָט באַלאַנגט צו אַ לאַנדסמאַן פאַראיין, אָבער יענער האָט וויניק וואָס געזאָרגט פאַר זיין לעבעדיקן קערפּער און נאָך וויניקער פאַר זיין נשמה. דערפאַר האָט ער אים באַזאָרגט מיט תכריכים און אַ פּלאַץ אויפן בית-עולם. די נאָך נאָר שוואַכע יוניאָן באַוועגונג האָט דאַן דעם „פּאַרזשאַווערטן־אייזן טרייד" נאָך ניט באַרירט אפילו, און עוזר האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין געלעגנהייט מיט אַזאַ פּערזאָן זיך צו באַגעגענען, וואָס וואָלט גע־קאָנט קאָנצענטרירן זיינע צעוואָרפענע געדאַנקען, אים ווייזן אַ

וועג צום קאמף, אנצינדן פאר אים א שטראל פון אויסלייזונג, כאטש אין דער צוקונפט.

ער איז אבער געוועזן אליין, און מיט זיינע אייגענע געדאנקען און באאבאכטונגען, אויך מיט דער הילף פון לעזן אמאל א ראדיקאלע צייטונג, איז ער געקומען צום שלום, אז אין אלע צרות און אונגערעכטיקייטן איז שולדיק דער וועג ווי אזוי די געזעלשאפט איז געבויט, די פירונגען וועלכע גיבן א קליין קופקעלע מענטשן-מיליאנערן אלץ, און דער גאנצער מענטשהייט גארניט. אלע ארבעטן ניט פאר זיך, אדער גאר ווייניק פאר זיך, נאר אמערסטן פארן טייוול! די ארבעטנדיקע גיט מען א מיגלאכקייט צו עקזיסטירן, בלויז אנצושטאפן מיט ניט קיין נארהאפטע שפייזן דעם מאגן, אבער אמתן פארגעניגן פון לעבן האבן אנדערע, יענע, וואס ארבעטן קיינמאל ניט!

עוזר האט זיך געפילט הילפלאז צו קעמפען געגן דעם, אבער וואס ווייטער, האט ער אלץ ווייניקער אנגעהויבן צו טראכטן וועגן א תכלית, און אויפגעהערט צו טרוימען וועגן א שטענדיקן פלאץ פאר פופצן אדער אפילו צוואנציק דאלער א וואך. די ארבעט האט פארלארן פאר אים דעם אינהאלט, זיין עקזיסטענץ — דעם צוועק. און אויב ער פלעגט פארט גיין זוכן ארבעט, קעמפן פאר איר, איז עס בלויז געוועזן, ווייל ער האט ניט געוואלט ליגן מיט אסתרן באם שוואכן, ארימען ברודער אויף די פלייצעס.

און שלום איז זיך דערווייל שטיל געגאנגען זיין שווערן וועג, טיף גלויבנדיק אין הייליקן ווילן פון דעם, וואס לעבט אייביק. ער האט פאר קיינעם גארניט דערציילט, קיין מאל ניט געקרעכצט מען זאל הערן, נאר זיינע אויגן זיינען אלץ טיפער געווארן, טרויעריקער, דאס פנים איידעלער, בלאסער און שווארצער די בארד. ער האט אויך אפט גענומען צוהוסטן.

און בא דער שטילער איבערגעבענער שרהן האט זיך דאס הארץ פון ווייטיק צוגאנגען, צוקוקנדיק זיך צום מאנס געזיכט, הערנדיק זיין הוסט און ניט איינמאל האט זי אים אין דער שטיל געבעטן:

— שלום, זע כ׳בעט דיך, וואָס פון דיר איז געוואָרן! ביסט דאָך אוים מענטש! האָב רחמנות אויף זיך און אויף מיר און גיי ניט מער ארבעטן צום אייזן, צו דיין וויסטן פּארמאַן, וואָס יאָגט פון דיר די נשמה ארוים!

— דו רעדסט ווי אַ קינד, שרהלע — פלעגט ער איר מיט אַ שוואַכן שמייכל ענטפערן, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ — ווי קען איך אזא זאַך טאָן? פארגעס ניט אז דו דארפסט שוין גאָר אין גיכן אַ מוטער ווערן. אַלע באָסעס און פּאַרלייטע זיינען גלייך: אין יאָגעניש נאָכן דאָלער האָבן זיי אָן גאָט פארגעסן... און אחוץ אַלעמען זע איך דאָך אויף וואָס פאר אַ גליקן עוזר האָט אויס־געביטן. זאָל שוין זיין אזוי. עס איז מיר ניט זייער גרינג געווען דאָס ארויפארבעטן זיך אויף צוועלף דאָלער אַ וואָך

און שרה פלעגט טרויעריק אראָפּלאָזן דעם קאָפּ.

און אסתר?... אסתר האָט פון איינציקע פּענים, פון גע־גנבטע און אזוי אָפּגעשפּאָרטע פינף און צען סענטיקע צוזאמענגע־קליבן אַ פּאָר דאָלער און נאָך צו די ערשטע פיר חדשים פון זייער ניו יאָרקער לעבן, געקויפט זיך אַ סטיילישן מאַנטל און אַ העט מיט אַ הויכן גרינעם פעדער. און יעדעס מאָל ווען איר איז שוין צו לאַנגווייליק געוואָרן אין הויז צו זיצן, פלעגט זי אַליין גיין שפּאַצירן אויף גרענד סטריט און לאַנג שטיין אַ פארכשופטע פאר די פענסטער פון די דאַמען־קליידער, אָדער צירונג געשעפטן, און אירע אויגן האָבן געפינקלט מיט אַ זשעדנע און בייז פייערל. זי האָט אויך ליב געהאַט צו זיצן בא די שכנות, אויסהערן יעדנס אינטימע געשיכטעס, אָדער ארומשפּאַצירן מיט זיי פון איין גע־שעפט אין צווייטן, זוכנדיק מציאות. אויפשטיין פלעגט זי שפּעט, אָפּעסן פרישטיק, זיך דרייען פארן שפּיגל, נאָכער זיך אוועקזעצן לעזן אַ ראָמאַן אָדער פארפּוצן זיך און גיין „נעמען אַ וואָק״. פון הויז־ארבעט האָט זי זיך ניט ווייסנדיק געמאַכט און שרה, ניט־וועלנדיק ארייננברייננגען קריגעריי אין הויז, פלעגט אַלץ אַליין טאָן און איר קיינמאָל פון דעם אפילו ניט דערמאָנען.

צום מאָן האָט זיך אסתר צייטנווייס באַצויגן אינגאַנצן גלייכ־

גילטיק און צייטנווייס שפּאַטיש, ווי צו אַ מענטשן, וועלכער האָט זיך אונטערגענומען עפּעס אויפצוטאָן און איז צו שוואַך עס דורכצופירן. זי האָט אים שוין ניט געשיינקט מער אירע ליידנשאַפט־לאַכע, פאַרפירערישע זייטיקע בליקן, ווי אַמאָל אין דער היים, און פלעגט זיך אָפּרוקן ווען ער האָט זי געוואָלט אַ קוש טאָן. נאָר אָפטמאָל באַנאַכט, אַן אויפגערעגטע פון אירע ניט־ערפילטע ליידנשאַפטן און פונם מאַנס נאָענטקייט, פלעגט זי זיך איינקלאַמערן אין זיין קערפּער, און ציטערנדיק, מיט אויגן פול מיט טרערן, אים פרעגן:

— נו, זאָג עוזר, וואָס וועט פאָרט זיין דער סוף! ווי לאַנג וועלן מיר זיך נאָך מוטשען אַזוי?

די ערשטע צייט פלעגט ער שולדיק אָפּקערן דעם קאָפּ און איר קיין וואָרט ניט ענטפערן, אָבער דאָס לעצטע מאָל ווען זי האָט אים די פראַגע געשטעלט, האָט ער איר גלייך אין די אויגן אַ קוק געטאָן און שוין פעסט, כמעט ווי זיכער, געענטפערט:

— ס'אַלל־רייט, אסתר, זאָרג ניט, כ'האָב שוין די גאַנצע וועלט איצט אין דער ערד! . . . ס'אַלל־רייט . . . מיר וועלן זיך שוין ניט פּלאָגן אַזוי פיל ווי ביז איצט! זאָרג ניט, וועסט נאָך גיין בײַ מיר פאַרפּוצט, ווי די לײַדיס פון דער פינפטער עוועניו . . .

— און זיינע אויגן האָבן דערביי בייז אין דער האַלב־פינסטערניש געפינקלט.

דאָס באַנק־ביכל איז געווען אויף עוזרס נאָמען, און נויטנדיק זיך שטענדיק אין אַ פּאָר סענט, האָט ער ביסלאַכווייס אַ־ייסגענומען כמעט דאָס גאַנצע געלט. צוערשט פלעגט ער דערפון נאָך זאָגן שלומן, אָנגעבנדיק אַליין די אורזאַכע צו וואָס ער דאַרף דאָס געלט, אָבער נאָכער, האָט ער אפילו אויפגעהערט דעם ברודער וועגן דעם צו זאָגן, און צו שרהס קימפּעט איז אויפן ביכל געווען ניט מער ווי זיבעצן דאָלער.

שרה האָט געבוירן אַ אינגל. זי איז אָפּגעלעגן צוויי וואָכן אין האָספּיטאַל, און ווען זי איז אַהיים געקומען, האָט שלום באַשלאָסן אַרויסצונעמען פון באַנק עטלאַכע דאָלער און פּראַוון אַ פיינעם

ברית. ער האָט גענומען פונם שופלאָד דאָס באַנק-ביכל און געבליבן שטיין אַ פּאַרגליווערטער, דערזעענדיק ווי ווייניק געלט ס'איז נאָך אויף דעם פאַרבליבן.

עוזר איז דאָן געזעסן אין צווייטן עק שטוב און אַן אָנגע־שטריינגטער געוואַרט וואָס ווייטער וועט זיין.

שלום איז געשטאַנען אַ ווײַלע באַוועגלאָז, נאָכער אַ טיפן זיפץ געטאָן, איבערגעגאַנגען מיט דער האַנט איבערן פּנים און שטיל, ווי אימער, געזאָגט, זיך ווענדענדיק צום ברודער:

— עוזר, אויב דו ווילסט, זיי זיך מטריח, גיי צו מאָרגן פרי אין באַנק און נעם אַרויס צען דאָלער.

עוזר האָט זיך אַ צוויי מינוט פון אָרט ניט גערירט, דערנאָך פּײַנלאַך אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, ווי עס וואָלט אים אין האַלדז געשטיקט, זיך שנעל אויפגעהייבן, צוגעגאַנגען צום ברודער, און מיט אַ גערירטער שטימע געזאָגט:

— האָב ניט קיין צרות, שלום, איך שווער דיר בײַ אַלץ וואָס הייליק איז, אַז מיט דער צייט וועל איך דיר יעדן סענט אָפּ־געבן! . . . לאָמיך נאָר מיין ריכטיקן פּלאַץ געפינען

שלום האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ און גאָרניט געענטפערט — —

דער ברית איז געווען אַ פריילאַכער און וואָלט געקאָנט זיין נאָך פריילאַכער, ווען ניט שלומס שטאַרקער הוסט, וואָס איז וואַר־שיינלאַך אַרויסגערופן געוואָרן פונם גלעזל וויין, וואָס ער האָט אויסגעטרונקען. עס האָבן זיך צעזאַמענגעקליבן עטלאַכע לאַנדסלייט דער קאָזין מיט דער פאַמיליע, מיסטער סאַדיגאָרסקי, וועלכער האָט געזאָלט זיין סנדק, און אַ פּאָר שכנים מיט די ווייבער. מען האָט געכאַפּט צו עטלאַכע ביסלאַך שנאַפּס און ס'האָט זיך גענומען טומלען. די לאַנדסלייט האָבן געקלאַפּט דעם בעל שמחה איבער די פּלייצעס, האָבן אים געלויבט, און גאָר אָנגעקוואָלן, ווי ער האָט עס זיך עפּעס אין „דער אַמעריקע“ אַרויפגעאַרבעט

דאָס קינד האָט מען אַ נאָמען געגעבן דניאל, נאָכן קאָזינס פאָ־טער. געוואָלט האָט מען גאָר צוערשט אַ נאָמען געבן נאָך אַ זיידן,

נאָר דער קאָזין האָט געפאָדערט דעם כבוד פאַר זיין צד וועגן, ווייל ער האָט עס געהאָלפן די גרינע, מענטשן צו ווערן, און מען האָט אים נאָכגעגעבן.

שפּעט באנאכט, ווען די געסט זיינען זיך שוין צעגאנגען, און אסתר מיט שרהן זיינען שוין געשלאָפן, איז באַם טיש געזעסן שלום, א מידער, א פארטראכטער, און אנטקעגן אים, מיט א גלאָז ביר אין האנט, איז געשטאנען עוזר, אביסל א פריילאכער פון דער אויס־געטרונקענער משקה.

— הערסט, שלום, — האָט עוזר שטיל גערעדט, אלע מאָל דרייענדיק מיט דעם קאָפּ, — איך זאָג דיר, אז די גאנצע וועלט איז א גאָרניט! די גאנצע מענטשהייט איז ניט מער ווי א סטאדע, ניט מער ווי א ריזיקע סטאדע: פון איין זייט וועלף און פון דער צווייטער — שעפּסן. נארישע, פאר אלץ און אלעמען זיך שרעקנדיקע שעפּסן! די ערשטע בייסן, שינדן די הויט, טרינקען דאָס בלוט און די צווייטע מעקן, טאָפּטשן זיך אויף איין פּלאץ, דרייען מיט די עקן און שרייען, אז אזוי טאָר מען ניט, ס'איז ניט יושרדיק, אז גאָט וועט זיי, די וועלף, אויף יענער וועלט שטראָפן... כא־כא־כא.. אלץ איז גאָרניט... די וועלט איז אזוי באשאפן, אז אויב דו ווילסט ניט, אז יענער זאָל דיך שטיקן, טאָ כאָפּ אים דער ערשטער באָם האלדז און וואָרג! שטיק! דריק ביז ער וועט די צונג ארויסרוקן!

שלום האָט אָנגעקערט דעם קאָפּ און לאנגזאם א מאַך געטאָן מיט דער האנט, פּונקט ווי ער וואָלט אים געוואָלט בעטן, אויפהערן אזוי צו ריידן.

— ניין, ניין, ברודער! אזוי איז עס! — האָט עוזר הייס פאָרטגעזעצט — אָט, צום ביישפּיל, וואָרגט דיין באָס דיך, און נאָך פערציק אזעלכע אידן, ווי דו, דורכן פאָרמאנס כשרע, חסידישע הענט... ער וואקסט אויף און איר וואקסט איין. ער האָט דאָ ניט לאנג זיך געקויפט נאָך א הוז, און דו ביסט קראנק, הוסט שוין, און קענסט בשום אופן זיך ניט אויסבעטן נאָך א דאָלער א רעיז! נו, זאָג מיר, ברודער, וואו איז גאָט?... וואו איז אַהינגעקומען

זיין גערעכטיקייט ? . . . פאר וואס, אויב אלץ וואס עס קומט פאר איז מיט זיין הייליקן ווילן, מוטשעט ער אזא שטילן, פרומען מענטשן ווי דו און לאזט זיך באדן אין רייכטום די ערגסטע, יענע, וועלכע האבן איינגאנצן אן זיין נאמען פארגעסן, וואס טרעטן איבער אלע זיינע געבאטן ? נאר אום גאטס ווילן — האט ער זיך פלוצלונג א כאפ געטאן — דערצייל מיר ניט די אלטע אויסגע־דראשענע מעשה פון דעם הייליקן גן-עדן, וואס ווארט אויף די פרו־מע און געהארכזאמע ! זאלן זיי, אונדזערע בעלי בתים, האבן יענע וועלט, און ניט אוועקרויבן פון אונז דאס נויטיקסטע פאר דער וועלט !

שלום האט קיין ווארט ניט געענטפערט. ער איז געזעסן מיט די הענט צוזאמענגעבראכן צווישן די קני, ניט אראפגענומען זיין ליידנדן בליק פונם ווייסן פארהאנל איבערן פענסטער און זיך לאנגזאם געשאקלט מיטן גאנצן קערפער.

— נו, און דיין קינד ? — האט עוזר ווייטער גערעדט, אויס־טרינקנדיק דאס גלעזל ביר, און אנווייזנדיק מיט דער האנט אין דער זייט, וואו די קינפעטארין איז געלעגן — וואס וועט פון דיין קינד ווערן ? לערנען אים אויף עפעס גרויסעס ביסטו זיכער ניט אימשטאנד. ביסט קראנק, דיין הוסט ווערט וואס אמאל ערגער. ווער ווייסט ווי לאנג ועסט נאך אליין קענען ארבעטן... און די ענ־דע וועט זיין, אז ער וועט אויך מוזן באלד, ווי ער וועט אונטער־וואקסן, גיין ארבעטן, און אפשר נאך צו דיין בעל-הבית, אדער צו זיינע קינדער ! און אזוי שלעפט זיך די נארישע וועלט, אזוי . . .

— עוזר איז פלוצלונג אנטשוויגן געווארן א דערשראקענער.

שלום האט מיט אמאל אראפגעלאזן דעם קאפ אויפן טיש, פארדעקט דאס פנים מיטביידע הענט און זיך שטיל און ביטער צעוויינט.

א פאר מינוט איז שטיל געווען. דערנאך האט עוזר זיך צו־געבויגן צום ברודער, ארויפגעלייגט די האנט אויף זיין אקסל, און מיט א ציטער אין קול געזאגט :

— נו, גענוג, שלום, הער אויף. גענוג, איך בעט דיך ! כ׳וויים

ווי שווער עס איז דיר. דו לײדסט און שווײַגסט, אָבער איך קען ניט שווײַגן. מיר ווילט זיך אַלץ צוברעכן, אַלץ פאַרניכטן! גלויב מיר, היינטיקע צייטן האָט דאָס לעבן ניט די ווערט אַפילו וואָס מען לעבט . . . גאָט-דעם-איט! זאָל אַלץ גיין צו אַלדי שוואַרצע יאָר! — און ער האָט מיט אַ שמוציקן, פון רויטן ווײַן פאַרגאָסענעם, טישטוך געווישט די טרערן.

9.

דריי וואָכן זיינען אַריבער פונם ברית און עוזר איז נאָך אַלץ אַרומגעגאַנגען לײדיק, האָט אַלץ געזוכט און ניט געקענט געפינען קיין באַשעפטיגונג. אויף דער פערטער וואָך איז ער אַוועק אין דער בראָנקסער פאַרבן־פאַבריק, וואו ער האָט שוין איינמאָל גע־אַרבעט, און זיך ווידער אַמאָל אַוועקגעשטעלט לעבן זידנדן קעסל מיט פאַרב. צוויי וואָכן האָט ער געאַרבעט, און נאָך אַמאָל געמוזט פאַרלאָזן דעם פּלאַץ, דערפילנדיק דאָס אַלטע האַרץ פאַרגייעניש און רייסן אין האַלדז.

עס איז אַריבער נאָך אַ חודש. אויפן באַנק-ביכל איז גע־שטאַנען איין דאָלער, וועלכן דער קלוירק פון באַנק האָט עוזרן גע־ראָטן איבערצולאָזן אויף „סימאָנצי“.

איינמאָל, אין מיטן העלן טאָג, איז עוזר אַהיים געקומען מיט אַ פריילעכער בשורה, אַז ער האָט געקראָגן אַ „דזשאָב“ צו אַר־בעטן באַנאַכט, אין אַ שײנק, וואו ער וועט זיכער מאַכן צוואַנציק דאָלער אַ וואָך, אויב ניט מער. אין שטוב איז געוואָרן אַ שמחה: שרה האָט געדאַנקט גאָט און האָט פאַר פרייד געווישט די אויגן, אסתר האָט אַרומגעכאַפּט עוזרן, אים אַ קוש געטאָן, געגאַנגען אַ טענצל און אים באַלד אַריינגעשעפּטשעט אין אויער וועגן אַ דרעס און נייע שיך. עוזר האָט האַלב פריילאַך, האַלב טרויעריק גע־שמייכלט אוןביידע פרויען צוגעזאָגט צו קויפן שיינע פרעזענטן.

ווען שרה איז אַביסל שפּעטער אַרונטערגעגאַנגען עפּעס קויפן, האָט עוזר נאָך איר צוגעשלאָסן די טיר, פאַרזיכטיק אַרויסגעשלעפּט

פון די קעשענעס צוויי לאַנגע, קיילאכדיק פאַרוויקלטע פעקלאך, זיי איבערגעגעבן אסתרן און שטיל געזאָגט:

— נאַ, באַהאַלט אַט דאָס צווישן דיינע אייגענע זאַכן, אָבער אַזוי, אַז קיינער זאָל צו דעם ניט קענען צוקומען . . . אין צוויי וואָכן ארום דאַרף איך עס אָפּגעבן און וועל פאַרן האַלטן זיכער קריגן ניט ווייניקער פון הונדערט דאָלער

אסתר האָט אים אָנגעקוקט מיט ברייט צעעפנטע אויגן און געוואָלט עפּעס זאָגן.

— פרעג ניט קיין קשיות — האָט ער איר פעסט געזאָגט — באַהאַלט דאָס וואָס איך גיב דיר און עס וועט זיין אַלל-רייט. וועסט שוין קריגן אַ נייע דרעס מיט שיך

אסתרס אויגן האָבן אַ פינקל געטאָן. זי האָט קיין וואָרט מער ניט געזאָגט, און באַהאַלטן די צוויי קליינע שווערע פעקלאך בא זיך אין קעסטל .

און פון דאַמאָלסט אָן האָט עוזר אָנגעפאַנגען לייכט און ווייניק צו אַרבעטן און זייער גוט צו פאַרדינען. אין צוויי חדשים צייט האָט ער געקויפט זיך און דעם ברודער צו נייע אָנצוגע, דער שוועגערין אַ מאַנטל און דער ווייב אַ זיידן קלייד מיט אַ הויכער נאַפּאָלעאָן העט. פון די הונדערט דאָלער וואָס ער האָט געקראָגן פאַר באַהאַלטן די צוויי קליינע פעקלאך, האָט אסתר אויסגעבעטן צוואַנציק. זי איז גלייך אַוועק אויף גרענד סטריט און האָט מיט אַ צוויי שעה שפּעטער אַהיים געבראַכט אַ גרויסן פּאַק. זי האָט זיך געקויפט אַ פּאָר גרינע, לאַקירטע שיך, דימאַנט-קעמלאך, ווייסע הענטשקעס מיט שוואַרצע פּאַסיקלאך פון אויבן, עטלאַכע קאָלירטע פּאָר זיידענע זאָקן און פיל אַנדערע קלייניקייטן פון דאַמען טואַלעט.

אין די צוויי צימערלאך אויפן פערטן שטאָק איז עפּעס ווי וואַרימער געוואָרן. אַ גאַנצן טאָג האָט מען געקאָכט, געפּרעגלט, און ווען שלום האָט זיך אין אַ טאָג שטאַרק צעהוסט און האָט אויסגעשפּיגן אַ שטיקל לייבעץ מיט בלוט, האָט אים דער ברודער אַ גאַנצע וואָך ניט געלאָזט גיין אַרבעטן, און שרה האָט אים גענומען פּילעווען מיט אייער, מילך און יוכלאך .

עוזר האָט זיך אויסגעפוצט אין אַ ענג־געפּאַסטן אָנצוג, אין געלע שיך און אַ העלן שניפּס. ער האָט אַראָפּגענומען דאָס בערדל מיט די וואָנצעס און זיין פּנים האָט זיך דערביי אַזוי געענדערט, אַז דאָס ווייב מיט דער שוועגערן האָבן אים די ערשטע מינוט ניט דערקענט. אסתר האָט גאָר אָנגעקוואָלן פון עוזרס נייעם אויסזען, און אים אַרומגעכאַפּט קושן. שרה האָט אירע אויגן ניט געגלויבט, צי דאָס איז ער און גוטמוטיק עטלאַכע מאָל איבערגעחזרט, אַז ער זעט איצט אויס ווי אַן אמתר אַמעריקאַנער, ווי אַ געבוירענער „יענקי". בלויז שלום האָט געוואָרפן אויפן ברודער אַן אומצופרי־דענעם בליק, אָבער ,ווי שטענדיק, קיין וואָרט ניט געזאָגט.

באַטאָג פלעגט איצט עוזר אַמערסטן פאַרברייננגען אין הויז: ער האָט געלעזן אידישע און רוסישע צייטונגען, געשפּילט מיט אסתרן אין קאָרטן, אין דאָמינאָ, אָדער געגאַנגען מיט איר זען אַ „מואווינג פּיקטשער".

זיין אַרבעט האָט זיך אָנגעפאַנגען אַרום אַכט אַזייגער אין אָוונט. אַהיים קומען פלעגט ער גאַנץ פרי, אַרום פיר־פינף אַזייגער, ברייננגנדיק אָפט מיט זיך קלענערע אָדער גרעסערע פּעקלאַך. און אסתר האָט, שלאָפנדיק שוין געוואַרט אויף אים. ווי אַ קאַץ פלעגט זי שטיל און געשווינט אַראָפּ פון בעט, גלייך ווי זי האָט נאָר דער־הערט לעבן טיר זיינע פאָרזיכטיקע טריט, אים אַריינלאָזן און, ניט פרעגנדיק קיין וואָרט צונעמען און באַהאַלטן דאָס געבראַכטע. דער־נאָך האָט זי אים געהאָלפן זיך אויסטאָן און זיך ליידנשאַפטלאַך געטוליעט צו אים, ווען זיי פלעגן זיך אַריינלייגן אין בעט.

אסתרס באַציאונגען צום מאַן האָבן זיך אין דער לעצטער צייט גרינדלאַך געביטן. די אַמאָליקע ליבע, וועלכע איז שוין כמעט ווי פאַרשוואונדן פון איר הארצן, האָט פּלוצלונג אויפגעפלאַקערט מיט אַן אומגעהייערער קראַפט און צו דעם איז נאָך צוגעקומען גאָר אַ ניי געפיל, — אַ געפיל פון אַכטונג. עס איז אויסגעקומען פּונקט ווי זי וואָלט אים ערשט אַצינד ענדלאַך פאַרשטאַנען און ריכטיק אָפּגעשאַצט. זי זעלבסט האָט זיך אויך די לעצטע צייט אַביסל געביטן: אירע שטענדיק עטוואָס פוילע באַוועגונגען זיינען שנעלער,

אנגעשטריינגטער געוואָרן, איר שטימע קלינגענדיקער און די אויגן האָבן באַקומען מער גלאַנץ.

— איר הערט — האָט עוזר איינמאָל, באַלד ווי ער האָט אין סאַלון אָנגעהייבן צו אַרבעטן, געזאָגט צום ברודער און דער שוועגערן — כ'האָב אייך געוואָלט בעטן, איר זאָלט קיינעם ניט זאָגן, אַז איך אַרבעט באַנאַכט אין אַ סאַלון. צו וואָס דאַרף איך, אַז יעדערער זאָל עס וויסן? אין אַ סאַלון אַרבעטן, איז אַפילו דאָ, אין אַמעריקע אויך קיין גאָר גרויסער כבוד ניט. יעדער אויסוואורף קומט אַהין אַריין . . . טאָמער וועט ווער אייך פרעגן, וואָס איך טו, זאָגט, אַז איך אַרבעט בא הויזן . . . איר פאַרשטייט?

שרה האָט גלייך צוגעשטימט אַז אַזוי איז טאַקע בעסער; שלום האָט אָבער געענטפערט, אַז אַ מלאכה איז קיין בושה ניט, אַבי מען גנבט און מען ראַבעוועט ניט בא יענעם. אָבער עס איז דעם ברודערס זאַך, און אויב ער וויל אַזוי, זאָל זיין אַזוי.

— יאָ, — האָט עוזר איבערגעחזרט — איך רעכן, אַז אַזוי וועט זיין גלייכער.

— זיכער בעסער! — האָט זיך פונם פענסטער גלייך אָפּגע-רופן אסתר — איך האָב שוין אַלעמען לאַנג געזאָגט, אַז עוזר אַרבעט בא הויזן — און אַן איינגעהאַלטענער שמייכל האָט גע-ציטערט אין די ווינקלען פון אירע שטייפע ליפּן.

שלום האָט גאָרניט געענטפערט, אויפגעעפנט דעם סידור, וועלכן ער האָט אין האַנט געהאַלטן, און זיך געשטעלט דאַווענען מעריב.

.10

און די צייט איז געלאָפן.

דער איינציקער דאָלער, וואָס איז נאָך געבליבן אויף די ברי-דערס באַנק-ביכל האָט אָנגעהייבן שנעל צו וואַקסן, און צו די זעקס חדשים זינט עוזר האָט זיין נאַכטיקע שטעלע געקראָגן, איז שוין אויפן ביכל געלעגן דריי הונדערט דאָלער — צוויי מאָל אַזוי פיל, וויפיל עוזר האָט פון דאָרטן אַרויסגענומען. און אין איין פאַרנאַכט, ווען שלום איז פון דער אַרבעט געקומען, האָט עוזר

אים, כמעט ווי מיט גוואלד, אוועקגעפירט אין באנק, וואו ער האט ארויסגענומען דאס גאנצע געלט, און געצוואונגען שלומן עס באלד צוריק אריינטראגן אויף זיין אייגענעם נאמען.

ס'איז אריבער נאך א פאר חדשים.

איינמאל, אין א ווינטערדיקן פרימארגן, ווען אין דרויסן איז נאך כמעט ווי פינסטער געווען, איז צום אריינגאנג פון הויז, וואו די ברידער האבן געוואוינט, שטיל צוגעפארן אן אויטאמאביל. שלום איז גראד אין דער מינוט צוגעגאנגען צום פענסטער און זיך פארוואונדערט.

„צו וועלכן „נגיד" פון אונזער הויז קומט עפעס אן אטאמאביל, און נאך אזוי פרי?" ער האט זיך גענומען איינקוקן.

עטלאכע מינוטן איז דער אטאמאביל געשאנען שטיל, שווארץ, פונקט ווי קיינער וואלט אין אים ניט געווען. נאר אט האט זיך זיין טירל שנעל געעפנט, עס איז ארויס א מאן, זיך ארומגעקוקט, צוגעווארט א פאר מינוט ביז א פארבייגייער איז דורכגעגאנגען, זיך שנעל צוריק אריינגעבויגן אין אטאמאביל, און צוויי מענער זיינען גלייך פון דארטן ארויס, פירענדיק א דריטן צווישן זיך. אלע זיינען אריין אין הויז.

„עפעס א פארדעכטיקטע געשיכטע", האט שלום באשלאסן, אויסדרייענדיק אויף א רגע דעם קאפ צו דער טיר. ווען ער האט ווידער א קוק געטאן אין גאס, איז דער אטאמאביל שוין ניט געווען.

„ווי א ניט-גוטער איז ער פארשוואונדן", האט שלום א טראכט געגעבן, און זיך זעלבסט באלד אויסגעמוסרט, אז ס'איז ניט זיין זאך און זאל זיך יעדער איינער לעבן ווי ער פארשטייט. ער האט אפגעטראטן פונם פענסטער און זיך געשטעלט דאווענען.

ס'איז אריבער עטלאכע מינוטן. באם סאמע אריינגאנג פון די ברידערס וואוינונג, האבן זיך פלוצלונג דערהערט שטילע טריט. שלום האט אויפגעהערט דאווענען און זיך גענומען איינהערן. א שליסל האט זיך א דריי געטאן אין שלאס, די טיר האט זיך ברייט צעעפנט און צוויי יונגע-לייט האבן אונטער די הענט אריינגעפירט

עוזרן. איינער פון זיי האָט אים פּאַרזיכטיק אוועקגעלייגט אויפן לאַנדזש און דער צווייטער האָט שנעל פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

— ווי איז מיר, וואָס איז געשען? — איז שלום צוגעלאָפן צום ברודער.

— מאַכט ניט קיין רעש, פעטער — האָט אים אָפּגעשטעלט א יונגערמאַן, ווערנד דער צווייטער איז גלייך אריין אין שלאָף־צימער און געהייסן די פרויען, וועלכע זיינען דערשראָקענע אראָפּ פון די בעטן, פאַרמאַכן די מיילער.

— בארואיק זיך, ברודער, ס'איז א קלייניקייט — האָט עוזר שטיל געזאָגט — אין סאַלון איז פאָרגעקומען א שיסעריי צווישן „גיינגסטערס" און א קויל האָט צופעליגערווייזע מיר געטראָפן אין האַנט.

אסתר, א טויט-בלייכע, איז צוגעגאַנגען צום מאַן, און, ניט פרעגנדיק קיין וואָרט, אים געקוקט אין די אויגן.

— א קלייניקייט, אסתרל! — האָט ער א שוואַכן שמייכל געטאָן — עס וועט מיר גאָר ניט זיין!

זי האָט אים גענומען פאַרן האַנט, און עטלאַכע מאָל געוואָרפן אומבאַמערקטע בליקן, פול מיט נייגירדע און שרעק, צו די צוויי יונגע-לייט.

שרה האָט געוואַרעמט וואַסער, געקוקט צום מאַן, וועלכער איז א פאַרוואונדערט-דערשראָקענער געשטאַנען אָן א זייט, און איר גאַנצער קערפּער האָט זיך דריבנע געטרייסלט.

— נאָר שטילער, שטילער. מאַכט ניט קיין רעש, פּליז — האָבן אַלע ווײַלע דערמאָנט די צוויי געסט און עפּעס קוים הערנדיק גערעדט צווישן זיך אויף איינגליש.

— כ'פאַרשטיי ניט, — האָט זיך שלום ענדלאַך אָפּגערופן. — מילא, עס מאַכט זיך אַן אומגליק, אָבער פאַר וואָס דאַרף מען אַזוי מורא האָבן, אַזוי ציטערן, עס זאָל אימיצער ניט דערהערן?!

— איר רעדט נאַרישקייטן, פריינט — האָט איין יונגערמאַן געענטפערט — גיינגסטערס האָבן זיך אין סאַלון געשלאָגן, געשאָסן

איינער אויפן צווייטן; ער איז פארוואונדעט געווארן זייענדיק צווישן זיי. פאר די פאליציי איז דאס איבער געווען אים צו ארעסטירן.

— אבער . . . ער איז דאך ניט שולדיק . . . ס׳איז דאך לייכט צו איבערצייגן אז ער ארבעט אין סאלון — האט שלום נאך אלץ ניט פארשטאנען.

— ביז מיר וועלן זיי איבערצייגן, וועט ער דערווייל זיצן אין דזשייל . . . — האט דער צווייטער גאסט א סארקאסטישן שמייכל געטאן — ס׳איז אפט פיל געזינטער צו שווייגן א ביסל און מיט דער פאליציי זיך ניט אנצופאנגען — ער האט זיך גענומען צו עפעס צוהערן.

באלד האבן זיך דערהערט לייכטע טריט, און א שטילער קלאפ אין טיר. עס זיינען אריין נאך צוויי מענער. איינער, ווי עס איז לייכט געווען צו דערקענען, א דאקטאר, מיט א קליינעם רענצל אין האנט.

דער דאקטאר האט אויסגעטאן דאס רעקל, פארקאטשעט די ארבל פונם העמד און זיך א נעם געטאן צו דער ארבעט. ער האט גערעדט קורץ און באפעלנד. די יונגעלייט האבן אים אלץ דערלאנגט. ער האט צעשניטן אויף עוזרן דאס רעקל, דאס העמד און שלום האט מיט שרעק געזען פון שלאפצימער, וואו ער האט זיך מיט די פרויען געפונען, ווי מען האט דריי מאל געגאסן אין „סינק“ רויטע שיסלען וואסער און די פארבלוטיקטע שטיקער וואטע האט דער דאקטאר זארגפעלטיק געווארפן צו זיך אין רענצל.

א זייגער האט בא א שבן געקלונגען זיבן, ווען דער דאקטאר האט געענדיקט זיין ארבעט.

— ס׳וועט אים גארניט זיין! — האט ער א זאג געטאן צו די יונגעלייט. — דער ביין איז ניט גערירט. און די האנט וועט זיין ווי פריער. ער איז שוואך: ער האט א סך בלוט פארלארן. אין צוויי-דריי וואכן ארום וועט ער זיין אלרייט.

דער דאקטאר איז ארוים דער ערשטער, און נאך אים זיינען אייניקע אויך אוועק די געסט, נאך אמאל אלעמען אנזאגנדיק,

צו זיין אזוי פאַרזיכטיק, אַז אַפילו קיין שכנה זאָל ניט דערשמעקן פון עפּעס.

שלום האָט אַ צערודערטער אויסגעטרונקען אַ גלעזל טיי און איז אַוועק צו דער אַרבעט, פאַרגעסנדיק מיטצונעמען דעם מיטאָג, וואָס איז נאָך פון נעכטן געלעגן אָנגעגרייט אויפן טיש. שׂרה האָט געקראָגן אַ קאָפּ-ווייטיק, און זיך צוגעלייגט אַביסל, און אסתּר איז געזעסן אַ בלייכע לעבן דער קאַנאַפּע און ניט אַראָפּגענומען איר פאַרזאָרגטן בליק פונם שלאָפנדיקן מאַן.

צוועלף אַזייגער האָט זיך עוזר אויפגעכאַפּט, געבעטן עפּעס עסן, און אויך אַלעמען דערמאָנט, מען זאָל זיך פאַר קיינעם ניט אַרויסכאַפּן מיט קיין וואָרט וועגן דער פּאַסירונג. ער האָט זיך געפילט גאַנץ גוט און מונטער, נאָר אַביסל שוואַך. אסתּר האָט פּשוט געטאַנצט אַרום אים, אַרויסגעוויזן אַזוי פיל ליבע און צערט-לאַכקייט, ווי קיינמאָל ניט ביז אַצינד. נאָכן יוכל וואָס מען האָט אים אויף גיך אָפּגעקאָכט, האָט זיך אים פאַרגלוסט אַ גלעזל וויין, און שׂרה איז אַוועק קויפן אַ פלעשל „כּרמל“-וויין.

— ווי אַזוי איז עס געשען ? — האָט אסתּר אַ פרעג געטאָן, באַלד ווי טיר האָט זיך נאָך שׂרהן פאַרמאַכט.

— דער שוואַרצער יאָר ווייסט עס — האָט עוזר מיט גאַל געענטפערט — מיר זיינען נעכטן אַריין אין אַ הויז, וועלכעס די חבֿרה וואַטשט שוין אַ פּאָר מאָנאַטן. מיר האָבן געעפנט אַ סייף, אַלץ אַרויסגעקראָגן, און שוין אַרויסגייענדיק האָט איינער פון אונז אַ טישל אָדער אַ טשער אומגעוואָרפן. עס איז געוואָרן אַ גוואַלד. מיר האָבן גענומען אַנטלויפן. עפּעס אַ דעם פול האָט פון הויז אויס-געשאָסן און מיר אין האַנט געטראָפן . . . און דאָ האָב איך זיך אָן עפּעס פאַרטשעפּעט און בין געפאַלן. כ׳האָב געמיינט איך בין שוין „עלעקטעט“, נאָר די בויעס האָבן מיר אַריינגעוואָרפן אין אונזער מאַשין, וועלכער האָט געוואַרט פאַרן הויז און מיך אַהער געבראַכט.

אסתּר האָט געשוויגן אַ ווײַלע, דערנאָך פלוצלונג אַרומגעכאַפּט דעם מאַנס קאָפּ און אים געגעבן אַ לאַנגן, פול מיט ליידנשאַפט, קוש אין די ליפּן.

— אָ, אסתרל — האָט זיך עוזר צעלאכט — ווי איך זע קענסטו אויב דו ווילסט נאָר, זיין זייער א טייער און איבערגעבן ווייבל !

— הערסט, עוזר, איך וועל דיר באַלד עפּעס ווייזן, וועסטו זען, אַז איך בין ניט נאָר אַ גוט ווייבל, נאָר קיין נאַר אויך ניט . . .

— וואָס, צום ביישפּיל ? — האָט ער זי נייגעריק אָנגעקוקט.

— באַלד וועסטו זען ! — זי איז צו צו איר קעסטל, האָט עס אויפגעשלאָסן און איז צוריקגעקומען האַלטנדיק עפּעס אין איר פאַרמאַכטער האַנט. און ווען זי האָט די האַנט געעפנט, האָט ער דאָרטן דערזען צוויי דימאַנטענע רינגן און אַ פּערל בראָש.

עוזר האָט פאַרוואונדערט גענומען דאָס צירונג און עס אויפמערקזאַם באַטראַכט.

— ווי קומט עס צו דיר ? ס איז דאָך אמתע שטיקלאַך דזשועלרי.

— זיכער ניט קיין געפאַלשטע — האָט זי מיט אַ צופרידענעם געלעכטער געענטפערט — און קומען קומט עס צו מיר גאַנץ איינפאַך : געדיינקסט די צוויי קליינע פּעקלאַך, וועלכע דו האָסט צו מיר מיט אַ אכט. ניין מאָנאַטן צוריק געבראַכט דאָס ערשטע מאָל באַהאַלטן ? . . . כ'האָב דאַמאָלס גלייך פאַרשטאַנען, אַז עס איז עפּעס ניט גלאַט. אויפן צווייטן טאָג האָב איך די פּעקלאַך געעפנט, ניט אויסלאָזנדיק אָן אויפמערקזאַמקייט קיין איין איינציק קנייטשאַלע, קיין איינציק קניפּעלע. און ווען איך האָב דאָרטן געפונען אַ גאַנצן פאַרמעגן פון דימאַנט-רינגען, זייגערלאַך און בראָשעס, האָב איך שוין קלאָר פאַרשטאַנען, וואָס די געשיכטע איז, און האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז איך בין אויך אַ לעבעדיקער מענטש, דאַרף אויך האָבן אביסל דזשועלרי, און זיי וועט דער רוח ניט נעמען, ווען זיי וועלן האָבן מיט עטלאַכע שטיקלאַך ווייניקער. און ס'פאַרשטייט זיך, אַז גענומען האָב איך פון יענע מינים וואָס זיינען געווען אין אַ גרעסערע צאָל . . . און צוריק פאַרבונדן די פּעקלאַך האָב איך פּונקט ווי זיי זיינען געווען, פּונקט. אַנדערש וואָלטן זיי דאָך דיר שוין זיכער געלאָזט וויסן. נו זאָג, בין איך ניט אָל-רייט ?

עוזר האָט מיט אַ פאַרוואונדערטן שמייכל געקוקט אויפן ווייב און זי האָט לעבעדיק פאַרגעזעצט :

— די צוויי רינגלאַך האָבן די ווערט פון דריי ביז פיר הונ־דערט דאָלער. איך האָב זיי צוגעגליכן צו פונקט אַזעלכע אין די פענסטער פון די דזשולערי סטאָרס. די בראָש דאַרף אויך מן הסתם קאָסטן אַ פינף־און־זיבציק דאָלער. דאָס צוזאַמען מיט די הונדערט דאָלער, וואָס דו האָסט דאַמאָלסט אַהיים געבראַכט, איז שוין עפּעס נשקשה פון אַ מטבעה. מילא, עסט מען שוין יאָ חזיר, זאָל כאָטש רינען איבער די ליפּן. אַז ניט, צו וואָס טויג די גאַנצע נעשיכטע?

עוזר האָט זיך צוגעקוקט ווי עס פלאַמען אסתרס באַקן, ווי עס פינקלען אירע אויגן, ווי די ווינקלען פון איר מויל לאָזן זיך עטוואָס זשעדנע אַראָפּ, און ער האָט ניט ווילנדיק אַ טראַכט געטאָן: „אַ געבווירענע גנבטע“

— הערסט עוזר, — האָט זי ווייטער גערעדט, זיך שפּיגלענדיק אָן די צוויי דימאַנטענע רינגען, — איך האָב דיר שוין לאַנג גע־וואָלט זאָגן, אַז מיר וואָלטן גאָר באַדאַרפט אַרויסמופן פון דאַנען: ווי אַ זאַך מאַכט זיך ניט, איז מען כאָטש באַ זיך אין הויז און מען דאַרף פאַר קיינע יאָלדיוואַטע ברידער מיט זייערע נאַרישע ווייבער קיין מורא ניט האָבן

„זי פאַרשטייט שוין באַלד אין די ביזנעס בעסער פון מיר“, האָט ער אַ טראַכט געטאָן און געזאָגט:

— יאָ, דאָס ביסטו גערעכט. באַלד ווי איך וועל נאָר געזונט ווערן, דינגען מיר רומס און מופן. איך האָב שוין טאָקע ניט איינמאָל איבערגעטראַכט, טאָמער פאַסירט עפּעס מיט מיר, קען איך אים נאָך אַמאָל אויך אין אַן אומגליק אַריינשלעפּן. דאָס וואָלט פאַר מיר דאָס שרעקלאַכסטע געווען!

— ניט דאָס איז די זאַך, וואָס ער קען אַריינפאַלן צוליב דיר, ווי דו קענסט גיכער אומגליקלאַך ווערן צוליב אים, צוליב זיין פראָסטקייט — האָט זי אים שנעל איבערגעשלאָגן — און אַ חוץ אַלעמען, איז מיר שוין פּשוט נמאס דאָס שטענדיקע דאַוונען זיינס און דאָס ריידן מיטן רבונו־של־עולם . . . איך פאַרשטיי ניט, פון וואַנען נעמט זיך היינטיקע צייטן אַזאַ כניאָק.

„עוזרן האָט פאַרדראָסן דער ווייבס רייד וועגן ברודער. ער האָט אָנגעכמורעט דעם שטערן און איר געוואָלט עפּעס ענטפערן, נאָר דאָ איז אַריינגעקומען שרה. זי האָט געבראַכט וויין און אַ צייטונג. זי האָט גענומען דערציילן פון אַ גרויסער באַנאַכטיקער גנבה, פון אַ שיסעריי מיט דער פּאָליציי, פון אַ געהרגעטן און פון נאָך פאַרשיידענע שרעקן, וועלכע זי האָט זיך אָנגעהערט אין גאַס.

— און מיר זיצן זיך דאָ אַזוי רוהיק און ווייסן פון גאָרניט — האָט זי געענדיגט איר געשיכטע און דערלאַנגט עוזרן אַ גלאָז וויין.

אסתר מיט עוזרן האָבן זיך איבערגעבליקט און צוזאַמען גע-נומען לעזן די צייטונג.

זיבן אַזייגער פאַרנאַכט איז שלום געקומען אהיים פון דער אַרבעט אַ בלייכער, אַן אויפגערעגטער. ער איז אַריין אין שטוב אָן אַ גוטן אָוונט, געוואָרפן אַ פאַרדעכטיקטן בליק אויפן ברודער, וועלכער איז געזעסן אויפן לאָנדזש מיט אַ ביכל אין האַנד און זיך גענומען אויסטאָן.

## 11.

שרה, וועלכע האָט קיינמאָל ניט געזען דעם מאַן אין אַזאַ צושטאַנד, האָט אים פאַרוואונדערט אָנגעקוקט און ענדלאַך גע-פרעגט:

— וואָס איז מיט דיר, שלום . . . דו פילסט ניט גוט?

ער האָט ניט געענטפערט, אַרויסגענומען פון קעשענע אַ צייטונג, איז צוגעגאַנגען אַיינג צום ברודער, און אָנווייזנדיק אויפן פאָדערשטן בלאַט פּעסט אַ זאָג געטאָן:

— אַנו, עוזר, לעז נאָר אָט דאָס דורך . . .

עוזר האָט אַ ציטער געטאָן, געוואָרפן אַ בליק אויפן אָנגע-צייגטן פּלאַץ, וואו עס איז מיט גרויסע בוכשטאַבן געשטאַנען:

„אַ געוואַגטע נאַכט־רויבעריי! . . . איינער פון די רויבער פאַרוואונדעט, נאָר זיינע חברים פירן אים אוועק אין אַן אָטאָמאָ-

ביל, זיך איבערשיסנדיק מיט דער פּאָליציי! פינף טויזנט טאָלער אין קעש און צירונג אויף דריי טויזנט טאָלער ארויסגענומען פון א סייף! קיינע שפּורן, אָבער די פּאָליציי האָפּט נאָך צו כאַפּן די פאַרברעכער!"

עוזר האָט א קוק געטאָן אויף שלומס פיינלאָך אָנגעשטריינקטן פּנים, אויף זיינע ציטערנדיקע הענט, וועלכע האָבן קוים איינגעהאַלטן די צייטונג, און אָפּגעקערט דעם קאָפּ.

— וואָס איז היינט עפּעס מיט אייך, שלום? — איז אסתר צו זיי צוגעגאַנגען, געוואָרפן א שנעלן בליק אויפן פלאַץ אין צייטונג, וואו שלום האָט אָנגעוויזן און א קראַמף האָט אויף איין אויגנבליק אויסגעקרימט איר קיילאָכדיקן פּנים. אָבער זי האָט זיך באַלד באַהערשט און איבערגעפרעגט מיט א רואיקן שמייכל — וואָס זיינט איר היינט אַזוי אויפגערעגט?

שלום האָט איבערגעפירט זיין בליק אויף אסתרן און איר דער-לאַנגט די צייטונג, אָנווייזנדיק אויף דער מעלדונג וועגן דער נאַכ-טיקער רויבעריי.

— נאַ, לעז עס נאָר דורך!

אסתר האָט א קוק געטאָן אויף דער צייטונג, און ניט נעמענדיק זי פון זיינע הענט, קאַלט געענטפערט:

— מיר האָבן עס נאָך באַטאָג געלעזן

— זייער גוט! . . . — שלומס קול און זיין גאַנצער קערפּער האָבן זיך קאָנוואולסיוו געטרייסלט — זייער גוט וואָס דו האָסט עס געלעזן . . . אָבער דו ווייסט ניט, אַז . . . אַז דער פאַר-וואונדעטער רויבער איז עס ער . . . עוזר געוועזן! — ער האָט אָנגעשטעלט דעם פינגער אויפן ברודער און זיין גאַנצע האנט האָט געשפּרונגען אין אַלע זייטן.

— און פון וואַנען ווייסט איר עס? — האָט זיך אסתר מיט אמאָל בייז און חוצפּהדיק צוגעבויגן צו אים.

— איך האָב אַליין געזען, ווי מען האָט אים גאַנץ פרי פון אַטאָמאָביל ארויסגעפירט! — האָט שלום ווי פאַרשטיקט אויס-געשריען.

שרה האָט פאַרבראַכן די הענט, זיך מאַכטלאָז אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול, און מיט שרעק זיך גענומען איינקוקן אין עוזרן.

— איר קענט זיך באַרואיקן, מיין ליבער שוואָגער — האָט אסתר קאַלט געענטפערט — איר זיינט אַביסל צו שפּעט געקו-מען. איך ווייס שוין לאַנג פון דעם! — זי האָט אַן איראָנישן שמייכל געטאָן און שפּאָטיש אויפגעהויבן די אַקסלען.

— דו ווייסט עס? !

— זיכער!

— נו, און וואָס . . . וואָס רעכנסטו איצט צו טאָן? — ער האָט אָנגעשטריינקט זיך איינגעקוקט אין איר געזיכט.

— וואָס ווילט איר, אַ שטייגער, זאָל איך איצט טאָן? — האָט זי אים געענטפערט מיט אַ פראַגע, ניט אָפּווענדענדיק איר שאַרפן בליק פון זיינעם — זאָל איך אים שיסן, סמן, שלעפּן צו אַ גט? אָדער אפשר גאָר מאַכן אַ גוואַלד און לויפן נאָך דער פּאָ-ליציי? . . . אויב איר ווילט, קענט איר עס טאָן, אויף דאַרויף זיינט איר דאָך אַן אייגענער ברודער. איך ניט! איך האָב אים ליב. עס איז מיין צרה און איך מוז שווייגן.

שלום האָט אָנגעקוקט די שוועגערין מיט ברייט-אָפענע אויגן און ניט געפונען וואָס איר צו ענטפערן. ענדלאַך האָט ער שטיל געזאָגט זיך ווענדנדיק צום ברודער:

— עוזר, איך וויל זיך מער ניט געפינען מיט דיר אונטער איין דאַך! דו הערסט? איך וויל ניט! איצט קענסטו אין ערגעץ ניט גיין, ווייל מען וועט דיך אַרעסטירן, אָבער גלייך ווי דו וועסט געזונט ווערן, זאָלסטו זיך אַרויסציען פון דאַנען . . . איך האָב זיך קיינמאָל ניט געריכט, אַז מיין ברודער זאָל אַזוי שרעקלאַך, אַזוי נידריק פאַלן!

אַ פּאָר מינוטן איז אין שטוב געווען שטיל, דריקנד שטיל ביז משוגע צו ווערן.

אין דרויסן איז געפאַלן אַ שיטערער שניי, אַ קאַלטער ווינט האָט געטרייסלט די פענסטער, געיאָגט דורך די שפּאַרעס אין צי-מער אַריין גאַסן קלאַנגען, אָנגעזאַפּטע מיט קעלט און פרישקייט.

אַלץ געוואָלט פאַרטרייבן דעם שרעק וואָס האָט אַלע ווינקלען ווי מיט געדיכטן שפּינוועב פאַרצויגן.

און אין דער שטילקייט פון צימער האָט זיך צוערשט אַ טיפער זיפץ, אַ שטילער קרעכץ דערהערט, און נאָכהער עוזרס פאַרשטיקט, ווי פרעמד קול. אַלע האָבן אַ ציטער געטאָן.

— עך, ברודער, ברודער! וואָס זאָל איך דיר איצט זאָגן? דו וועסט מיך ניט פאַרשטיין, ווייל אין איינציקע זאַכן זייַנען מיר פון שטענדיק אָן, ערגער ווי פרעמדע . . . אָבער גלויב מיר, עס איז מיר לייכט ניט אָנגעקומען, ביז איך האָב זיך אויף דעם אַנטשלאָסן . . . איך האָב שוין מער אָבער ניט געקענט זיך אַזוי מוטשען, אונטער יעדן איינעמס פיס זיך וואַלגערן . . . איך האָב עס שוין מער ניט געוואָלט!

— דאָס איז ניט קיין תירוץ! — האָט שלום שטיל, נאָר פעסט, געענטפערט — כ'בין פיל שוואַכער פון דיר און דאָך קיין גנב ניט געוואָרן!

— דאָס איז, ווייל דו ביסט זיכער אין גאָטס חסד: ביסט זיכער, אַז די וועלט איז אין דער בעסטער אָרדנונג, אַז אַלץ דאַרף אַזוי זיין. דו גלויבסט אַז דו מוזט שפּייען מיט בלוט, בלייבן אָן לונגען, אַרבעטנדיק שווער עלף שעה אַ מעת-לעת פאַר צוועלף דאָלער אַ וואָך, און דיין באָס זאָל משוגע ווערן פון לוקסוס . . . פאַר דיר איז אַלץ גוט, אַלץ איז הייליק! איך האָב זיך אָבער גוט צוגעקוקט צום לעבן — זיין קול איז זיכערער געוואָרן — און איך בין געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז עס איז, ווי איך האָב דיר שוין איינמאָל געזאָגט, פאַראַנען צוויי קלאַסן מענטשן: מענטשן וועלף, זשעדנע, האַרצלאָזע וועלף, און מענטשן שעפּסן, פוילע, נאַרישע זיך שרעקנדיקע שעפּסן. וועלף זייַנען דאָ זייער ווייניק, זיי זייַנען אָבער קלוג און זיי האָבן באַשאַפן אַלע געזעצן, אויסגעבויט טויזנטער סקולס, אין וועלכע מען קלאַפּט פון קינד-ווייס אָן אַריין אין די לעמערשע קעפּ, אַז אַ גוטער, ערלאַכער שעפּס טאָר זיך ניט מתקנא זיין אויף דעם רייכטום פון זיין ברודער-וואָלף, דאַרף גלויבן אין גאָט, אָפּהיטן אַלע געזעצן, טאָר ניט זינ-

דיקן, ווען ער זאָל אפילו לעבן אין נויט און אין שאַנדע, ווען ער זאָל אפילו פון הונגער שטאַרבן . . . אַן ערלאַכער שעפּס מוז טריי און פלייסיק אַרבעטן זיין גאַנצן לעבן, און דערפאַר וועט ער האָבן דאָס אייביקע גליק דאָרטן, אויף יענער וועלט ! . . . און אויב ס׳געפינען זיך שעפּסן מיט אָפענע אויגן, וואָס זען און פאַרשטייען די וועלפישע פאַלשקייט און נידערטרעכטיקייט, און ווילן זיי ניט פאָלגן, קעמפן געגן זייערע געזעצן — איז פאַר דיזע ניט-געהאָרכזאַמע שוין אָנגעגרייט געריכטן און טיורמעס און זאַטע שעפּסן, אין פּאָליצייאיִשע, אָדער סאָלדאַטסקע מונדירן, פאַרשפּאַרן זיי דאָרטן. דאָס האָט מיך, ברודער, דאָס לעבן געלערנט.

— גאַנץ מיגלאַך — האָט שלום שטיל געענטפערט, טרויעריק שאָקלענדיק מיטן קאָפּ — אָבער ניט פון דעם רעדט מען אַצינד.

— שוין גאָר פון דעם ! — עוזרס אויגן האָבן אַ פינקל געטאָן — דו רעדסט ווי אַ קינד. אַלע רויבן, אַלע גנבענען, אַלע מאָרדן ! אונדז לערנען זיי געהאָרכזאַמקייט צו די געזעצן און אַליין לאַכן זיי זיך אויס פון זיי ! . . . ווען באַ זיי ברעכט אויס אַ סטרייק דינגען זיי מייִנע באַקאַנטע גיינגסטערס, וועלכע שלאָגן די סטרייקערס אומרחמנותדיק און אָפּט, ווען ס׳איז נויטיק, שיסן זיי פּשוט עטלאַכע אַרבעטער. און ווען די מערדערייען זיינען שוין צו שרייענד, אַרעסטירט מען איינעם, צוויי אָבער די וועלפישע געַרעכטיקייט לאָזט זיי כמעט אימער פריי ! . . אַלע גנבענען ! דער חילוק איז נאָר צי פון איין זייט צו פון דער צווייטער זייט געזעץ ! אמת, מיר זיינען נעכטן אַריין און צוגענומען באַ דיין באָס-ברודער אַליץ, וואָס ס׳האָט זיך געפונען אין זיין סייף. איז אָבער דען דאָס געלט, די דזשועלערי ניט קיין אָוועקגערויבטעס פון זיינע צוויי הונדערט שעפּסן, וועלכע אַרבעטן באַ אים אין דער פאַבריק אַזוי שווער פאַר אַ לוין פון אַכט ביז צען דאָלער אַ וואָך ? . . . מיין ניט, שלום, אַז איך גיב זיך גערעכט, — אָבער ווען דאָס וואָסער איז מיר שוין ביזן האַלדז געקומען, האָב איך זיך אַליין געפרעגט, וואָס איז גלייכער: צי לעבן אין שטענדיקער נויט און דחקות, ציטערן פאַרן מאָרגנדיקן טאָג,

זיך וואלגערן הינטער אלעמענס פיס און זיין אן ערלאכער שעפס, אדער ווערן א וואלף, אמת, ניט קיין געזעצלאכער ווי זיי, און אויסרייסן פון זייערע זשעדנע פארבלוטיקטע מיילער דאס, וואס באלאנגט אייגנטלאך צו אונדז! און איך האב באשלאסן דאס לעצטע! דאס איז אלץ, און איך מוז דיר אויך זאגן, אז עס טוט מיר לחלוטין ניט באנג: אויב עס איז באגרייפלאך א וועלט פון וועלף און שעפסן, פאר וואס־זשע זאל קיין געדאנק ניט האבן די עקזיסטענץ פון רויב-פויגלען, וועלכע שלעפן צייטנווייס ארויס דאס אנגערויבטע פון די וועלפישע ציינער?

א ווײַלע איז געווען שטיל.

— נו, און וויפיל מאל שטעלט איר בדיל-הדל ארימע לייט — ארבייטער? — האט שלום שטיל געזאגט.

— איך און מיינע פריינט וועלן עס קיינמאל ניט טאן!

— נו, און גאט? — האט שלום פלוצלונג אויסגעשריען, — אן גאט האסטו שוין אינגאנצן פארגעסן? צו דו אנערקענסט אים ניט מער?

און עוזר האט שטיל, נאר פעסט, געענטפערט:

— איך ווייס ניט!... גאט איז שטענדיק מיט די רייכע מיט די וועלף, מיט יענע, וואס זיינען שטארקער!

— עוזר, דו זינדיקסט שרעקלאך! — שלומס קול איז געווען פארשטיקט, זיין אטעם האט זיך איבערגעריסן.

— אפשר... — כ׳ווייס אבער, אז פריער בין איך איינזאם געווען... איצט איז גאט מיט מיר, און אז איך וועל צו זיי אין די הענט ארייַנפאלן, וועט ער ווידער זיין מיט זיי.

שלום האט אפגעטראטן א צוויי טריט צעריק, געוואלט עפעס ענטפערן, אבער בלויז א כארכל האט זיך ארויסגעריסן פון זיין מויל. ער איז געשטאנען א ווײַלע מיט ביידע הענט רייבנדיק דעם האלדז ביז ער האט ווידער געקענט כאפן דעם אטעם. דערנאך זיך געלאזט גיין אין שלאפצימער. בא דער שוועל איז ער שטיין געבליבן, צוגעשפארט דעם קאפ צו דער טיר, פארגראבן די ווייסע,

אויסגעדאַרטע פינגער צווישן די שוואַרצע האָר און איז ווי פאַר-שטיינערט געוואָרן.

שרה איז געזעסן אין ווינקל, לעבן גאַז־אויוון, וואו דאָס עסן האָט זיך אויף א קליינעם פייער געוואַרימט, שטיל געוויינט און טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ. עוזר האָט זיך מיד אויסגעצויגן אויף דער קאַנאַפּע, פאַרמאַכט די אויגן און שווער געאָטעמט. אסתר איז געשטאַנען לעבן מאַן און געגלעט זיינע האָר.

ס'איז ווידער שטיל געוואָרן און מען האָט נאָכאַמאָל דערהערט דעם ווינט קלאַפּן אין פענסטער און די קלאַנגען פון גאַס.

— אז גאָט וועט העלפן עוזר וועט געזונט ווערן — האָט זיך אין דער שטילקייט אסתרס קול דערהערט — וועלן מיר גלייך ארויסמופען פון דאַנען . . .

— גוט ! . . . — האָט שלום ווי פון ווייט אָפּגעענפערט, זיך ניט רירנדיק פון אָרט.

אַלע האָבן ווידער געשוויגן.

.12

אין צוויי וואָכן ארום האָט אסתר געדונגען און אויסמעבלירט פיר שיינע, ליכטיקע צימערן, טאַקע אין דעם זעלבן געגנט, עטלאַכע גאַסן פון דער אַלטער דירה. די יונגעלייט, וועלכע האָבן עוזרן געבראַכט אהיים א פאַרוואונדעטן, האָבן איר פלייסיק געהאָלפן באַם איינקויפן און אויסשטעלן דאָס מעבל און באַם איינאָרדענען די באַליבאַטישקייט. זי האָט זיך מיט זיי לייכט באַפריינדעט, און נאָך איידער עוזר איז פונם ברודער אהיים געקומען, האָט מען שוין דריי מאָל געבראַכט צו איר באַהאַלטן קליינע גנבות.

אין צוויי חדשים ארום האָט שוין די גאַנצע אונטערוועלט געוואוסט, וואָס פאַר א גאָלדן ווייבל איזי האָט, און פילע פלעגן קומען זי פשוט אָנקוקן. און פונקט ווי זי וואָלט אויסגעוואַקסן אין אזאַ סביבה, אזוי לייכט האָט זיך אסתר ארומגעדרייט צווישן דער געפערלאַכער חברה: איינעם געזאָגט א ווערטל, דעם צווייטן גע־פרעגט וואָס ער מאַכט, דעם דריטן אזוי געוואָרפן א שמייכל און ווען אימיצער פון די „באָיעס" האָט די ערשטע צייט, געפּרואווט

זי א גלעט צו טאָן, אָדער ארומנעמען — האָט זי זיך קיינמאָל ניט געוועדט, נאָר פלעגט בלייבן שטיין און גלייך קוקנדיק דעם חברה־מאַן אין די אויגן, רואיק זאָגן:

— אנו, בייבי, נעם אראָפּ די הענט: אונזער אגרימענט איז נאָר אויף דזשאָבס צו באהאלטן, אויף עפּעס אנדערש האָב איך א מאַן זאָל געזונט און שטארק זיין... און פּליז, זיי אזוי גוט און קלאַפּ עס זיך פעסט אריין אין מח, זאָלסט מער די זעלבע חכמה ניט איבערחזרן... פארשטייסט?

דער אָנגרייפער פלעגט אָפּטרעטן, דער עולם האָט געלאכט און זי האָט רואיק פאָרטגעזעצט איר וועג אָדער דעם געשפּרעך אזוי ווי עס וואָלט קיין זאַך ניט פּאסירט.

דריי וואָכן האָט זיך נאָך עוזר געפונען בא שלמן אין הויז. אלע טאָג איז ארויפגעקומען דער דאָקטאָר אים איבערבינדן די האַנט, וועלכע האָט זיך זייער גוט און גיך געהיילט.

די צוויי יונגעלייט פלעגן אויך אָפט, אמערסטן אין אָוונט, ארויפקומען און מיטברענגען פון אלעם גוטן. שרה איז א צוויי טעג ארומגעגאנגען א טרויעריקע, א אומצופרידענע, מיט קיינעם ניט גערעדט, אָבער לאנג עס אויסהאלטן האָט זי ניט געקענט: אין הארצן האָט זי שוין לאנג מוחל געווען דעם גוטן, אומגליקלאכן עוזרן, וועלכער האָט זיך נעבאַך אזוי שווער און ביטער געפּלאָגט, און עס זיינען געווען געווען עוזרס א פּאָר גוטע ווערטער צו איר, זי זאָל זיך צעוויינען און לאָזן אלץ גיין ווי פריער, פונקט ווי עס וואָלט קיין זאַך ניט געשען.

די ברידער האָבן אָבער פון יענער נאכט אָן מער קיין וואָרט ניט גערעדט צווישן זיך. שלום האָט אָנגעהויבן צו דאַווענען אין דער פרי אין שול און פלעגט אוועק פון הויז, ווען אלע זיינען נאָך גע־שלאָפן. פארנאכט פלעגט ער אריינקומען אָן א גוט־אָוונט, אויף גיך אָפּעסן און ארומטערגיין אין גאס, אָדער זיך אוועקלייגן אין דעם פינסטערן שלאָפצימער און שווייגן. אסתר מיט עוזרן האָבן אין דער צייט אמערסטן עפּעס גערעדט אָדער גערעדט צווישן זיך און געמאכט דעם אָנשטעל ווי זיי וואָלטן גאָט ווייסט ווי שטארק

פארטיפט געוועז אין לעזן אדער אין געשפּרעך. לאנג אבער האט די געקינצלטע שטימונג ניט געקענט אנהאלטן. שנעל פלעגט שטיל ווערן אין די צוויי קליינע צימערלאך און די שטילקייט איז געוועזן אזא שווערע און שטיקנדע, אז די גוטע שרה האט א פּאר מאל ניט אויסגעהאלטן, זיך צעוויינט און איז אנטלאפן צום קאזין.

דעם לעצטן אוונט, שוין ארויסגייענדיק פון זיין אלטן וואוינונג, איז עוזר שטיין געבליבן אין טיר און אויסגעדרייט דעם קאפ צום ברודער, וועלכער איז געשטאנען באם פענסטער און ארויסגעקוקט אין גאס. שרה האט פארשטאנען, איז צוגעגאנגען צום מאן און מיט א ציטערנדיקער שטימע אים שטיל געזאגט:

— שלום, עוזר גייט אוועק . . . ער וויל זיך געזעגענען מיט דיר.

באם פענסטער האט זיך קיינער קיין ריר ניט געטאן. דערנאך האט זיך דערהערט א טיפער זיפץ און באלד א שטילער ענטפער:

— איך האב ניט מער קיין ברודער . . .

עוזר האט אראפּגעלאזט דעם קאפ, און איז ארויס פון צימער באגלייט פון שרהס געוויין.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פיר יאר זיינען פאריבער.

צוויי מאל האבן זיך די ברידער פאר דער גאנצער צייט געזען: איינמאל האבן זיי זיך אין גאס באגעגנט און זיינען ווי ווילד־פרעמדע פארבייגעגאנגען איינער דעם צווייטן, זיך ניט אומקוקנדיק אפילו, און דאס צווייטע מאל איז עוזר ארויפגעקומען געוואָרע ווערן וואס דער ברודער מאכט, דערוויסנדיק זיך פון שרהן, אז ער ליגט צו בעט. אבער ווען שלום האט עוזרן בא זיך אין הויז דערזען, האט ער פארמאכט די אויגן, אפגעקערט דעם קאפ און פארשטיקט געגומען בעטן:

— שרה, זאל ער ארויסגיין . . . כ׳האב שוין אזוי אויך קיין כח מער ניט צו לעבן ! . . . זאל ער גיין ! . . . איך קען אים ניט מער !

עוזר איז ארויס אין גאס און מיט אויגן פארלאפענע פון טרערן,

לאנג ארומגעבלאָנדזשעט אַליין, ניט ווינסדיק וואוהין ער גייט

צוויי, דריי מאָל אַ וואָך האָט זיך עוזר געזען מיט שרהן. אַמאָל איז זי אַריינגעקומען צו אסתרן, אָבער אָפטער פלעגט ער אַרויס־קומען באַטאָג צו איר און דאָרטן אַביסל פאַרברייינגען. עפּעס האָט אים געצויגן צו די אָרימע צוויי שטיבלאַך אויפן פירטן פלאָר, יעדער ווינקעלע אין וועלכע, איז אים געווען אַזוי טייער, האָט אים דערמאָנט אָן די ערשטע טעג פון זייער אָנקומען קיין אַמעריקע, אָן די שטילע, פול מיט האָפענונג, געשפּרעכן מיטן ברודער וועגן זייער צוקונפט, און עפּעס האָט געציטערט, ווי געטאָן באַ אים אין ברוסט. ער פלעגט זיך אַרומשפּילן מיט זיין פּלימעניק, מיטן קליינעם לוסטיקן דניאל, און מיט פאַרגעניגן שמועסן מיט שרהן וועגן פעטער מיט דער מומען און וועגן דעם לעבן אין דער אַלטער היים.

דעם מאַן האָט שרה קיינמאָל ניט דערציילט, אַז עוזר קומט אַרויף, אַז וועגן ניט זיין הילף, וואָלט זיי שוין ניט איינמאָל ניט נאָר מילך און אייער, נאָר פשוט אַ שטיקל ברויט אויך אויסגעפעלט. פון זיין זייט האָט שלום קיינמאָל גאָרניט געפרעגט. ער פלעגט אַהיים ברייננגען און דעם ווייב אָפּגעבן די גאַנצע „פּעי“, אָן אונ־טערשייד, צי עס זיינען געווען פולע צוועלף דאָלער, אָדער נאָר פיר און זיך מער מיט גאָרניט אינטערעסירט. זיין געזונט איז אָבער וואָס אַמאָל אַלץ ערגער געוואָרן, דער הוסט מיט שטיקער בלוט אָפטער, און דאָס פּנים געלער, דורכזיכטיקער. עטלאַכע מאָל האָט ער שוין געמוזט בלייבן אויף צוויי־דריי וואָכן אין דער היים זיך אויסרוען, און דערנאָך מיט טרערן אין די אויגן זיך צוריק בעטן ארבעטן.

עוזרן איז די גאַנצע צייט געגאַנגען זייער גוט. ער האָט גע־פירט זיינע געשעפטן פאַרזיכטיק, מיט קאָפּ. די חברה, וועלכע האָט אים שפּעטער אָנערקענט אַלץ זייער פירער, איז געווען פאָל־קאָם אָרגאַניזירט און פלעגט דורכפירן בלויז גרויסע גנבות. אַ שטאַרקער, אַ וואַגנדער, איז ער תמיד געגאַנגען דער ערשטער. די „באָיעס“ האָבן געגלויבט אין אים און עס פלעגט זיי אַמערסטן גע־

לינגען. פארן גענגבטן האָט ער געהאַט עטלאַכע זיכערע ערטער אין פארשיידענע טיילן שטאָט און סיי די איבערפאַלן, סיי דאָס באַהאַלטן די גנבות זיינען צוגעגאַנגען אַזוי פּאַרזיכטיק, אַז די פּאָליציי האָט די גאַנצע צייט קיינעם ניט געקענט כאַפּן.

ניט קוקנדיק אויף דער נויט פון אַמאָל, איז עוזר גאָר ווייניק געווען פאַרקאַכט אין געלט און פלעגט זיך ניט נאָר „ערלאַך" טיילן מיט דער „גיינג", נאָר אויך אַרויסהעלפן יעדן איינעם, וואָס האָט זיך נאָר געווענדעט צו אים. און דאָס, צוגעלייגט צו זיין ביסל אינטעליגענץ, האָט אים זייער פּאָפּולער און באַליבט געמאַכט אין זיינע קרייזן.

זיין פּערזענלאַכער לעבן איז געווען אַ מוסטער פאַר זיינע חברים. ניט רעכנענדיק אַ צוויי מאָל, ווען ער האָט שכורערהייט געהאַט פאַרהעלטניסע מיט גאַסן-מיידלאַך, איז ער די גאַנצע צייט טריי געווען זיין אסתרן און אויך אויף איר האָט קיינער פון דער געניטער חברה קיין שלעכט וואָרט ניט געקענט זאָגן.

אָבער פאַרשטייענדיק, אָדער ריכטיגער, פילענדיק אסתרס כאַראַקטער, איז עוזר טיף אין זיך די לעצטע יאָרן גאָרניט אַזוי זיכער געווען אין זיין ווייבס ליבע און טרייהייט, און אָט וואָס ער פלעגט אַמאָל טראַכטן:

ער — איז געוואָרן אַ גנב אויס נויט, אום אויסצומיידן דאָס קבצנישע, ערנידערנדיקע לעבן. ער האָט אין האַרצן דרך-ארץ פאַרן ברודער, און פאַר פילע אַנדערע, וואָס אַרבעטן שווער און ביטער, אַבי נאָר אַן ערלאַכן לעבן צו מאַכן, וואָס גלויבן טיף און אויפריכטיק אין גאָט און אין אַלץ, וואָס עס איז אין די הייליקע ספרים געשריבן. זי — אסתר, האָט ערשט דאַן דעם קאָפּ אויפגעהייבן, ווען ער איז אַ גנב געוואָרן, האָט קיין טרער ניט געלאָזט, אים קיין איין וואָרט מוסר ניט געזאָגט. זי האָט זיך גאָר ווי דערפרייט אים ערשט דאַן אָנגעהויבן ריכטיק צו אַכטן און ליבן. טיף אין זיך האָט ער זיך נאָך ביז אַצינד ניט פאָלקאָמען צוגעוואוינט צו זיינע חברים, צו זייערע ביליקע גיינג און זיטן. און ווי לייכט זי האָט זיך עם איינגעלעבט אין דער געזעלשאַפט פון פאַרברעכער, האָט זיך

זעלבסט ווי ערשט געפונען צווישן זיי. אירע אוירען האָבן ווייניק וואָס געליטן פון זייערע שמוציקע רייד און מיט וואָס פאַר א פאַר-אַכטונג און קול זי רעדט עס אַצינד ווענן די „יאָלדן„ די „כניאַ-קעס", — ווי זי רופט די ערלאַכע מענטשן . . . ווי אַן אַלט, שמוציק קליידל האָט זי פון זיך אַראָפּגעוואָרפן איר ערלאַכקייט און זיך אויף קיין איינציקער מינוט ניט אָפּגעשטעלט א טראַכט צו טאָן וואָס זי טוט? נו, און ווען די גליקן דאַרפן קומען ניט דורך אים נאָר דורך איר?... ווען זי דאַרף, צום ביישפּיל, פאַר אַלע שמאַטקעס און דימאַנטן באַצאָלן מיט איר אייגענעם קער-פּער, וואָלט זי זיך דען אָפּגעשטעלט? . . . און טיף אין הארצן איז ער כמעט ווי זיכער געווען, אַז ניט, אַז קיין זאַך וואָלט זי ניט אָפּגעהאַלטן.

ער האָט זי אָבער שטאַרק ליב געהאַט און מיט אַלע מיטלען יעדעס מאָל זי פאַר זיך זעלבסט פאַרטיידיקט. ער האָט זיך באַמיט צו דערמאָנען אָן אַלע אירע גוטע רייד, אָן אַלע פאַרזיכערונגען און ליבע צו אים, ער האָט בערג געבויט אויף איר אינערליכער באַשיידנקייט, אויף דער ערלאַכקייט פון א אידישער טאָכטער און אויף דער גלייכגילטיקייט, וואָס זי ווייזט אַרויס צו דער „חברה". און ווער ווייסט, פלעגט זיך פּלוצלונג ווי מיט גוואַלד אַריינרייסן א געדאַנק צו אים אין מח, אפשר נאַרט זי גאָר אונדז אַלעמען? לאַכט זיך אויס פון מיר און פון די נאַרישע גנבים און האָט „גוד-טיימס" הינטער אונזערע פּלייצעס? ער פלעגט אויפציטערן און זיך דאַן גלייך דערמאָנען אָן הערי דעם סייף-ברעכער.

הערי איז געווען דער פוקס צווישן דער חברה, דער יעניקער וועמען מען האָט אַמווייניגסטן געגלויבט און ליב געהאַט. אויף אים האָט מען שטענדיק געהאַלטן א אויג, אימער געזען ער זאָל וואָס ווייניקער סודות וויסן, מיט אים ניט זיכער געווען צי וועט ער ניט „סקווילן" ווען די פּאָליציי זאָל אים כאַפּן. ער איז געווען איינער פון יענע, וועלכע זיינען ווי באַשאַפן צו באַגיין נידער-טרעכטיקייטן, בא וועלכע געמיינהייט איז אין בלוט. ער איז אָבער אויך געווען א ספּעציאַליסט אויף צו עפענען „סייפס" און מען האָט

אים גערולדעט.

קעגן העריין האָט עוזר אייגנטלאך גאָרניט געהאט אזעלכעס, וואָס זאָל אים מאַכן צו דיינקען, אז אסתר איז מיט אים נענטער ווי מיט פילע אנדערע, וואָס קומען אריין. קיין באוויזע, קיין גרינדע. דאָס וואָס הערי האָט אסתרן עטלאַכע טייערע שטיקלאך דזשולערי געשאָנקען באוויזט נאָך גאָרניט. פילע „באָיעס" האָבן דאָס זעלבע געטאָן, אי אוים פריינטשאַפט צו עוזרן, אי ווייל זי האָט זיי שטענדיק געליען געלט ווען זיי פלעגן זיך נויטיקן. עוזרס גאַנצער פאַרדאַכט איז באַגרינדעט געוועזן אויף איין בליק, וואָס ער האָט מיט א צייט צוריק איבערגעכאַפּט; איין בליק צווישן אסתרן און הערי, פול מיט מורא, טריאומף און שפּאָט. עס האָט אים דאַן אויפגעשוידערט. ער האָט גענומען זוכן, זיך צוקוקן, אָבער לחלוטין גאָרניט געקענט געפינען. ער האָט זיך ווי באַרואיקט, אָבער טיף אין זיין נשמה איז דער פאַרדאַכט ווי א קליין גיפטיק שלייגל געלעגן צעזאַמענגעדריקט און געוואַרט, פאַרטיק יעדער מינוט זיך צו צעוויקלען און א גיפטיקן ביס טאָן.

און אָט דיזע ניט-זיכערקייט האָט אים אָפּט דערמאָנט אָן דעם אָפּגרונט, ארום וועלכן ער דרייט זיך, האָט אימער געוועקט א גע-דאַנק פון צוריקציען זיך באַצייטנס פונם געפאַר, ראַטעווען זיך און נאָך מעה אסתרן. ער פלעגט אמאָל אַפילו טראַכטן פון רוס-לאַנד וואוהין עס וואָלט ניט שלעכט געווען צוריק פאָרן מיטן ברו-דער. און א דאַנק אָט דעם אַלעמען, האָט עוזר צו ענדע פונם זעקסטן יאָר פון זיינע גנבה-געשעפטן שוין געהאט אָנגעקליבן אין באַנק זעקס טויזנט דאָלער, וועלכע זיינען געלעגן אויף שרהס מיידלשן נאָמען.

דער קאַזין סעם מיט זיין פאַמיליע האָבן זיך אין גאַנצן אויפ-געהערט צו טרעפן מיט עוזרן, זינט זיי האָבן זיך דערוואוסט, אָדער ריכטיקער, זיך אָנגעשטויסן, מיט וואָס ער פאַרנעמט זיך. זיי האָבן זיך דערשראָקן און אויסגעמידן זיך צו באַגעגענען אַפילו מיט שרהן און שלמן. דער קאַזין פלעגט זיך שוין ניט אויספיינען מער פאַר באַקאַנטע, ווי פריער, אז דאָס האָט ער געמאַכט די צוויי

ברידער פאַר מענטשן, ער האָט זיך אַפילו מורא געהאַט אָפּצושטעלן מיט עוזרן אין גאַס. דאָס פאַרשטייט זיך, האָט אים אָבער ניט געשטערט צוויי מאָל צו נעמען בא עוזרן גמילות-חסדים־לאַך צו פינף און צוואַנציק דאָלער און אפילו ניט טראַכטן ווען עס איז אים עס אָפּצוגעבן. עס האָט אים יעדעס מאָל באַנג געטאָן, וואָס ער האָט ניט געבעטן מער.

מיט דעם פעטער און דער מומען פלעגן זיך די ברידער די ערשטע צייט איבערשרייבן אַלע צוויי וואָכן און אין יעדן בריוו זיי צוזאָגן, אַז אָט אָט וועט גאָט העלפן, וועט רחמנות האָבן, זיי וועלן זיך דערשלאָגן צו עפּעס און דאָס ערשטע שיקן נאָך זיי. אָבער דער גליקלאָכער באַלד איז ניט געקומען, גאָט האָט הפּנים געהאַט זיינע אייגענע צרות און זיך געקימערט וועגן די צוויי ברידער ניט מער, ווי וועגן טויזנטער אַנדערע פון גליק פאַרטיילטע מענטשן, וואָס פילן אָן די גרויסע שטעט מיט שרעק און אומזיכער־קייט. און כדי ניט צו בלייבן קיין ליגנער און ניט צו מוטשען יענעם און זיך זעלבסט מיט אומזיסטע האָפענונגען, האָבן די ברידער אָנגעהויבן אַלץ ווייניקער צו שרייבן, און ביסלאַכווייס האָט מען, הפּנים, פון יענער זייט ים אויך פאַרלוירן דעם גלויבן, אַלץ זעלטענער געענטפערט, ביז די בריוו האָבן אינגאַנצן אויפגעהערט אָנצוקומען.

פיר יאָר נאָכדעם ווי די ברידער זיינען זיך צעגאַנגען, איז ווידער אָנגעקומען אַ בריוו. דאָס מאָל פונם פאָטער. אין אַ לאַנגן בריוו דורכגעוועבט מיט לשון-קודש'דיקע ווערטער און פסוקים פון פאַר־שיידענע חכמים, האָט ער געלאָזט וויסן די „טייערע קינדער“, אַז ער איז דאַנקן השם-יתברך נאָך אַלץ אַ שמש און דאָס ווייב אַ היהנער־הענדלערין. ווייטער לאָזט ער וויסן, אַז דער פעטער איז מיט צוויי חדשים צוריק געשטאָרבן אַן אָרימאַן און די קראַנקע, דערשלאָגענע מומע וואוינט איצט מיט אים צוזאַמען. זי לאָזט גריסן די קינדער, ווינשט זיי גליק און האָט ניט קיין פאַראיבל, וואָס זיי האָבן זי מיטן פעטער ניט אַריבערגענומען צו זיך, קיין אַמעריקע. מן הסתם, דאַרף אַזוי זיין: גאָט ווייסט בעסער וואָס

ער טוט. איצט לעבט זי מיטן איינציקן האָפענונג וואָס גיכער שוין אריבערצופאָרן צו דעם, וואָס לעבט אייביק, און זיך ווידער טרעפן מיטן פעטער.

לאַנג איז עוזר געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און פאַר-בראָכענע הענט. צענדליקע בילדער פון זיין לעבן בײַ די גוטע פעטער און מומע האָבען געשוועבט פאַר אים און טרערן זיינען לאַנגזאַם איבער זיינע באַקן געלאָפן. דאָס האַרץ האָט געגאָגט און ס׳האָט זיך אַזוי געביינקט נאָך זיין ברודער שלומן, מיט וועמען ער וואָלט געקענט צוזאַמען באַוויינען דעם אומגליק פון זייערע איינציקע, בעסטע פריינט.

אויף מאָרגן האָט ער טעלעגראַפיש אַוועקגעשיקט צו זיך אין שטעטל צוויי הונדערט דאָלער: הונדערט און פופציק פאַר דער מומען און פופציק פאַרן פאָטער.

ווען ער האָט שפּעטער געוויזן דעם בריוו אסתר׳ן, האָט זי אַ זיפץ געטאָן און געזאָגט: „פור וואָומען . . . וועל . . . שיק איר ארויס אַ פאַר דאָלער !“ און זי האָט רואיק פאָרטגעזעצט איר גאַנג צום שלאָפצימער. און אַ געדאַנק איז אין עוזרס מח דורכגעפלויגן, אַז ווען מען קומט צו איר מיט אַ נאַכריכט, אַז מען האָט אים אַלייז ערגעץ־וואו דערשאָסן, וואָלט זי אויך פונקט אַזאַ זיפץ געטאָן און מיט דעם זעלבן טאָן געזאָגט: „פור באָי . . . וועל . . . מען דאַרף אים מאַכן אַ שיינע לויה ! . . “ און זי וואָלט גלייך אַ טראַכט געטאָן, וועמען אויף זיין אָרט צו נעמען

.12

צו דער ענדע פונם פינפטן יאָר איז עוזר „אריינגעפאַלן“. גע-כאַפּט בײַ דער האַנט האָט מען אים ניט, אין הויז האָט מען אויך גאָרניט געפונען, נאָר באַם אַרעסטירן, האָט ער שטאַרק צעשלאָגן אַ דעטעקטיוו, און דער ריכטער האָט אים דערפאַר פאַרשיקט אין טיורמע אויף זעקס חדשים. די „חברה“ האָבן דורך זייערע פריינט-

פּאָליטישנס אַלץ מיגלאַכעס געטאָן אים צו באַפרייען, עס האָט אָבער ניט געהאָלפן און ער האָט געמוזט אָפּזיצן די צייט.

געזעגנענדיק זיך מיטן ווייב האָט ער איר אַזוי געזאָגט:

— הער אויס, אסתּר, אויף זעקס חדשים בלייבסטו אַצינד איינע אַליין די בעל-הביתטע אין הויז. איך בעט דיך, אסתּרל, היט אָפּ דיין כבוד. געדיינק, אַזוי לאַנג ווי דו ביסט אַן ערלאַכע פרוי, קערסט נאָר פאַר דיין געזעצלאַכן מאַן, האָט די גאַנצע „גענג" דרך־ארץ פאַר דיר, אַכטעט דיך, קוקט אויף דיר פון אונטן אַרויף, קומט צו דיר נאָך עצות, נאָך הילף... טאָמער אָבער פאַנגסטו אָן צו מאַכן מאָנקי-ביזנעס מיט איינעם פון זיי, אפילו אַלס צייט פאַר־טרייב, אָדער אויף שפּאַס — ביסטו אַ פאַרפאַלענע . . . דאַן פאַרלירסטו בא זיי שוין אַלץ און מוזט ווערן אַלעמענס אַ נקבה. דו פאַרשטייסט? פון זיך זעלבסט, וואָס איך וועל מיט דיר דאַן טאָן, וועל איך שוין בעסער שווייגן: קענסט זיך עס שוין אַליין פאָר־שטעלן. נו, בלייב געזונט און געדיינק, אסתּר . . . איך בעט דיך.

זי האָט זיך זיכער צעלאַכט, אים באַרואיקט, און זיי האָבן זיך צעשיידט.

פיר חדשים זיינען איבערגעלאָפן.

די ערשטע צייט פלעגט אסתּר קומען אַלע וואָך אים זען און מיטברייינגען מיט זיך גאַנצע פּעק עסענוואַרג און נאַשערייען. דעם דריטן מאָנאַט האָט זי איינמאָל פאַרפעלט צו קומען, און אין פערטן — צוויי מאָל. דערנאָך, באַם זען זיך, האָט זי אים דער־ציילט, אַז זי האָט זייער ניט גוט געפילט, איז געווען באַם דאָק־טאָר: דאָס האַרץ טוט איר שטאַרק וויי. און מיט לאַסקע אין איר שטימע אים געסטראַשעט, אַז זי וועט נאָך ווען-עס-איז פּלוצלונג שטאַרבן, און ער וועט מוזן זוכן אַ נייע ווייב

עוזר האָט איר אַריינגעקוקט אין געזיכט, עפּעס געוואָלט איבערלעזן אין אירע שוואַרצע אויגן, אָבער ניט געפינענדיק קיין חטא אין איר גלייכן, רואיקן בליק, האָט ער זיך אַביסעל באַרואיקט,

זי געהאַלדזט, געקושט, און באַם געזעגענען זיך, איר עטלאַכע מאָל אָנגעזאָגט זיך בעסער אָבצוהיטן און אַריינגיין צו אַ פּראָפעסאָר.

די לעצטע צייט זיינען בײַ אים אַ פּאָר מאָל געווען זיינע גוטע ברידער, און ער האָט באַמערקט, אַז פון אַלץ דערציילן זיי אים גערן, אַ חוץ פונם ווייב, און ווען ער פרעגט זיי וועגן אסתרן, האַקן זיך זייערע רייד אָפּ און זיי פּרוּוון איבערפירן דעם געשפּרעך אויף עפּעס אַנדערש. אַ שרעק האָט גענומען גליווערן זיין האַרץ און ער האָט געפילט, אַז אַלץ אַרום אים פאַנגט אָן איינצופאַלן. בײַ זיך אין צעל, פלעגט ער פיל מאָל איבערטראַכטן די פריינדס רייד, זיך דערמאָנען אין אויסדרוק פון זייערע פּנימער, אפילו אין דעם קלאַנג פון זייערע שטימען, און וואָס מער ער האָט זיך אַריינגעטראַכט, אַלץ פאַלשער האָבן בײַ אים אין די אויערן געקלונגען דעם ווייבס מעשׂות וועגן איר קראַנקייט. ער האָט אָבער קיינעם פון דעם גאָרניט געזאָגט, און מיט פאַרקריצטע ציין און מיט אַ בלייכן, אויסגעקרימטן פּנים, באַשלאָסן צו וואַרטן.

די צווייטע וואָך פונם פינפטן מאָנאַט איז אסתר ווידער ניט געקומען אין טורמע אַריין און זיך נאָכער געקלאָגט פאַר אים, אַז זי איז דעם פאַבריקן דאָנערשטיק אַ גאַנצן טאָג געלעגן אין בעט מיט אַ שרעקלאַכן קאָפּ ווייטיק. זי האָט אים דערציילט, אַז זי האָט די לעצטע צייט אינגאַנצן אויפגעהערט באַנאַכט צו שלאָפן און אים אָנגעוויזן אויף איר בלייכקייט און די טונקעלע רינגען אַרום די אויגן.

עוזר האָט זי אַרומגענומען, איר פאַרזאָרגט אַריינגעקוקט אין פּנים, זי עטלאַכע מאָל אַ קוש געגעבן און זיך באַמיט זי מיט גוטע רייד צו באַרואיקן.

— ס'אַלל־רייט, טייערע, כ'וועל אַהיים קומען, וועל איך דיר שוין פּיקסן.

זי האָט אויף אים אַ שנעלן בליק געוואָרפן און מיט אַ שמייכל געענטפערט:

— כ'וואָלט עס שוין געוואָלט דערלעבן
— אינגאַנצן פינף וואָכן פאַרבליבן

ביידע האָבן שווער אָפּגעזיפצט.

— פאַר מיר איז עס ניט קיין פיגאַ וואָכן — האָט זי טרויעריק אַ שאָקל געגעבן מיטן קאָפּ — נאָר פינף לאַנגע יאָר.

עוזר האָט קוים איינגעהאַלטן דעם געשריי, וואָס האָט זיך פון זיין ברוסט געריסן. זיי האָבן זיך היים צעזעגנט.

דעם צווייטן דאָנערשטיק, ווען אסתּר איז אים געקומען זען, האָט ער שוין אויף זיכער געוואוסט, אַז היינט אָדער מאָרגן באַפרייט מען אים. אזוי ווי ער האָט זיך די גאַנצע צייט אין טיורמע אויפגעפירט זייער פיין, האָט דער אויפזעער אריינגעשטעלט אויך זיין נאָמען אין צעטל, פון די יעניקע, וועלכע דאַרפן באַגנאַדיקט ווערן און עס אָפּגעשיקט צום גאָווערנאָר. דעו לעצטער האָט פאַר־קירצט עוזרס שטראָף אויף אַ חודש.

אסתּרן האָט עוזר פון דעם גאָרניט געזאָגט. ער איז געוועזן זייער צערטלאַך צו איר און באַם געזעגענען האָבן זיי זיך עטלאַכע מאָל היים געקושט.

מיט דריי שעה נאָך איר אוועקגיין, האָט מען פאַר איבּ געעפנט די טויערן פון געפיינקנים און אים געזאָגט, אַז ער איז פריי.

גיך איז ער שוין ווידער געגאַנגען איבער די ניו יאָרקער גאַסן. און געדאַכט האָט זיך אים, אַז אַלץ אַרום קוקט אים אָן פאַר־וואונדערט, אַז אַלע פאַרבייגייער וואַרפן אויף אים פאַרדעכטיקע בליקן. צוערש האָט ער גלייך געוואָלט פאָרן אַהיים, נאָר באַלד זיך באַרעכנט און גענומען דעם „סאָבוויי" וואָס גייט צו בראָדוויי. ער איז אריין אין אַ רעסטאָראַן און זיך געהייסן דערלאַנגען עפּעס עסן. פאַרמאָגט האָט ער צען דאָלער, וועלכע מען האָט צוגעשט אין געפיינקנים באַ אים צוגענומען און באַם באַפרייאונג, זיי אים צוריקגעגעבן. נאָכן עסן איז ער אריין אין אַ וואָדעוויל הויז, וואו ער האָט פאַרבראַכט ביז האַלב נאָך עלף. דערנאָך האָט ער לאַנג־זאַם גענומען אַרומשפּאַצירן איבער די פריילאַכע, העל־באַלויכטענע גאַסן און זיך באַמיט צו טראַכטן פון אַלץ אין דער וועלט אַ חוץ פון זיין היים און פון אסתּרן. ער האָט ניט געוואָלט געשטערט

ווערן אין דורכפירונג פון זיין פּלאַן, וועלכן ער האָט פאַרטראַכט נאָך אין די פיינלאַך-שלאָפלאָזע נעכט אין טיורמע ,ווען ער האָט זיך אויף זיין הארטן בעטל אין אנגסטן געוואָרפן, נאָכטראַכטנדיק צו איז גאָר אינגאַנצן מיגלאַך אַזאַ זאַך ? צו אפשר איז ער גאָר פון זינען אַראָפּ ? שווידערלאַכע בילדער האָבן זיך אים פאָרגעשטעלט און ציטערנדיק מיט זיין גרויסן, שטאַרקן קערפּער האָט ער קינדיש צו איר זיינע הענט געצויגן און כמעט וויינענדיק געבעטן :

— אסתר, טייערע מיינע, איינציקע, פאַרלאָז מיך ניט ! שטופּ מיך ניט נאָך טיפער אין אָפּגרונט. אסתר, ביסט דאָך אַן ערלאַכע אידישע טאָכטער, מיין ווייב נאָך פון דער אַלטער היים. אסתר, בלייב ריין, זיי מיר טריי !

און ווען מען האָט פאַר אים די טויערן פונם אָסטראָג געעפנט, איז באַ אים ווי אויסגעקומען, אַז מען האָט אים באַפרייט פאַר דער צייט ניט צוליב זיין גוט אויפפירן זיך, נאָר כדי ער זאָל האָבן די מיגלאַכקייט אויסצוגעפינען דאָס וואָס מאַטערט אים אַזוי אומ-ערטרעגלאַך.

אַ טומפּע,אומרואיקע דערוואַרטונג האָט אים באַגעגנט באַם אַרויסגאַנג אויף דער פרייער וועלט, און אים אָנגעפילט מיט איר קאַלטן, באַוועגלאָזן אָטעם. און זיין גאַנג, זיינע געדאַנקען און טאַטן זיינען געווען אָנגעפילט מיט קעלט און שטייפקייט און די העל-באַלויכטענע גאַסן, די טויזנטער מענטשן, דאָס גאַנצע אַצינ־דיקע אַרום איז האָט זיך געשפּירט ווי אַ חלום פון דעם וואָס איז שוין געווען אָדער דאַרף ערשט קומען — — — — — — — — — —

ער איז אַריין אין אַ שיינק, און איינס נאָכן צווייטן אויסגע-טרונקען עטלאַכע גלעזלאַך קאָניאַק. עס איז אים אַביסל וואַרעמער געוואָרן. די ווענט פונם שיינק האָבן זיך ווי צערוקט אַביסל, אָבער די קעלט איז ניט פאַרשוואונדן, נאָר זיך צוזאַמענגעקליבן אין איין ווינקל אין אים, און אויף עפּעס געוואַרט. ער האָט אויסגע־טרונקען נאָך צוויי גלעזלאַך קאָניאַק, באַצאָלט, איז אַרויס אויפן גאַס, און אַרויפגעשפּרונגען אויף דער ערשטער „קאַר“ וואָס איז געגאַנגען צו דער „איסט-סייד“. אויף דער פערצנטער גאַס, אַרוי-

בערגייענדיק פון איין „קאר“ אויף דער צווייטער, האָט ער ניט ווייט פון זיך באמערקט א באקאנטע גאסן-מיידל און צווי פון זיין „חברה“, וועלכע זיינען געשטאנען אויף א ראָג און גערעדט צווישן זיך.

צוערשט האָט ער זיי געוואָלט א רוף טאָן, אָבער גלייך זיך צוריקגעכאפּט און זיך אָפּגעקערט.

פּונקט איינס אזיינער איז ער אראָפּ פון דער קאר אויף דע-לענסי סטריט און זיך פארקירעוועט אין דער גאס וואו ער האָט געוואוינט. ער האָט זיך פּראָזיכטיק ארומגעקוקט אין אַלע זייטן, טיף אָנגערוקט די הוט איבער די אויגן, און דאָס הארץ האָט גע-פלאטערט, זיך פאר עפּעס שטארק געשראָקן.

זיין וואוינונג האָט זיך געפונען אויפן ערשטן שטאָק. ער איז אריין אין הויף און דערזען, אז אין אַלע פענסטער איז פינסטער, בלויז אין שלאָפצימער ברענט שוואך די גאז. אַלץ ארום האָט אויסגעזען אזוי שטיל, אזוי גלויבנד-רואיק, אז אים איז מיט אמאָל לייכט געוואָרן אויפן הארצן, און עס האָט זיך אים פארוואָלט זיך צעלאכן אויפן קול. די קעלט און שרעק זיינען פארשוואונדן און זיין גאנצער פארדאכט האָט זיך אים פאָרגעשטעלט אזוי אומגעלומ-פּערט, לעכערלאך, אויף גאָרניט באגרינדעט.

„מן הסתם, פילט זי ווידער ניט גוט, ליגט און לייענט אירע מעשה-ביכלאך“, — האָט עוזר מיט א געפיל פון שולד געטראכט, שטיל ארויפגייענדיק די טרעפּ. ער האָט זיך צוגעגנבט צו איינער פון די דריי טירן, וועלכע זיינען ארויסגעקומען פון זיין וואוינונג אין האָל אריין, און זיך צוגעהערט. אין שלאָף צימער איז געווען שטיל. א זודיקע פרייד האָט אים מיט אמאָל ארומגעכאפּט, עס האָט זיך אים פארוואָלט א שטארקן קלאפּ טאָן אין דער טיר און הויך אויסשרייען:

— אסתר, טייערע, מיין ערלאכע ווייב, עפן שנעל אויף די טיר! דאָס בין איך, דיין מאַן, עוזר!

פּלוצלונג איז אים דאָס הארץ שטיין געבליבן. ער האָט דער-הערט אין שלאָף צימער א מענערשע שטים ריידן, און גלייך נאָכ-

דעם אסתרס שטילן געלעכטער. דער געלעכטער איז געווען א ווייכער, א לאשצנדיקער — פונקט ווי א קאץ וואלט זיך מיט א מורמלען בא די פיס געריבן און אין די אויגן געקוקט. אזוי פלעגט אמאל אסתר לאכן באנאכט זיך ליידנשאפטלאך טוליענדיק צו אים.

א פאר מינוט איז ער געשטאנען באוועגלאז, און א מינדעסטן געדאנק אין קאפ, און עס האט אים נאר געחדושט וואס זיי הערן ניט אין שטוב, ווי האסטיק און הילכיק עס קלאפט זיין הארץ. דערנאך האט ער זיך דערמאנט, אז אין א ווינקל אונטער די טרעפ איז שטענדיק געלעגן באהאלטן זיינער א שליסל צו דער ארייג־גאנגס־טיר, מיט וועלכן ער פלעגט זיך באנוצן אהיימקומנדיק שפעט באנאכט. ער איז צו צום פלאץ און אים גלייך געפונען. דער שליסל, איז פאר דער צייט היבש פארזשאווערט געווארן. ער האט אים אפגעווישט מיטן נאז־טיכל, זיך ארומגעקוקט, זוכנדיק עטוואס אין האנט אריין צו נעמען, אבער קיין זאך ניט געפונען.

באלד האט ער זיך דערמאנט, אז א פאר געשניצטע דריקלאך פון דער פארענצע באם ארויפגאנג פון די טרעפ, האבן זיך שטענ־דיק שוואך געהאלטן און זיין פיבעריש ארבעטנדיקער זכרון האט אים ניט אפגענארט: ער האט לייכט געפונען דעם פלאץ, ארויסגעצויגן א דריקל און איז באלד שוין ווידער געשטאנען אונטער דער טיר פון שלאף צימער און זיך צוגעהערט.

צוויי שטימען האבן איווייניק גאר שטיל, אפגעהאקט, גערעדט צווישן זיך. אסתר האט אפט געלאכט און איין מאל האט צו אים זיך דערטראגן א קלונג פון א גלאז.

אונטער עוזרס געניטע הענט האט זיך די טיר געעפענט און דעם מינדסטן רויש און פונקט אזוי שטיל זיך פארמאכט. דורך די צוויי צונומענע פארהאנגען פון פראנט צימער, האט ער דערזען אסתרן און הערי דעם סייף־גרעבער . . . זיי זיינען געזעסן אויף די בעטן, צווישן זיי איז געשטאנען א קליין טישל, אויף וועלכן עס האבן זיך געוויטלט צוויי גלעזער וויין. זיי האבן געשפילט אין קארטן. הערי איז געזעסן לינקס, און דעם רעקל און און א קאלנער, אסתר איז האלב-געלעגן רעכט, אין א צעשפילעטער „קימאנע", די

האָר צעלאָזן. אירע אויסגעשמירעטע פּיס האָט זי געהאַלטן בא הערין אויף די קני.

זיי האָבן עפּעס געדעט צווישן זיך, אָבער עוזרן האָט אַזוי געקלאַפּט אין מח, אַז ער האָט גאָרניט געהערט, קיין זאַך ניט פאַרשטאַנען, און לאַנגזאַם, פּאַרזיכטיק, צוזאַמענדריקנדיק דאָס געשניצטע דריקל אין האַנט, זיך אַליין נענטער געשאַרט צום שלאָף צימער.

— סטאָפּ הערי! — האָט זיך אסתר האַלב געבעטן, האַלב געבייזערט — הער אויף צו גלעטן מיינע פּיס! כ׳קען ניט שפּילן!

— אַך, אסתר׳קע טייערע, ווען איך בין לעבן דיר, בין איך איינפאַך, ווי משוגע! כ׳וואָלט דיר אויפגעגעסן, ווי אַזוי דו שטייסט און גייסט!

— שפּיל, באַדער ניט!

— געפעלט דיר דאָס דימאַנט-רינגל וועלכעס כ׳האָב דיר נעכטן געבראַכט?

— יעס, וועדי מאַטש. עס דאַרף קאָסטן אַ פּאָר הונדערטער.

— וואָס רעדסטו!? — האָט זיך הערי באַליידיקט — אונטער פינף הונדערט קענסטו עס ניט קריגן.

— דאָס בלאָפסטו שוין, ווי דיין געוואוינהייט איז. — האָט זיך אסתר צעלאַכט.

— מיר זאָלן אַזוי ביידע געזונט זיין! —

שוועד בלויז בא דיין געזונט.

ער האָט אָוועקגעלייגט די קאָרטן — אַך, אסתרל, ווען דו ווילסט מיך נאָר פאָלגן...

— פאַנגסט שוין ווידער אָן? — האָט זי האַלב אומצופרידן, אָבער אין דער זעלבער צייט ווייך און פאַרגעבנד אַ זאָג געטאָן

— ווי אַזוי זאָל איך שווייגן, אַז עס עסט מיר אויף מיין האַרץ — האָט ער מיט אַ זיפץ געענטפערט — הערסט, אסתרל, קומענדיקע וואָך גייען מיר אויסליידיקן אַ דזשועלערי סטאָר. דאָרטן איז שוין געגוג פאַראַנען וואָס צו נעמען. איך וועל דיך אינגאַנצן איינטונקען אין גאָלד און דימאַנטן, אָבער... דו מוזט אָוועקפאָרן

מיט מיר פון דאנען. נו, וואס דארפסטו אים האבן דעם קאיק, דעם מאן דיינעם? בעליוו מי, בא מיר וועסטו א שענערן לעבן מאכן! — ער האט זיך שנעל איבערגעזעצט אויף איר בעט, זי ארומגענומען און צוגעדריקט דעם קאפ צו איר אקסל.

זי האט געשוויגן א ווײַלע, פארטראכט קוקנדיק פאר זיך, דער־נאך א טיפן זיפץ געטאן: — ניין הערי, מיט דיר וועל איך ניט גיין. אויף דיר קען מען זיך ווייניק וואס פארלאזן: דו וועסט מיך נאך אין א הייזל פארקויפן.

ער איז אויפגעשפרונגען א צעקאכטער.

זי האט אים צוגעצויגן צו זיך און ארומגענומען זיין קאפ — האסט זיך ניט וואס צו בייזערן: איך פארשטיי דיך גוט, אצינד מיינסטו עס גאנץ ערנסט, אבער אזוי ביסטו שוין: א פאר־שטונקן איי, פונקט ווי איך . . . — און זי האט מיט א גאר טיפן זיפץ געענדיקט: — הלוואי וואלט איך זיך אינגאנצן ניט אנגעפאנגען מיט דיר און ניט געדארפט אצינד ציטערן טאמער וועט ווער פון דער חברה איזין עפעס איבערגעבן.

— זיי וועלן עס זיכער טאן — האט ער מרה־שחורהדיק גע־ענטפערט — און דערפאר וואלט טאקע פאר אונזביידן דאס בעסטע געווען באצייטנס זיך אפצעטראגען פון דאנען — ער האט זי ארומגענומען — פאר מיט מיר, אסתרל, איך שווער דיר, אז. . .

ער איז פלוצלונג אנטשוויגן געווארן און געבליבן זיצן מיט אן אפענעם מויל און גרויסע, פארגליווערטע אויגן.

אין דער טיר פון שלאף צימער איז, עטוואס איינגעבויגן, ווי צוזאמענגעדריקט, געשטאנען עוזר.

— נו, ענדיק . . . וואס האסטו געוואלט זאגן?

דא האט אסתר אויפגעהויבן דעם קאפ און לאנגזאם, נאכ־פאלגנדיק הערים בליק, זיך אינגאנצן אויסגעדרייט און דערזען דעם מאן. זי האט א שטילן קרעכץ געטאן, און מיט טויט שרעק מיטביידע עלענבויגנס פארדעקט דעם פנים.

פלוצלונג האט זיך הערי האסטיק א הויב געטאן פונם פלאץ, ארויסגעשפרונגען פון צווישן די בעטן און ארויסגעכאפט פון דער

קעשענע א רעוואָלווער. נאָר אין דעם אויגנבליק האָט עוזר זיך א וואָרף געטאָן פאָראויס און אים דערלאַנגט מיטן דרוזקל איבער דער האַנט. דער רעוואָלווער איז אַראָפּגעפאַלן אויפן דיל און עוזר האָט אים מיט איין געשיקטן קלאַפּ פונם פוס אַרונטערגעשליידערט אונטערן בעט.

הערי האָט געוואָלט א כאַפּ טאָן די פלאַש וויין פונם טיש, עוזר איז אים אָבער פאַרלאָפן דעם וועג, אָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס דריקל און אים מיטן פויסט א קלאַפּ געטאָן אין די ציין. הערי האָט געענטפערט מיט א קלאַפּ, אָבער צוויי נייע קלעפּ האָבן אים אָפּגעשטויסן צו דער וואַנט. פון זיין נאָז האָט גענומען לויפן בלוט.

ער האָט עס א וויש געטאָן, צעשמירט איבערן פּנים, איינגעטונקען אין דעם די הענט, באַפלעקט אויך עוזרס פּנים און גיך האָבן ביידע אויסגעזען ווי צוויי פאַרבלוטיקטע ווילדע חיות, וועלכע רייסן שטיקער פלייש איינער פונם צווייטן.

עטלאַכע מינוטן איז אָנגעגאַנגען א פאַרביטערטער קאַמף. א ווילדער פון אויפרעגונג, האָט זיך עוזר אַפילו ניט געהיט פאַר עריס קלעפּ, זיינע פויסטן האָבן אָבער געהאַמערט אַזוי געשווינט און שטאַרק, אַז הערי האָט זיך גיך גענומען וואַקלען, האָט פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט ביידע הענט און גענומען עפּעס שרייען.

עוזר האָט אָבער גאָרניט געהערט און אים אַפילו דאַן ניט אויפגעהערט צו שלאָגן, ווען הערי איז שוין אויף איין קני א האַלב-באַוואוסטלאָזער געשטאַנען, און ווען ער איז שוין אויפן דיל געלעגן, האָט איב עוזר נאָך לאַנג אַזוי מיט די פיס געטרעטן, ביז ער האָט זיך אינגאַנצן אויפגעהערט צו רירן.

און פּלוצלונג האָט ער דערהערט ווי עפּעס האָט א שאַרך געגעבן אין בעט, הינטער זיינע פלייצעס. ער האָט זיך שנעל אומגעקערט און דערזען, אז אסתר האָט זיך א לאָז געטאָן לויפן צו דער טיר. ער האָט זי דעריאָגט שוין אין קיך, און בא די האָר אריינגעשלעפּט צוריק אין שלאָפצימער.

— עוזר, טייערער, האָב רחמנות! — האָט זי זיך בא אים געבעטן, און איר פּנים איז וויים ווי קאַלך געווען און די הינטערש

טער טייל פון איר מויל האָט זיך קאַנוואַלסיוו געוואָרפן אַראָפּ און אַרויף — עוזר, פאַרגעס ניט אָן גאָט!

— וואָס? . . . אָן גאָט זאָל איך ניט פאַרגעסן? . . .אָן גאָט?...

— ער האָט גיכער געשטאַמלט ווי גערעדט — נו און דו? האָסטו געדיינקט אָן גאָט? מיך גענאַרט מיט אים, מיט הערין? מיטן ערגסטן פון אונז אַלע... אין אָסטראָג ניט געקומען... קראַנק געווען— מיר געבלאָפט?! נו זאָג, רייד! האָב איך דיך פריער ניט געוואָרנט? ניט געבעטן זיך בא דיר? געליבטע דאַרפסטו? געליבטע?! — און מיט ביידע פויסטן האָט ער זי געשלאָגן אין פּנים, אין קאָפּ, אין די ברוסט — וואו נאָר זיין בליק איז געפאַלן.

און ווען זי האָט אַ פּאָר מאָל אַ קוויטש געטאָן, האָט ער איר אַזוי דעם האַלדז צוזאַמענגעדריקט, אַז זי האָט דאָס מויל צעעפענט און זיך גענומען צאַפּלען מיטן גאַנצן קערפּער.

— עוזר! . . . איזי! . . . — האָט זי שוין כמעט ווי באַוואוסטלאָז געקרעכצט, און ער האָט אַלץ געשלאָגן, אַלץ ניט געקענט שטילן זיין צאָרן, צאַמען דעם ווילדן וואַנזין. און ערשט דאַן, ווען זי האָט זיך שוין אויפגעהערט צו באַוועגן אונטער זיינע קלעפּ, און איר פּנים איז געווען געשוואָלן און מיט בלוט פאַרגאָסן— האָט ער זי אַ שליידער געטאָן אין בעט אריין און זיך אָפּגעסערט.

אַ פּאָר מינוטן איז ער געשטאַנען באַוועגלאָז, דערנאָך זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול און מיט אַ צעזאַמענגעקנייטשטן, ווי מיט אַמאָל אַלט־געוואָרענעם, פּנים און האַלב־אָפענע אויגן, זיך גענומען איינקוקן אין זיין אייגענער גרויסער בילד אויף דער וואַנט, רעכטס.

אַזוי איז ער געזעסן עטליכע מינוטן. אין מח האָט שווער געהאַמערט און יעדער קלאַפּ האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אַ שטומפּן ווייטאָק איבערן גאַנצן קערפּער, ביז צו די שפּיצן פינגער. דער האַלדז האָט זיך יעדער ווײַלע צוזאַמענגעדריקט, נאָר צום דערשטיקט ווערן.

ער האָט זיך פּאַוואָליע אויפגעשטעלט, געוואָרפן אַ צעמישטן

בליק איבערן צימער און איז מיט לאנגזאמע, שווערע טריט ארויס פון הויז.

עטלאכע מינוטן איז ער געשטאנען אויפן ראג, זיך אויפמערק־זאם איינגעקוקט אין די זעלטענע פארבייגייער, געציילט די דורכ־לויפנדיקע „קארס“, דערנאך זיך דערמאנט אין א גוטן ברודער וואס האלט א פריילאכע הייזקע דא ניט ווייט, און זיך לאנגזאם געלאזט גיין אהין.

מען האט זיך דארטן מיט אים זייער דערפרייט. ער האט קורץ און שטיל איבערגעגעבן דעם בעל־הבית וואס עס איז פארגעקומען, און ווען די „באיעס“ זיינען אוועק צו אים אין הויז, האט ער זיך געהייסן דערלאנגען רויטן ווייַן און געטרונקען טרינקען איין גלאז נאך דער צווייטער. ער האט אויך איינגעלאדן מיטצוטרינקען די צוויי מיידלאך, וועלכע האבן זיך דארט געפונען.

— עה, „ליסן“, ווי אזוי רופט מען דיך? — האט עוזר, שוין האלב שכור, זיך געווענדעט צו איינער מיט א קיילכיק שווארץ־חנעוודיקן פנימל, ארויפלייגענדיק זיין קאפ אויף איר הויכן בוזעם, און אריינקוקנדיק אין אירע שמייכלענדיקע, אויסגעלאסענע אויגן— זאג, ווי אזוי הייסטו? סאפי, פאלי?

— ניט געטראפן! — האט דאס מיידל נעענטפערט זייער אויפגעלייגט, ניט אזוי פון די פאר גלעזלאך ווייַן, ווי פון דעם, וואס „איזי אליין“ האט מיט איר א „גוד־טיים“ — מיין נאמען איז בעקי.

— גוט! — האט עוזר געדרייט מיטן קאפ. — זאג מיר נאר, בעקי, האסטו אמאל געהאט א געזעצלאכן מאן?

די מיידלאך האבן אויסגעשאסן אין א געלעכטער.

— ניין, האסט ניט געהאט? גאו־טו־העלל! דארף מען ניט! בעסער אזוי! אנו בעקי, לייג נאר ארויף דיינע פיס צו מיר אויף די קני. דו גלייכסט ווען מען גלעט דיר די פיס?

בעקי האט צוגערוקט א קרעסלע, זיך אוועקגעזעצט, פאר־הויבן דאס קליידל און פארווארפן די פיס צו אים אויף די קני.

און עוזר האט געלאכט, געגלעט אירע פיס, איר עפעס פון

דער מומען מיטן פעטער דערציילט, און אלץ געטרונקען און גע־טרונקען.

מיט א שעה שפעטער איז דער בעל הבית פון הייזעל צוריק־געקומען א בלייכער, א צערודערטער און האט געזאגט צו עוזרן:

— נו, איזי, האסטו זיי געפיקסט, אז זיי וועלן עס דעם גאנצן לעבן געדיינקען, אויב זיי וועלן עס נאר אויסהאלטן!

עוזר האט א ווײַלע מיט א שווערן בליק זיך אײַנגעקוקט אין פריינטס געזיכט, זיינע ליפן האבן זיך פלוצלונג אויסגעקרימט, און האסטיק א דריק־טוענדיק צו זיך דאס מיידל, וועלכע איז בא אים אויף די קני געזעסן, האט ער ווי פאר זיך א זאג געטאן:

— מארגן וועל איך זיי אינגאנצן אוועקהרגענען! . . . אינ־גאנצן!

**.14**

אויף מארגן, צען אזייגער אינדערפרי, איז עוזר אהיים געקו־מען. אין הויז האט ער געטראפן עטלאכע פריינט און דעמזעלבן דאקטאר, וועלכער האט אים אמאל די האנט געהיילט.

אסתר איז געלעגן אין בעט מיט א פארבונדענעם פנים, גע־שוואלענע הענט און פיס, און נאר איין בלוי, אונטערגעשלאגן אויג און א שטיקל באק האבן זיך ארויסגעזען פון אונטער די ווייסע בענדער. ווען דער דאקטאר איז ארויס, האבן די פריינט ארומ־גערינגלט עוזרן און אים הארציק, נאר איינגעהאלטן, באגריסט:

— העללא, איזי! העללא פריענד! העללא באי!

— העללא! העללא! —האט עוזר מיט א זיפץ געענטפערט, און זיך ארומקוקנדיק א פרעג געטאן:

— וואו איז הערי?

— מיר האבן אים אוועקגעפירט.

— גלייך האט איר געטאן — האט עוזר געענטפערט — אבער „עני־ווייי" מעגט איר אים איבערגעבן, אז וואו נאר איך וועל אים טרעפן, עס מעג אפילו זיין אין מיטן טאג אויף דער גאס, וועט ער שוין קיין לעבעדיקער פון מיינע הענט נים ארויס!

אלע האָבן געשוויגן.

— און נאָך א זאך, באַיעס, איז פאראנען, וואָס קריינקט מיך שטאַרק: איז עס מיגלאך, אז צווישן אייך אלעמען זאָל איך קיין אמתן פריינט ניט האָבן, קיין איינעם, וועלכער זאָל געווען פילן אז נאַרנדיק מיך, נארט מען אויך אים; וועלכער זאָל געווען קומען און זאָגן: „איזי, דיין ווייב איז א פּאדלע, א בעסטיע, זי נארט דיך!"

א ווײַלע איז געווען שטיל, דערנאָך האָט זיך איינער אָפּ־גערופן:

— ביזט ניט גערעכט, איזי. יעדער פון אונז איז דיר דער בעסטער פריינט און וואָלט זיכער ניט דערלאָזט מען זאָל דיך נאַרן. די זאך איז אָבער, אז דיין ווייב איז א גרעסערע גנבטע פון אונז, און האָט אונז אלעמען די גאַנצע צייט גענאַרט. מיר האָבן זיך דערפון דערוואוסט ערשט ווען דו ביזט שוין געווען אין דזשייל, און דאַן דיר עפּעס זאָגן, האָט קיין זינען ניט געהאַט. מיר האָבן אלע געוואוסט ווי שטאַרק דו ליבסט זי. . .

עטלאכע מינוטן איז עוזר געשטאַנען פארטראכט, דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צום בעט וואו אסתר איז געלעגן, זיך איינגעקוקט אין איר בלאָ אויג, באטראכט די פארבאַנדאַזשירטע הענט און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, א זאָג געטאָן:

— אזוי, אסתר, הא?

איר אויג האָט געקוקט אויף אים, זיך שנעל גערדיימט אין זיין געסט, און ווייל עס איז געווען נאָר איין אויג, אָן א שטיקל שטערן און אָן דער ברעם, איז שווער געווען צו זאָגן צו עס קוקט אויף אים מיט האַס אָדער מיט ליבע.

— מיט הערצין הינטער מיינע פּלייצעס?! . . . און מיר פון א הארץ קראַנקייט דערציילט?! . . .

— עוזר, כ'בעט דיך! . . . — האָט זי מיט א הייזעריקע שטימע אָנגעהויבן.

אָבער בײַ די קלאַנגען פון איר קול האָט ער זיך אינגאַנצן אָנ־געצונדן. א שרעקלאכער האַס צוזאַמען מיט א טיפן מיטלייד האָט

פארגאָסן זיין הארץ. ער האָט דראָענד אויפגעהויבן די האנט און זוער ווייסט, ווען זי ווערט ניט אנטשוויגן און פארמאכט ניט דערשראָקן דאָס אויג, צו וואָלט ער זיך זעלבסט פארן קאָפּ ניט אָנגעכאַפּט און זיך ניט צעוויינט? . . . אָבער איר פייגהייט מיטן פארמאכן דאָס אויג, האָט אים ווי אָפּגעשטויסן פון איר, און ער האָט זיך געלאָזט גיין צום ארויסגאַנג.

באַ דער טיר איז ער שטיין געבליבן, זיך אָן עפּעס דערמאָנט און צוגעגאַנגען צום דרעסער, וואו אין אַ געהיימען פּלאַץ איז געווען באהאלטן אַ קליין קעסטל מיט אסתרס צירונג. עס האָט דעם ווערט געהאַט אַ פּאָר טויזנט דאָלער. אַ טייל פון דעם האָט ער איר געקויפט און אַ טייל געגנבט אין פארשיידענע צייטן. דער שופלאָד איז געווען פארשלאָסן. עוזר האָט אַ קוק געטאָן צו די פריינט, זיי האָבן פארשטאַנען זיין בליק, און איינער פון זיי האָט ארויסגענומען פון קעשענע און אים דערלאַנגט אַ פלאַך, שארף „טשיזל", מיט וועלכן עס איז ניט שווער צו עפענען פארשיידענע לייכטע שלעסער.

מיט איין דרוק האָט עוזר אריינגעיאָגט דאָס „טשיזל" אונטערן צינגל פון שלאָס, עס ארויסגעשטופּט, געעפנט דעם שופלאָד און ארויסגענומען דאָס קעסטל מיט צירונג.

דערהערנדיק דעם סקריפּ פונם זיך עפנדיקן שופלאָד, האָט אסתר, אָנווענדענדיק אַלע כחות, זיך אויפגעזעצט, און אויסשטרעקנדיק צום מאַן די ציטערנדיקע הענט, אויסגעשריען מיט אַ הייזעריקער שטימע:

— מיין דזשולערי! גיב מיר אָפּ מיין דזשולערי!

— די דזשולערי ווילסטו? דיין דזשולערי? — האָט עוזר ביטער און שפּאָטיש געלאַכט — ס'אַליגן, ס'איז ניט דיינע. די דזשולערי האָב איך געקויפט און געגנבט פאר אסתרן, פאר מיין ערלאַכער פרוי, אָבער ניט פאר אַזאַ סטערווע ווי דו . . . ניט פאר הערים געליבטע

— מיין דזשולערי! — האָט אסתר געקרעכצט.

עוזר האָט אויף איר שפּאָטיש געקוקט אַ ווײַלע, אריינגע-

ליגט דאָס קעסטאַלע אין קעשענע, און לאַנגזאַם ארויסגעגאַנגען, און נאָך אים האָבן זיך געטראָגן אסתרס הייזעריקע קולות: — מיין דזשולערי! גיב מיר אָפּ מיין דזשולערי!

דאָס צירונג האָט ער באַלד פאַרזעצט און צוויי וואָכן נאָכאַנאַנד שרעקלאַך געשכרוט. ער האָט געשפּאַנט, אין באַגלייטונג פון עטלאַכע פריינט, וואָס האָבן אים מער געהיט, ווי געטרונקען מיט אים, פון איין שיינק אין צווייטן, פון איין פריילאַכע הייזל אין א צווייטער. ער האָט געקושט און געשלאָגן די מיידלאַך, געלאַכט און געוויינט, ניט איינמאָל געשלעגן פאַרפירט, און זיך אלץ ניט געקענט באַרואיקן.

ענדלאַך איז דער שטורם אריבער. אין א פרימאָרגן האָט ער זיך אויפגעכאַפּט ערגעץ וואו אין אן אומבאַקאַנטן צימער, אויף א שמוציקער בעט, מיט א צושויבערטער, בלאָנדער פרוי באַ דער זייט. זיין קאָפּ איז געווען שווער, פּונקט ווי דער מאַרך וואָלט געשוואָלן געוואָרן, און אין ברוסט אינגאַנצן ליידיק. ער האָט א בליק געטאָן צו דער בלאָנדער פרוי און עס האָט אים גענומען עקלען. עס האָט זיך אים פאַרוואָלט זי אויפוועקן מיט א זעץ אין מויל. ער האָט זיך אָבער צוריקגעהאַלטן, זיך שנעל אָנגעטאָן און ארויס אין גאַס.

ס'איז געווען ענדע פרילינג, און די פרימאָרגנס זיינען געווען אזעלכע לויטערע, אָנגעזאָפּטע מיט פרישקייט און זונען שיין. דער הימל האָט געגלוט אזוי הויך, איז געווען אזוי ענדלאָז בלוי און די אַלטע, רוישנדיקע גאַסן האָבן אויסגעזען ניי, פריש, פּונקט, ווי מען וואָלט אלץ איבערגעפאַרבט אין העלע, פריילאַכע פאַרבן.

עוזר איז לאַנגזאַם געגאַנגען אהיים און זיך פּלוצלונג דערמאָנט אָן קראַנקען ברודער, אָן שרהן און אָן זייער קינד, וועמען ער האָט שוין אזא לאַנגע צייט ניט געזען. עפּעס האָט אים, ווי אויפגעטרייסלט. ער האָט זיך איילנדיק א לאָז געטאָן אין א צווייטער זייט און איז מיט פופצן מינוט שפּעטער שוין געזעסן פאַר דער דערפרייטער שרהן, און מיט א ציטער אין קול איר פון אלץ דערציילט. ער האָט שטיל גערעדט, שרה האָט געוויינט, און באַ דער

זייט איז מיט טרערן אין די אויגן געשטאַנען דער קליינער דניאל און זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט, פּונקט ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר.

און עוזר האָט געפילט, אַז וואָס מער ער איז זיך מתודה, אַלץ לייכטער ווערט אים אויפן האַרצן, פּונקט ווי שרהס הייסע טרערן וואָלטן אים די נשמה געוואַשן און געלויטערט

— פאָלג מיך, עוזר, — האָט שרה דורך טרערן גערעדט — פאָלג מיך. וואַרף אַוועק דיין חברה, גיב אויף דיינע ביזנעס, זאָל שוין זיין געזעג! געזעג! ווער ווייסט וואָס עס קען זיך ווידער עפּעס מאַכן אַן אומגליק, און מען וועט דיך נאָך, חלילה, אויף פילע יאָרן איינשפּאַרן. ראַטעווע זיך, עוזר. א פּאָר דאָלער האָסטו, פאָר אַוועק ערגעץ ווייט, מאַך זיך אַ פּרנסה און לעב זיך אויס דיינע יאָרן אין רו און אין שטילקייט . . . און מכח אסתרן ? זיי איר מוחל, עס איז דיין שולד, פּונקט ווי אירע : דו האָסט איר דעם האַלדז אויפגעריסן און זי אַליין צווישען די חברה געבראַכט. זיי איר מוחל, נעם זי מיט מיט זיך און זי וועט דיר נאָך זיין, ווי פריער, א טרייע, איבערגעבענע פרוי! פאָלג מיך, עוזר, איך בעט דיך.

אהיים איז ער געקומען א בארואיקטער, מיט א האַרץ אָנגעפילט מיט גוטע און בייזע געדאַנקען, מיט געפילן פון פאַרצייאונג און ראַכע געמישט. אָבער איין וואונטש איז געווען בולט און באַשטימט : אַליין צו מיט אסתרן, נאָר וואָס גיכער פון דעם אָרט לעבן זיך אַרויסצערייסן.

די טיר האָט אים געעפנט בעקי, דאָס שוואַרץ-חנעוודיקע מיידל מיט די אָנציענדע באַוועגונגען און אויסגעלאָסענע אויגן, מיט וועלכער ער האָט פאַרבראַכט די ערשטע נאַכט נאָך זיין באַפרייאונג פונם אָסטראָג.

— וואו איז . . . אסתר ? — האָט ער זי א פרעג געטאָן, זיך אַרומקוקנדיק, און דאָס האַרץ האָט אים אַזוי שאַרף געקלעמט נאָגן.

— זי איז מיט דריי טעג צוריק ערגעץ-וואו אַוועק מיט הערין, און אייך געהייסן איבערגעבן אָט דעם בריוו.

בעקי האָט אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע אַ צעקנייטשטן בריוו און עס אים דערלאַנגט.

עוזר האָט מיט ציטערנדיקע הענט געעפנט און איבערגעלעזן די פאָלגענדע ווערטער:

„ נאַר איינער, הערי איז מיין לעצטער געליבטער געווען. פאַר אים און צוזאַמען מיט אים זיינען געווען עטלאַכע אַנדערע, טאַקע פון דיינע „בעסטע" פריינט . . . פאַר דער דזשולערי וועל איך זיך נאָך ווען-עס־איז מיט דיר אָפּרעכענען, זיי זיכער . . . דיין טרייע פרוי . . .

„אסתר".

— יעס, אַזוי, הייסט עס! — האָט עוזר צו זיך זעלבסט, נאָך עטלאַכע מינוטן שווייגן אַ זאָג געטאָן, און קלאָר געפילט, אַז עטוואָס, וואָס האָט נאָך ביז איצט געלעבט אין זיין נשמה, איז מיט אַמאָל אָפּגעשטאָרבן. פּונקט ווי דאָס קורצע בריוול וואָלט אַ שאַרף מעסער געווען, און אין איין אויגנבליק אויסגעשניטן די צאַרטע מענטשלאַכע געפילן, וועלכע האָבן דאָ ערשט ניט לאַנג, אונטער שרהס ווערטער און טרערן, זיך בּאַ אים אין האַרצן אַזוי וואַרים און וויים צעבליט.

„ענדע!" האָט אימיצער בּאַ אים אינווייניק אויסגעשריען: „ענדע צו אַלץ!"

ער האָט זיך לאַנגזאַם געלאָזט גיין אין שלאָף צימער, און בעקי איז אים ווי אַ הונט געהאַרכזאַם נאָכגעגאַנגען פון הינטן, און מיט אַן אָנציענדן שמייכל אויף אירע געפאַרבטע ליפּן, שפּילנ־דיק מיט אירע שוואַרצע, אויסגעלאַסענע אוינן, אויף עפּעס געוואַרט.

— ווילט איר, איזילע, אפשר עפּעס עסן? — האָט זי אַ פרעג געטאָן, און זיך גאָר נאָענט צוגערוקט צו אים מיט איר הויכן בוזים.

עוזר האָט געוואָרפן אויף איר אַ שווערן, אָנגעשטריינגטן בליק, און קורץ געענטפערט אויף איינגליש:

— גערארי היר . . . דאַנט באָדער!

זי האָט זיך צעלאַכט און איז אַרויס פון צימער.

.15

עס זיינען אריבער נאָך פיר מאָנאטן. עוזר האָט געגנבט, גע־ראַבעוועט מיט אַ מין פאַרביטערונג און האַס צו דער גאַנצער מענטשהייט. די פרייע צייט פלעגט ער פאַרברייינגען אין טרינקען און אויסגעלאַסנקייט מיט בעקין און נאָך עטלאַכע מיידלאַך, וועלכע ער האָט אין הויז אריינגענומען. ער האָט אינגאַנצן אויפגעהערט ארויפצוקומען צו שרהן און צום קליינעם דניאלן. בעקי האָט גיך פאַרוואַנדלט דאָס הויז אין אַ פריילאַכער הייזל, וואו עס פלעגן זיך אָפּשפּילן די עקעלהאַפטסטע אָרגיעס. נאָר דעם שטענדיק האַלב־שכורן עוזרן האָט עס גאָרניט געאַרט.

אָבער אין די ניכטערע מינוטן, ווען דער קאָפּ איז אַזוי שרעק־לאַך שווער געווען און דאָס האַרץ האָט אַזוי שמערצלאַך געבלו־טיקט — פלעגט ער שטענדיק טראַכטן פון זיין ערלאַכן אָרימען ברודער, וועמעס גלויבן עס איז אַזוי אומענדלאַך טיף, און וועמעס לעבן איז אַזוי ערלאַך און ריין. און וואָס טיפער ער איז גע־זונקען, אַלץ העכער איז שלום געשטיגן אין זיינע אויגן און זיך אַלץ מער דערווייטערט פון אים.

פונם בריוו, וואָס אסתר האָט אים איבערגעלאָזט, האָט ער קיינעם קיין וואָרט ניט געזאָגט, אָבער זיינע באַציאונגען צו דער חברה האָבן זיך אין גרונט געביטן: ער האָט זיי אָנגעפאַנגען צו האַסן, איז געוואָרן פאַרדעכטיקט און זיי שוין ניט איינמאָל אָפּ־גענאַרט באַם צעטיילן זיך מיטן אָנגערויבטן.

און עס האָט זיך שוין ניט איינמאָל געמאַכט, אַז ער האָט איינעם אָדער אַ צווייטן פון דער חברה שטאַרק באַליידיקט און זיך געריסן מיט יענעם אין געשלעג. אַלע פלעגן אים אָבער פאַר־שוויינן, אָפּטרעטן דעם וועג, פילנדיק אפשר, אַז זיי האָבן אויך אַ חלק אין זיין אומגליק.

און שלום? ... שלום האָט געהאַלטן אין איין איינגיין. זיין הוסטן און שפּייען מיט שטיקלאַך בלוט איז שוין געוואָרן אַזוי אָפט, אַז דער בעל־הבית אַליין האָט אים שוין מיטן האַרבן וואָרט פאַר־

באַטן מער צו דער אַרבעט צו קומען. ער האָט אויך אַ זאַג געטאָן אַ פּאָר ווערטער וועגן הילף, נאָר ווייטער פון צען דאָלער, וואָס ער האָט אים געהייסן אַרויסגעבן מיט דער לעצטער „פּעי“, איז עס ניט געגאַנגען.

דערפאַר האָבן די אַרבעטער אויף דער צווייטער וואָך אים אַריינגעשיקט הונדערט דאָלער אַלץ פּרעזענט, און שלום האָט גע־וויינט קוקנדיק אויפן געלט, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז עס איז בלוטיקע געלט, אַז עס איז שטיקלאַך ברויט אָפּגעריסן פון הונגע־ריקע מיילער.

שלום איז געבליבן ליגן אין דער היים. אַלע צוויי טעג פלעגט אַריינקומען דער דאָקטאָר, פאַרשרייבן מעדיצינס, הייסן טרינקען וואָס מער מילך און אַ סך אייער, נעמען, מיט אַ לייכטן זיפץ פונם טיש, דעם דאָלער און אַוועקגיין. שרה האָט „געפּילעוועט“ דעם מאַן, ווי אַ קליין קינד, אים איינגערעדט צו עסן און טרינקען און איז אַלע וואָך געגאַנגען אין באַנק און מיט האַרץ־קלעמעניש אַרויסגענומען פון עוזרס געלט צו צען אָדער פופצן דאָלער.

און ווען דער אָסיען איז געקומען, האָט זיך שלום איינמאָל פאַרקילט, זיצנדיק באַם פענסטער, און די שווינדזוכט האָט אָנגע־הויבן צו גיין פאַראויס מיט שנעלע טריט. דער סוף האָט זיך גענומען דערנענטערן.

שלום האָט עס געפילט, אַלץ קלאָר פאַרשטאַנען און — אַ מערקווירדיקע זאַך : ער האָט פּלוצלונג אויפגעהערט צו דאַווענען. דאָס תּפילין־זעקל איז ווי שטענדיק געהאַנגען אויף דער וואַנט פאַר זיינע אויגן, דער טלית איז געלעגן אויפן טישל אין ווינקל, אָבער ער האָט זיי מער ניט אָנגערירט, ניט געקוקט שוין אויפן הימל, מורא האָבנדיק צו פאַרשפּעטיקן מנחה און פלעגט זיך לייגן שלאָפן ניט אָפּדאַווענענדיק מעריב.

און ווען שרה האָט אים אַ פּאָר מאָל וועגן דעם דערמאָנט, און אים ווייך אַ מוסר געטאָן, האָט ער אַ שוואַכן שולדיקן שמייכל געגעבן און מיט אַ טיפן זיפץ געענטפערט :

— צו וואָס, שרהלע? גאָט ווייס שוין לאַנג פון אַלע מיינע צרות, פאַרשטייט מיין ביטער האַרץ. צו וואָס עס איס נאָך אמאָל איבערחזרן?

גאַנצע טעג פלעגט ער פון בעט ניט אַראָפּ, אַלץ ליגן און עפּעס טראַכטן, ניט אָפּלאָזנדיק דאָס קינד פון זיך. און זיין בליק איז געווען אזוי ביטער, אזוי סאַרקאַסטיש — — — — — — — — — —

— עך, שרה, שרה — האָט ער איינמאָל געזאָגט — איך ליג און טראַכט, און וואָס מער איך טראַכט אַלץ ווייניקער פאַרשטיי איך, וואו איז דער געדאַנק, דער זינען פון לעבן? . . . איך קען בשום אופן ניט באַגרייפן, צו וואָס . . . — ער האָט ניט געענדיקט, און איז אַנטשוויגן געוואָרן, ווי דערשרעקנדיק זיך פאַר זיינע אייגענע ווערטער.

און שרה האָט ווי פאַרשטאַנען, וואָס דער מאַן האָט ניט דער־זאָגט, און מיט אַ זיפץ געענטפערט:

— גאָט ווייסט בעסער פון אונז, וואָס ער טוט, און מיר טאָרן ניט פאַרלירן דעם בטחון אין אים

און אַז עס איז געקומען די נאַכט, ווען שלום האָט דערפילט אַז דאָס איז אויך די לעצטע נאַכט פון זיין לעבן, האָט ער צוגערופן דאָס ווייב, און איר רואיק געזאָגט:

— שרה, גיי רוף מיר עוזרן.

זי האָט אויפגעציטערט פאַר פרייד, וואָס די ברידער וועלן זיך באַטש פאַרן טויט איבערבעטן, און איז מיט אַ שטילן בליפּן ארויס אין גאַס. אין פופצן מינוט אַרום איז זי צוריקגעקומען מיט עוזרן, אַ בלייכן, אַ ציטערנדן, אַ האַלב אָנגעטאָנענעם, וועמן זי האָט געטראָפן מיט אַ שכורער חברה מענער און האַלב נאַקעטע פרויען.

עוזר איז ניט זיכער צוגעגאַנגען צום בעט און האָט זיך איבער־געבויגן איבערן קראַנקען, וועלכער איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן.

— שלום, דו שלאָפסט? — האָט אים שרה לייכט אַ ריר געטאָן באַם אַקסל — גיב נאָר אַ קוק, אָט שטייט עוזר לעבן דיר . . .

דער שטארבנדער האט אויפגעעפנט די אויגן, זיך איינגעקוקט אין עוזרס פנים, און מיט א זיפץ אים געגעבן די האנט.

— שלום עליכם, ברודער . . . זעץ זיך!

עוזרן האט זיך פארוואלט פאלן אויף די קני פארן בעט, זיך גוט אויסוויינען און אלץ דעם ברודער דערציילן. ער האט שוין אזוי לאנג דאס ווארט „ברודער" ניט געהערט. ער האט צוגע־רוקט א שטול און זיך אוועקגעזעצט.

— כ'האב דיך געהייסן רופן, עוזר, — האט שלום שטיל אנ-געהויבן — ווייל איך פיל אז איך שטארב און וויל זיך מיט דיר דורכריידן.

עוזר האט א ציטער געטאן:

— גאט וועט נאך העלפן, שלום! — דאס ווארט „גאט" אויף זיינע ליפן האט אים אליין דערשראקן און ער האט לייכט אפגעקערט דעם קאפ.

— ווי דער אויבערשטער וועט וועלן. — שלום האט זיך עטוואס אויפגעהויבן, נעענטער צוגערוקט דעם קאפ צום ברודער און מיט א הייזעריקן קול גענומען ריידן: — עוזר, דו ווייסט ווי ביטער און וויסט מיין לעבן איז געווען, ווי שווער כ'האב געארבעט און בלויז א דאנק דיר שטארב איך אויף מיין אייגן בעט, וועל ניט ליגן אין פרעמדע תכריכים. איך גיב צו דו ביזט אין פילע זאכן געווען גערעכט: די מענטשן האבן פאראומרייניקט גאטס וועלט, זי איבערפילט מיט בלוט און טרערן. ברודער, איך שטארב, אבער באם געדאנק וועגן מיין קינד, אז ער וועט אויך דארפן זיך דורכ-מוטשן אזא שוידערלאכן לעבן אונטער אלעמענס פיס, ווי איך, — לעב איך דורך דעם טעם פון צענדליקע טויטן. נו, און שרה! וואס וועט פון איר ווערן? עוזר, מיין ברודער, דו ביסט דער איינציקער צו וועמען איך קען זיך ווענדן נאך הילף: פארלאז ניט מיין ווייב און קינד, גיב אויף זיי השגחה! איך ווייס דו האסט א גוטע הערלאכע נשמה, ביסט אבער אן אומגליקלאכער פונקט ווי איך.

— ער האט זיך שווער פארהוסט.

און עוזר איז אויפגעשפּרונגען פון זיין שטול און מיט טרערן און קול פּעסט געזאָגט, כמעט ווי אויסגעשריען:

— שלום, איך שווער דיר באַ גאָט, אַז פון היינט אָן ווארף איך אוועק מיין שענדלאַכע פּרנסה, וועל אָפּהיטן שרהן און דאָס קינד, ווי מיינע אויגן אין קאָפּ, און וועל מאַכן פון אים אַ מענטשן צו לייטן גלייך! . . . איך שווער עס דיר!

שלום האָט געוואָרפן אויפן ברודער אַ דאַנקבאַרן בליק, האָט אויסגעצויגן צו עוזרן זיין רעכטע האַנט, וועלכע דער לעצטער האָט פּעסט אָנגענומען מיט זיין רעכטער האַנט, און טרערן האָבן זיך איןביידנס אויגן באַוויזן.

און אַ גאַנצע נאַכט, ביז זעקס אַזייגער אינדערפרי, ווען שלום איז אויסגעגאַנגען, האָבן עוזר מיט שרהן ניט אָפּגעטראָטן פון זיין בעט: ער פון איין זייט און זי פון דער צווייטער. אַלע מאָל האָבן זיי אים דערלאַנגט עפּעס אַנדערש, געגלעט און געוואַרימט זיינע קאַלטע הענט און אומבאַמערקט פאַר אים געווישט די טרערן.

זיבן אַזייגער אינדערפרי האָט עוזר אָנגעקלאַפּט באַם קאָזין סעם אין דער טיר, וואו ער איז שוין פינף יאָר ניט געווען. דער קאָזין מיט זיין ווייב זיינען דערשראָקן געוואָרן, דערזעענדיק דעם אומערוואַרטעטן גאַסט און אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם חוב, וואָס זיי זיינען אים שולדיק.

ער האָט זיי דערציילט פון שלומס טויט, און געבעטן דעם קאָזין גלייך אַרויפרופן דעם מיסטער סאַדיגורסקי. מיט צען מינוט שפּעטער איז שוין דער פּעדלער געשטאַנען אַ פאַרשלאָפענער פאַר עוזרן און אים נייגעריק אָנגעקוקט.

— איר האָט שוין מן-הסתם געהערט, אַז היינט איז מיין ברודער געשטאָרבן? — האָט אים עוזר אַ פרעג געטאָן.

— ברוך דין אמת! — האָט דער פּעדלער אַ זיפץ געטאָן — יאָ, אייער קאָזין האָט מיר שוין געזאָגט.

— און אַזוי ווי איך האָב ניט קיין עקספּירענס אין לויהס מאַכן — האָט עוזר פאָרטגעזעצט, — וויל איך, אַז איר מיט סעמן זאָלט

אראנזשירן א שיינע לויה. איך וויל פאר מיין ברודער א שיין פלאץ אויפן הייליקן אָרט, צוועלף קערידזשעס, א חזן מיט משוררים, א מנין אידן און אַלץ ווי עס דאַרף צו זיין. איר פארשטייט? פאר אייער טרחה וועל איך אייךביידן גוט באצאָלן.

— זייט רואיק, מיסטער עוזר, — האָט מיט זיכערקייט גע־ענטפערט סאדיגאָרסקי — איך קען זיך גוט מיט די חברא קדישה און אַלץ וועט זיין אויפן שענסטן אופן. גייט איצט אהיים און וואַרט רואיק. — ער האָט זיך לעבעדיק א װענד געטאָן צום קאַזין — סעם מאַך זיך פארטיק,' מיט צען מינוטן שפּעטער גייער מיר ארויס אין גאַס — און ער האָט צוגעגעבן זיך װוּנדערנדיק צו עוזרן:
— איך האָף, איר פארשטייט אַליין, אז אזא לויה מוז קאָסטן אמווייניקסטן א זעקס הונדערט דאָלער?

— דאָס איז ניט קיין אָפּהאַלט — האָט קורץ געענטפערט עוזר.

סאדיגורסקי האָט זיך לעבעדיק א רייב געטאָן די הענט:

— אויב אזוי, וועט אַלץ זיין „פוירסט קלעס" און ער האָט שטיל א זאָג געטאָן צום קאַזין: — א צינד איז מיר צוגעקומען נאָך א פרנסה.

שלומס לויה איז ווירקלאך געווען א שיינע, כמעט א רייכע. פילע שכנים און ווייטע באקאנטע, וועלכע האָבן אינדערפרי, דער־הערנדיק פונם אומגליק, זיך באַנוגנט מיט א זיפץ און א קאַלטן „ברוך דיין אמת", און אפילו ניט געטראַכט וועגן פאָרן אויפן בית-עולם, האָבן שנעל באַשלאָסן מיטצופאָרן און זיינען אויף גיך געלאָפן זיך אָנטאָן, ווען זיי האָבן דערזען דעם באַלדאַכין מיט בלומען-קראַנצן, די צוועלף קערעדזשעס און דערהערט דעם חזן מיט די משוררים.

מיסטער סאדיגאָרסקי האָט דערציילט אין האָל פאר עטלאכע ווייבער, אז אַלץ האָט צוגעשיקט א רייכער קרוב, מיט וועלכן דער פארשטאָרבענער (וואָס קומט אַליין פון א זייער רייכער, רוסישער פאַמיליע) איז געווען ברוגז און באַם לעבן פון אים קיין הילף ניט

געוואָלט נעמען. און מיט צען מינוט שפּעטער האָט די גאַנצע גאַס שוין געוואוסט דערפון.

ווען מען האָט דעם בר-מנן אַרויסגעטראָגן פון הויז און דער כאָר האָט אַ זונג-געטאָן „צדק לפניו יהלך“, איז שוין די גאַנצע גאַס, פוןביידע זייטן, געווען שוואַרץ פון מענטשן. מען איז געשטאַנען באַ די פענסטער, געהאַנגען אויף די פייער עסקייפּס, מען האָט זיך געקריגט און געריסן איבער אַ פּלאַץ אין די קערידזשעס און פילע זיינען געלאָפן נעמען דעם „עלעווייטעד“.

אַרום שרהן, זי פירנדיק אונטער די אָרים, זיינען געגאַנגען עטלאַכע שכנים, וועלכע האָבן אַזוי ביטער געוויינט, אַז דער עולם האָט ניט געוואוסט וועלכע פון זיי איז די אלמנה. צוויי פּאָליציי-לייט זיינען געשטאַנען אין מיטן וועג און געמאַכט אָרדנונג און עט-לאַכע אַלטע אידן מיט גרויע בערד האָבן מיט קנאה נאָכגעקוקט דעם באַלדאַכין, פּונקט ווי זיי וואָלטן מקנא געווען דעם גליקלאַכן טויטן, וועלכער האָט צו אַזא לויה זוכה געווען.

און ווען דער קליינער דניאל האָט מיט אַ וויינענדיקער שטימע, שוין באַם פאַרשאָטענעם פּאָטערס קבר, געגומען נאָכזאָגן דעם שמש זיין ערשטן קדיש און שרה איז צוגעפאַלן צום פרישן בערגל מיט אַ האַרצרייסנדן געשריי: „שלום, מיין מאַן!“ וועלכער איז פאַר-טרונקען געוואָרן אין די טרויעריקע קלאַנגען פונם כאָר, האָט זיך דער גאַנצער עולם צעוויינט.

אפילו מיסטער סאַדיגאָרסקי האָט אָפּגעווישט אַ טרער און נאָכער, פאָרנדיק מיטן קאָזין אַהיים אים פאַרטראַכט געזאָגט:

— הערסט, סעם, און נאָך אַלעמען וועל איך דיר זאָגן, אַז עוזר האָט זיך גאָר פיין אין אַמעריקע אַרויפגעאַרבעט. דאָ איז אַ לאַנד, פאַרשטייסטו מיך, פונם דאָלער, און יעדער איינער, אַ חוץ דעם פערד, — דעם אַרבעטער, גנבט: איינער מיט דער צושטימונג פון געזעץ, און דער צווייטער אָן דער צושטימונג פון געזעץ. פאַרן ערשטן גלעטן איבערן קעפּל, מען גיט אָפּ כבוד און פאַרן צווייטן גיט מען קלעפּ און מען זעצט טאַקע אַריין אין פּריזאָן אויך. כ'לעבן, איך פאַנג אָן צו אַכטן עוזרן פיל מער, ווי אַן ערלאַכן באָס: ווייל

א מיליאָנער קען יעדער איינער זיין, ארבעטן מיט פרעמדע הענט איז ניט זייער שווער, אָבער א גוטער גנב איז ניט אזוי לייכט צו ווערן: מען דארף עס גוט קענען, מען מוז האָבן טאַלאַנט דערצו.

סעם האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און געטראַכט פון די הונ-דערט דאָלער, וואָס ער האָט באַשלאָסן נאָך היינט צו בעטן בא עוזרן א גמילת חסד.

.16

אין גיכן האָט זיך אין דער אונטערוועלט פארשפרייט א קלאַנג, אז איזי גיט אויף די ביזנעס און פאָרט צוריק נאָך יוראָפּ. קיינעם האָט זיך עס צוערשט ניט געוואָלט גלויבן, אָבער אין גיכן האָבן זיך אַלע איבערצייגט, אז דאָס איז אמת.

עוזר האָט דער חברה דערציילט, אז ער פאָרט צוריק קיין רוסלאַנד, אָבער אין איין אמתן האָט ער באַשלאָסן צו קויפן עפּעס א סטאָר אין דער ווייטער וועסט און זיך דאָרטן אויף שטענדיק באַזעצן מיט דער שוועגערין און מיטן קינד.

ער האָט זיך פריינטלאך געזעגנט מיט די „באָיעס" אונטער-געפירט מיט זיי אַלע חשבונות און איז פארשוואונדן.

און קיינער האָט ניט געוואוסט, אז גאַנצע צוויי וואָכן, ביז שלומהס מצבה איז פאַרטיק געוואָרן, האָט זיך עוזר ווידער געפונען אין די צוויי קליינע צימערלאך אויפן פערטן שטאָק, וואו ער האָט אמאָל נאָך מיט אסתרן געוואוינט.

גאַנץ פרי, אין דעם טאָג וואָס זיי האָבן באַדאַרפט אוועקפאָרן, איז עוזר מיט שרהן און דעם קינד אוועק אויפן בית־עולם, לאַנג געשטאַנען לעבן טייערן קבר, ווען זיי האָבן פאַרלאָזן דאָ אַליין, געוויינט און שטיל זיך געזעגנט.

עס איז געווען אָנהויב ווינטער. דער גאַנצער הימל איז געווען פאַרצויגן מיט א געדיכטן, גרויען וואָלקן, פון וועלכן עס זיינען אָן א שיעור און אָן א סוף געפאַלן לייכטע, ווייסע שנייעלאַך. קיין ווינט איז ניט געווען, און די שנייעלאַך האָבן לאַנגזאַם, זיך געדרייט

אין דער לופטן, גרינג זיך געלייגט איינס אויפן צווייטן און צוזאמען געפאלן אויף דעם געלן, פארוועלקטן גראז. און די גאנצע געגנט ארום איז געווען פארפילט מיט ווייסער באוועגונג, מיט ווייסע, שימערנדיקע שאטנס.

און צוויי גרויסע, מידע מענטשן מיט א קליין קינד בא דער זייט זיינען געשטאנען לעבן דעם פרישן קבר און טרויריק זיך איינ־געקוקט אין פארשטארבענעמס בילד, וואס איז געווען איינגעפאסט אין מיטן פונם שווארצן מארמארשטיין.

און שלומס מידער בליק האט גערוט אויף זייערע פנימער און זיין געהארכזאם-טרויעריקער שמייכל האט זיי ווי מיט א שווערן זיפץ געבענטשט:

— לעבט, טייערע מיינע... מיך האט מען ניט געלאזט... אפשר וועט גאט פארט אייך העלפן...

דעצעמבער, 1916.

# אַנדזשעלינאַס תפלה

ס'איז געווען אַרום האַלב נאָך זיבן אינדערפֿרי, ווען אַנדזשע־לינאַ איז אַרויס פֿון האָטעל „פּאַריזש“, וואו זי האָט מיט אַ „גאַסט“ פֿאַרבראַכט די נאַכט.

דער פֿרימאָרגן איז געווען אַ לויטערער, אַ טיף בלויער. פֿונם „איסט ריווער“ האָט זיך ראַש געהויבן די זון און מיט אַ בלוטיק־גאָלדיקן, טריאומפֿירנדיקן גלעכטער, שנעל געטריבן געל־פֿלאַ־טערנדיקע שטראָמען שיין איבער די הונדערטער שמאָלע און ברייטע ניו יאָרקער גאַסן, באַרג אַרויף — צום „האָדסאָן“. אין די גאָלדיק־שימערנדיקע פּאַסן־ליכט האָבן זיך שטיל און דראָענד געטראָגן אַטאָמאָבילן, פֿערד מיט שווער־געלאָדענע וועגן האָבן הילכיק גע־קלאַפּט מיט זייערע מאַסיווע פֿיס, און מאַסן מענטשן האָבן זיך נערוועז געטראָגן פֿון ביידע זייטן גאַס.

אַנדזשעלינאַ איז לאַנגזאַם צוגעגאַנגען צום ראָג, שטיין גע־בליבן און אַ טראַכט געטאָן: צו זאָל זי גלייך גיין אַ היים, אָדער שפּאַצירן אַביסל. זי איז געווען מיד פֿון דער שלאָפֿלאָזער נאַכט, די אויגן האָבן זיך געקלעפּט און אונטערן האַרצן האָט געבריט פֿונם נעכטיקן וויין, רויכערן און דער שווערער, פֿעטער וועטשערע. דאָס ערגסטע איז געווען אַ מין מאָדנע געפֿיל, פּונקט ווי איר גאַנצער קערפּער וואָלט געווען באַדעקט מיט צענדליקער צוגעקלעפּטע הענט און הונדערטער פֿינגער פֿונם „גאַסט“, מיט וועלכן זי האָט די נאַכט פֿאַרבראַכט.

דאָס האָט זי געצוואונגען ווי מורא צו האָבן פֿאַר איר אייגענעם קערפּער, אויסמיידן זיך אָנצערירן אָן זיך זעלבסט און זיך איילן

וואָס שנעלער אהיים גיין און נעמען אַ הייסע באָד. אַזוי פלעגט זי פילן יעדעס מאָל, ווען זי איז געווען מיט אַ מאַן אַ גאַנצע נאַכט און יענער האָט זי שוין צו שטאַרק געמאַטערט מיט זיין „ליבע".

זי איז געשטאַנען אויפן ראַג, צוועקלאָז געקוקט פאַר זיך און גלייכגילטיק געטראַכט וועגן נעבטיקן „גאַסט":

„אַזאַ עקעלהאַפטע באַשעפעניש. איז גרויס ווי אַ קאַץ, פעט ווי אַ חזיר און וואָס פאַר אַ העסלאַכע זאַכן ער האָט עס געפאָדערט פון איר. ניט אַנדערש ער דאַרף זיין אַ פראַנצויז. פּגרן זאָל ער! " אַ גרויל איז אַריבער איר לייב. „און פאַר וואָס שיקט זי ענריקאָ צו אַזעלכע געסט? און ווייטער, וואָס פאַר אַ שוואַרץיאָר קימערט ער זיך וועגן איר? אַבי זי ברענגט אים דאָס געלט. ער וואָלט זי אַפילו מיטן טייוול אינמיטן גאַס באַלייגט... פאַרשאָלטן זאָל ער ווערן! וואָס ער האָט עס פון איר אין צוויי יאָר צייט געמאַכט!"

איר שיינער, מאַטאָווער פנים האָט זיך מיט אַמאָל אָנגעשטריינגט און די אויגן האָבן אַ שוואַרצן בליץ געטאָן. איר כעס האָט אָבער אָנגעהאַלטן בלויז אַ פּאָר מינוט. באַלד האָבן זיך אירע אויגן אויסגעלאָשן און אַ מידקייט פון אַ געבראָכענעם ווילן האָט ווידער איר פנים פאַרצויגן.

וואָס נענטער די צייט איז צוגעקומען צו אַכט אַזייגער, אַלץ געדיכטער זיינען די מענטשן שטראָמען פון ביידע זייטן גאַס געוואָרן און האַסטיקער זייער באַוועגונג צום „שאָפּ"-געגנט. פון די טונקעלע רייען מענער האָבן באַלעבנט אַרויסגעלאַכט העל-פאַרביקע פרויען קליידער און קאַפעליושן און שלאַנקע פיסעלאַך, אין ליכטיקע אָדער דורכזיכטיקע שוואַרצע זאָקן, האָבן זיך ריטמיש געהויבן אונטער די קורצע קליידלאַך. די מיידלשע אויגן זיינען געווען נאָך לייכט פאַרשלאָפן, די בליקן האָבן שוין אָבער געפינקלט און די צוגעפאַרבטע ליפּן האָבן געשמייכלט אַזוי ליב און שעלמיש צו זיך זעלבסט, צו די מענער, צו דער אויפגייענדיקער זון.

אַנדזשעלינאַ האָט מיט קנאה נאָכגעקוקט די מיידלאַך, געטראַכט אַז ערשט מיט צוויי יאָר צוריק פלעגט זי אויך אַזוי אַלע

פרימאָרגן לויפן אין שאַפּ אריין. אַלע פרימאָרגן, ביז זי האָט זיך באַקאַנט מיט איר שיינעם לאַנדסמאַן ענריקאָ. זי איז אים גלייך שטאַרק געפעלן געוואָרן, ער האָט זי גענומען אַפּוואַרטן יעדן פאַרנאַכט באַם שאַפּ, זי אויסנעמען אין פאַרשיידענע פאַרגעניגנס פּלעצער און זיך איר גיך ערקלערט אין ליבע. זי האָט אים געגלויבט און מיט פרייד אים אַנטקעגן געטראָגן איר נאָך גאָר קינדערשע נשמה, אירע ווייסע, מיידלשע חלומות, אירע ערשטע ליבעס בלומען. זי איז דאַן נאָך קיין ניינצן יאָר ניט אַלט געווען. מיט צוויי חדשים שפּעטער איז איר מוטער געשטאָרבן. דאַן האָט ענריקאָ געדונגען פאַר איר אַ צימער, צוויי וואָכן געוואוינט מיט איר און דערנאָך גענומען פירן צו איר געסט

„גאַד-דעמעט! וואָס פאַר אַ עקעלהאַפטע הינט אַלע, אַלע מענער זיינען". האָט אַנדזשעלינאַ אַ טראַכט געטאָן און זיך פּלוצלונג דערמאָנט, אַז די גאַנצע צייט פון זינט די מוטער איז טויט, איז זי בלויז איינמאָל אויף איר קבר געווען.

„הע, וואָס איז דער חלוק!" — האָט זי אומצופרידן אַ דריי געגעבן מיטן קאָפּ און גענומען גיין ווייטער, אַנטקעגן דעם מענטשן שטראָם, זשמורנדיק די אויגן פון די זונען-שטראַלן.

באַם אַריינגאַנג פון אַ נייער צוואַנציק-שטאָקיקער געביידע איז געשטאַנען אַ גרופּע מענטשן און נייגעריק צוגעקוקט ווי עטלאַכע אַרבעטער האָבן אויף אַ נעץ פון קונציק-געפלאָכטענע שטריק און רעדלאַך, געהויבן צום העכסטן שטאָק אַ גרויסע שטאָלענע קאַסע.

אַנדזשעלינאַ איז אויך שטיין געבליבן, עטלאַכע מינוטן זיך איינגעקוקט אין דער שווערער משא, וועלכע האָט זיך לאַנגזאַם און דראָענד באַוועגט, זיך הויבנדיק אַלץ העכער און העכער און אַ וואונטש איז באַ איר אויסגעוואַקסן, אַ וואונטש וועלכער איז דערגאַנגען צו דער שטופּע פון פיזישן פּיין: די שטריק זאָלן פּלאַצן און די קאַסע זאָל אויף וועמען אַרויפפאַלן. ווי איר האַרץ וואָלט זיך דאָס געקילט פונם אויסזען פון בלוט, פונם טומפּן קלאַנג פון צעשמעטערטע ביינער, פונם ווילדן אויסגעשריי

זי האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ, געבלאָנדזשעט מיטן בליק איבער

די הייזער פון דער צווייטער זייט גאַס און פּלוצלונג באמערקט דאָרטן אַ קלויסטער. ער האָט זיך ווי צוזאַמענגעגאָסן מיט די הויכע מויערן פוןביידע זייטן און דאָס איינציקע וואָס האָט אים אונטער־שידן פון זיי, זיינען געווען דריי שלאַנקע, גאָטישע טירן און פון אייזן געפלאָכטענע צלמים איבער זיי.

ס׳האָט זי מיט אַמאָל שטאַרק אַ צי געטאָן אהין. זי פלעגט דאָך פריער כמעט אַלע זונטיק גיין אין זייער קלויסטער. זי האָט אַזוי ליב געהאַט דאָס זינגען פונם כאָר, דאָס שפּילן פונם אָרגל, און די פילע ברענענדיקע ליכט פלעגן איינצייטיק אי אָנוואַרפן אויף איר אַ שרעק, אי באַרואיקן.

זי איז שנעל אריבער די גאַס, אָבער בא די טירן פונם קלויסטער איז זי שטיין געבליבן אומאַנטשלאָסן.

„ווי קען זי ארייננגיין אהין?" זי, אַזאַ שמוציקע, אַזאַ . . . וואָס פאַר אַ עקעלהאַפטע נאַכט זי האָט נאָר וואָס פאַרבראַכט, וואָס פאַר אַ שרעקלאַכע זינד זי איז באַגאַנגען. ניין, זי טאָר ניט ארייננגיין: מען וועט זי דערקענען. יעדער איינער וועט אויף איר מיטן פינ־גער אָנווייזן. מען וועט זי גלייך ארויסטרייבן".

אַ צעטומלטע איז זי געשטאַנען אַ פּאָר מינוטן בא דער טיר, געקוקט אויף די אריינגייער און ארויסגייער פונם קלויסטער און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן.

אַ פּאָליציי-מאַן האָט זיך באַוויזן אין צווייטן עק גאַס, און איז שטיין געבליבן אויפן ראָג. אַ ווײַלע האָט ער זיך איינגעקוקט אין די פאַרבייגייער און לאַנגזאַם געגומען גיין אין ריכטונג צום קלויסטער, פויל, אָבער קונציק, דרייענדיק אין האַנט זיין „קלאָב".

אַנדזשעלינאַ האָט קיינמאָל ניט איבעריק ליב געהאַט די פּאָ־ליציי, זינט אָבער זי איז פאַראיאָרן איינמאָל באַנאַכט ארעסטירט געוואָרן אין גאַס פאַר אָפּשטעלן מענער — האָט זי זיי געהאַסט, און אויך מורא געהאַט פאַר זיי. דאָס געפיל איז בלויז טיילווייז אָפּגעשוואַכט געוואָרן פון איר גאַנץ נאָענט באַקאַנטשאַפט מיט איי־ניקע העכערע פּאָליציי פאַרשטייער, וועלכע פלעגן זיך אָפט ארויף־כאַפּן צו זיי אין הויז אַ לעב טאָן מיט די מיידלאַך.

באַמערקענדיק דעם אָנקומענדיקן פּאָליציי-מאַן, האָט זיך אַנ-דזשעלינאַ דערשראָקן, און איז שנעל אַריין אין קלויסטער. אַרויפֿ-לויפֿנדיק די עטלאַכע טרעפּלאַך, האָט זי זיך זעלבסט געפּרואווט באַרואיקן, אַז קיינער קען זי דאָ ניט, קיינער וועט זי ניט טשעפּן. זי וועט זיך אַוועקזעצן אין אַ טונקעלען ווינקל און שטיל זיצן. וואָס אַרט זיי אויב זי וועט דאָרטן זיצן אין אַ ווינקל? ניין זיי וועלן זי ניט אַרויסטרייבן.

אין קלויסטער איז געווען קיל, האַלב-טונקל. אַ שוואַכע שיין איז געפֿאַלן פֿון אויבן, פֿון צוויי רייען דאַך-פֿענסטער, און זיך דורכברעכנדיק דורך די טונקעלע, פֿיל פֿאַרביקע שויבן, האָט די לופֿט אָנגענומען אַ מאָדנעם אויסטערלישן קאָלאָריט. עס איז געווען טונקל-גרוי, אָבער אין דער גרויקייט האָבן קוים באַמערקנד געשפּילט פֿאַרשיידענע פֿאַרבן, האָבן זיך געפֿלאָכטן העלע בילדער. פֿון ביידע זייטן זיינען געשטאַנען לאַנגע הילצערנע בייַנק מיט אויסגעבעטע ביינקאַלאַך צו קניען. אויף די ווענט זיינען געהאַנגען אויל-בילדער פֿון יעזוסעס לעבן. דער אַלטאַר, געבויט אין גאָטישן סטיל, אין אויסזען פֿון די גאָר אַלטע קלויסטערס, איז געווען באַשטעלט מיט סטאַטועס פֿון הייליקע און אינגאַנצן איינגעטונקען אין שימערנדיקן שיין פֿון הונדערטע ברענענדיקע ליכט. אין דער וואַנט אין מיטן אַלטאַר איז געווען איינגעמויערט אַ גרויסע גאָלדענע בילד פֿון דער הייליקער מוטער און אירע דימאַנטענע אויגן האָבן געפֿינקלט אין דער האַלב-טונקלקייט. פֿון ביידע זייטן האָבן געברענט צוויי גאָר גרויסע, באַגילדעטע ליכט און אין ביידע ווינקלען האָבן געפֿלאַטערט מיט צענדליקע פֿלעמלאַך צוויי מנורות אין אויסזען פֿון מענטשלאַכע הערצער.

אויף די קני פֿאַר דער הייליקער מוטער זיינען געשטאַנען צוויי מאָנאַשקעס אינגאַנצן איינגעהילט אין ווייסן און האָבן אין דער האַלב-טונקלקייט אויסגעזען ווי צוויי מאַרמאָרנע סטאַטועס. דער אַלטאַר איז געווען אָפּגעטיילט פֿונם איבעריקן טייל קלויסטער מיט אַ הויכער, אייזערנער פֿאַרצוימונג, פֿאַר וועלכער עס זיינען, פֿון ביידע זייטן, געשטאַנען צוויי גרויסע, דריי-עקיקע מעשענע לייכ-

טער מיט צענדליקע רעדלאך. לעבן זיי האָבן געהאנגען געלט פּוש-קעס און ס'זיינען געלעגן קופּקעס ליכטלאך. יעדער גאָט-בעטער אָדער גאָט-בעטערין פלעגט צוערש זיך אַוועקשטעלן אויף די קני תפילה טאָן, דערנאָך צוגיין צו איינע פון די צוויי דריי-עקיקע לייכטער, אריינוואָרפן א מטבעה און אָנצינדן א ליכטל, וועלכעס זיי האָבן אריינגעשטעלט אין איינעם פון די רעדלאך.

די ערשטע מינוט ווי אַנדזשעלינא איז אריין אין קלויסטער, האָט זיך איר אויסגעדאכט, אז אַלע מענטשן וועלכע זיינען דאָרטן געווען, האָבן מיט אַמאָל אויסגעדרייט צו איר די קעפּ. דאָס האַרץ האָט זיך אין איר ווי אָפּגעשטעלט און צענדליקע שפּילקעס האָבן זיך ווי איינגעשטאָכן אין איר לייב. זי האָט שוין געוואָלט ארויס-לויפן, האָט זי זיך אָבער ניט געקענט רירן פון אָרט.

עטלאכע נייע מענטשן זיינען אריינגעקומען פון גאַס, עטלאכע זיינען ארויס — קיינער האָט זיך אָבער אפילו ניט אומגעקוקט אויף איר. די דאָזיגער זיינען געווען פארנומען מיט זייערע תפילות און אַנדזשעלינא האָט פרייער אָפּגעאָטעמט און דערפילט, ווי דער שרעק טרעט אָפּ פון האַרצן. זי האָט זיך ארומגעקוקט, באַמערקט אינגאנצן א פרייע באַנק בא דער זייט און קוים אָנרירענדיק דעם דיל, ניט זיכער צוגעגאנגען און זיך אַוועקגעזעצט.

עטלאכע מינוטן איז זי געזעסן מיט פעסט צוגעשלאָסענע אויגן און געפילט ווי איר גאַנצער קערפּער עפּעס זיך און אַלעם שווערעם, ווייטאָקדיקעם נעמט לאַנגזאַם ארויסרינען און זי ווערט אינגאנצן ווי פארפילט מיט דער שטילקייט און מיטן ריח פון ווייראך. אביסל שפּעטער האָט זי געעפנט די אויגן, געוואָרפן א בליק פוןביידע זייטן און ווי דערשטוינט געוואָרן, באַמערקנדיק צווישן די גאָטבעטער א פּאָר מענער.

„וואָס טוען זיי דאָ ?" — האָט זי מיט א געפיל פון באַליידיגונג געטראכט. — „דאָ איז ניט זייער פּלאַץ. ס'איז בלויז פאַר אונזערט וועגן. זיי טאָר מען ניט אריינלאָזן אהער. ס'א ליגן! אפילו זייער שטעלן זיך אויף די קני און דאָס צינדן די ליכטלאך איז א ליגן: פון דאנען גייען זיי גלייך צו אונז און . . . "

זי האָט אומצופרידן אָפּגעקערט דעם קאָפּ און זיך גענומען איינקוקן אין אַלטאַר, וואו די צוויי מאַנאַשקעס זיינען אַלץ גע־שטאַנען אויף די קני מיט טיף געבויגענע קעפּ. זי האָט שווער אָפּגעזיפצט:

„אָט אַזוי שטייען זיי, די הייליקע שוועסטער שטונדן לאַנג יעדן פרימאָרגן און בעטן גאָט פאַר פרעמדע זינד. . . דאָס מיינט אויך פאַר אירע, פאַר אַנדזשעלינאַס זינד . . . זי נעמט אויף מענער, הולטאַיעווערט מיט זיי גאַנצע נעכט אין די האָטעלן, פרעסט, שיכורט . . . און דאָ מאַטערן זיך די הייליקע שוועסטער אויף די קני . . בעטן גאָט פאַר איר . . ."

אָן אימה, אַ פאַרצווייפלונג האָט זי אַרומגעכאַפּט. ס׳האָט זיך איר גענומען דאַכטן, אַז עטוואָס שרעקלאַכעס מוז באַלד געשען. דער דאַך וועט אויף איר אַראָפּפאַלן, די ערד וועט זיך אונטער אירע פיס עפענען און זי איינשלינגען, אָדער אַלע הייליקע וועלן אַראָפּגיין פון זייערע בילדער און פיעדעסטאַלן און אַלעמען אָנווייזן אויף איר: — „אָט איז זי! זי פאַר וועמענס זינד די וועלט קומט אָפּ! פאַר־שטיינערט זי! פאַריאָגט זי פון דאַנען!"

אַנדזשעלינאַ האָט פאַרדעקט דאָס געזיכט מיטביידע הענט, צוגעדריקט דעם קאָפּ צו דער פאַרענצע פון דער באַנק, און, זיך ווערגנדיק מיט טרערן, גענומען בעטן:

—הייליקע מוטער, זיי מיר מוחל! דו ווייסט דאָך גוט, כ׳האָב עס ניט געוואָלט . . כ׳האָב מיט מיין מוטער שטיל און ערלאַך געלעבט, אַלע פרימאָרגן אין שאָפּ געלאָפן אַרבעטן, כמעט אַלע זונטיק פרי אין קלויסטער אַריינגעגאַנגען. הייליקע מוטער פאַר־וואָס האָסטו דערלאָזט ענריקאָ זאָל מיך אַזוי שרעקליך אָפּנאַרן? איך בין דאָך דאַן אַזוי נאַריש געווען . . . וואָס האָב איך געוואוסט? ער האָט אויך מיין מוטער אָפּגענאַרט, שווערנדיק פאַר איר טויטן בעט מיט מיר חתונה צו האָבן און ווי אַ קינד מיך אָפּצוהיטן. . . אָ, דזשיזוס, פאַרוואָס שוויגסטו אים אַלץ? ער זאָגט ער האָט פאַר קיינעם גאָר קיין מורא ניט. פאַר גאָט אַליין אפילו אויך ניט. ער גייט קיינמאָל ניט אין קלויסטער, זוכט בלויז נייע מיידלאַך צו

קריגן, זיי אָפּצענאָרן און , ווי מיך, זיי נאָכער צווינגען אין גאַס ארויסצוגיין, פאַר אים געלט צו מאַכן. אָ, הייליקע מוטער, ער האָט דאָך מיך אַזוי מערדערלאַך געשלאָגן די ערשטע עטלאַכע מאָל, ווען כ'האָב זיך אַנטזאָגט זיינע געסט אויפצונעמען . . . דו ווייסט עס דאָך, הייליקע מוטער . . .

טרערן זיינען געדיכט איבער אירע באַקן געפאַלן און זי האָט אינגאַנצן געציטערט. זי האָט געפילט, אַז וואָס ביטערער איר געוויין איז אַלץ גרינגער ווערט איר קערפּער און די ציטערנדיקע הענט און קלעפּיקע פינגער פונם נעכטיקן גאַסט וועלכע זיינען ווי צוגעוואַקסן געוואָרן צו איר לייב, ווערן ביסלאַכוויים צוגאַנגען.

און איר האָט זיך געוואָלט נאָך שטאַרקער וויינען, אינגאַנצן פאַרטרונקען ווערן, זיך צוגיין אין טרערן. אַ וואַנזין האָט זי אַרומגעכאַפּט. ס'איז אויסגעוואַקסן אַ נויטווענדיקייט צו פילן פיזישע שמערצן, צו פילן בריענדיקע שמיץ פון אַ בייטש אויף איר נאַקעטן לייב, אָדער ס'זאָל זי ווער טרעטען מיט די פיס. ווערטער זיינען פאַר איר צו שוואַך געוואָרן, האָבן אויפגעהערט אויסצודריקן דאָס וואָס אין איר נשמה איז פאָרגעקומען. זי האָט זיך אין גאַנצן צוזאַמענגעדריקט און קוים געצאַמט דעם וואַנזיניק-שאַרפן וואונטש זיך אַ וואָרף טאָן אויפן דיל, קלאַפּן מיטן קאָפּ אָן קאַלטן שטיין, זיך קייקלען פון איין עק קלויסטער ביזן צווייטן און ווי אַ ווילדע חיה ברומען — — — — — — — — — — — — — — — —

זי האָט מיט אַלע כחות גענומען קנייפּן אירע באַקן, פיס און ברוסטן, איינגעביסן די ליפּן, אַז פונקן האָבן איר פון די אויגן גענומען שפּריצן און מיטן קאָפּ זיך שווער געקלאַפּט אָן דער פאַרענשע פון דער באַנק פאַר איר.

ווען דער אָנפאַל איז אַריבער, איז זי געבליבן זיצן אין גאַנצן אָן כח. דער שטערן האָט ווי געטאָן פון די קלעפּ, דאָס לייב האָט געבריט פון קנייפּן, די ליפּן זיינען געשוואָלן געוואָרן און האָבן טעמפּ געשטאָכן. דער ווייטאָק איז אָבער געווען אָן איינגענעמער און האָט שווער און לאַנגזאַם געשטראָמט אַרום באַרואיגנדיק זי און אַביסל איינשלעפערענדיק. שטיקלאַך געדאַנקען וועגן איר פאַר-

שטאַרבענער מוטער, ווענן שאַפּ וואו זי האָט אַמאָל געאַרבעט, ווענן ענריקאָן, ווענן דער ווייטער זוניקער פלאָרענציאַ, פון וואַנען זי איז מיט זעקס יאָר צוריק מיט איר מוטער געקומען — האָבן זיך ניט קלאָר געפּלאָנטערט אין מח און אויך ארויסגעשטראָמט צוזאַמען מיטן ווייטאָק.

ווען זי האָט זיך אביסל באַרואיקט, האָט זי אָפּגעווישט דאָס פּנים, וועלכעס האָט זיך ווי צוזאַמענגעצויגן פון די טרערן, אויפגע-הויבן דעם קאָפּ און זיך גענומען ארומקוקן.

דער קלויסטער איז שוין געווען כמעט ווי ליידיק:

צוויי אַלטע פרויען זיינען נאָך געשטאַנען אויף די קני אין דורכגאַנג, צווישן די ביינק, אַנדערע צוויי זיינען כמעט ווי געלעגן אויפן קאַלטן שטיינערנעם דיל פאַר דער פאַרצאַמונג פונם אַלטאַר; אַ מאַן איז געשטאַנען לעבן איינעם פון די דרייעקיגע לייכטער און געצונדן אַ ליכטל. איר בליק איז געפאַלן אויף אַ גרויסער אויל בילד רעכטס, ניט ווייט פון איר.

ישו-הנוצרי איז געזעסן בּאַ אַ טיש ארומגערינגלט מיט זיינע תּלמידים און אויף די קני, מיט די הענט אויסגעשטרעקט צו אים, איז געשטאַנען די הייליקע זינדערין מרים — אַ וואונדערשיינע, בלאָנדע פרוי מיט אַ קיילכיק געטאָקטן פולן קערפּער, וועלכער האָט ערטערווייס אַזוי ערדיש רייצנד ארויסגעקוקט פון צווישן די פאַלטן פון איר בלויען, לייכטן קלייד.

אַנדזשעלינאַ האָט זיך איינגעקוקט אין דער בלאָנדער פרוי און געטראַכט: „ווען ענריקאָ קריגט אריין אַזאַ מויד, וואָלט ער קופּעם געלט מיט איר געמאַכט. און ווי אַזוי איז זי, מאַגדאַ-לענאַ, געקומען צו דזשיזוסן און מיט איר אייגענעם ווילן געוואָרן אַ הייליקע פרוי? נו און ער, דער פריינט אירער, וועלכער האָט אויף איר אַכטונג געגעבן — אים האָט עס גאָרניט געאַרט? זי פלעג אים זיכער זייער אַ סך געלט אריינברייננגען. אַזאַ שיינע, אַזאַ געזונטע . . . וואָס אַ שטייגער וואָלט געווען, ווען זי, אַנדזשע-לינאַ, זאָל קומען צו עפּעס אַ הייליקן מאַן, אים פאַלן צו די פיס,

אלץ פאר אים אויסדערציילן און וועלן צוריק ווערן א ערלאך מיידל ?“

זי האָט א ביטערן שמייכל געטאָן : „ס'וואָלט פון דעם זיכער גאָרניט ארויסגעקומען: ענריקא וואָלט גלייך געקומען צו לויפן, איר די ביינער גוט אָנגעבראָכן און דעם הייליקן אין גאנצן אוועק־געהרגעט. ער האָט דאָך פאר קיינעם אין דער וועלט קיין מורא ניט“.

דער לעצטער געדאנק האָט בא איר ארויסגערופן א לייכטן שטאָלץ און צופרידנהייט.

זי האָט זיך פּלוצלונג געכאַפּט ווי זינדיק אירע געדאנקען זיינען און זיך דערשראָקן.

„אָ, הייליקע מוטער, דזשיזוס, וואָס פאר א שרעקלאכע זאכן עס קריכן איר איצט אין קאָפּ ארייַן ! ווי וואגט זי גאָר אזוי צו טראכטן ווענגן דער הייליקער מאגדאלינא ? זי, אנדזשעלינא, די ערגסטע פון אלע גאסן מיידלאך ? אָ, הייליקע מוטער, באהיט און באשיץ זי . . . נעם נקמה פון אירע פּייניקער, פון ענריקאָ. ער גלויבט אָן גאָרניט, ער איז ערגער פון יעדן הונט. שטראָף אים, גאָט, אָבער ניט מיטן טויט : דאָס איז פאר אים א צו קליינע שטראָף. ניין, זאָל ער לעבן, אָבער ווערן געליימט, אָן הענט און פיס זאָל ער בלייבן ליגן, און זי, אנדזשעלינא, מיט זיינע איבעריקע צוויי מיידלאך בעקי און פראנטשעסקא זאָלן איבערגיין צו זיין ביטערסטן שונא — אנטאָניא . . . הייליקע מוטער, צוזען אזא זאך און גאָרניט קענען טאָן, איז פאר אים ערגער ווי דער טויט, שרעקלאכער פון צוואנציק טויטן . . . גאָט, זאָל געשען א נס ! איך בעט דיך ! באשטראָף אים. דו קענסט דאָך אלץ!“

און מיט ברייט אָפענע אויגן, איבערפולטע מיט גלויבן און געבעט, האָט זי זיך איינגעקוקט אין אלטאר, וואו די הונדערטער ליכט האָבן אזוי געהיימניספול, נשמהדיק געפלאטערט און וואו די צוויי שוועסטער אין ווייסן זיינען באוועגלאָז געשטאנען אויף די קני.

זי האָט ווייטער געטראכט :

„הייליקע שוועסטער, ווי גוט זיי וועט זיין אויף יענער וועלט :

פֿאַר אַט דיזע אַלע שטונדן וואָס זיי שטייען דאָ אַלע טאָג אָפּ אויף די קני און בעטן פֿאַר דער זינדיקער וועלט, וועט זיי גאָט באַצאָלן מיט לאַנגע יאָרן אין גן-עדן . . . ווי גוט עס דאַרף דאָרטן זיין".

זי האָט זיך געוואָלט פֿאָרשטעלן דאָס גוטע פֿונם גן-עדן און ניט געקענט. גוט האָט באַ איר געהייסן טראָגן זיידענע קליידער, שפּעט שלאָפֿן, עסן געשמאַקע מאכלים, טרינקען גוטן וויין, אויספֿאָרן אין אָטאָמאָבילן, אַ סך טאַנצן און שלאָפֿן מיט ענריקאָ. קיין אַנדער גוטסקייט האָט זי ניט געקענט באַגרייפֿן, ניט געקענט זיך אַפֿילו פֿאָרשטעלן. דיזע אַלע גוטע זאַכן האָבן אָבער געטויגט דאָ, אויף דער וועלט, און וואָס איז גוט דאָרטן, אויפֿן הימל, האָט זי אין קיין פֿאַל ניט געקענט זיך דערטראַכטן. דער איינציקער מוסטער פֿונם גן-עדן, וועלכער האָט זיך איר יאָ געמאָלן, איז געווען דער אַלטאַר. דאָרטן אין הימל איז אַ ריזיק גרויסער אַלטאַר, וואו עס ברענען מיליאָנען, מיליאָנען גרויסע און קליינע פֿיל-פֿאַרביקע ליכט, וואו מלאכים טראָגן זיך אַרום און וואו גאָט זיצט מיט אַלע הייליקע באַ לאַנגע טישן און משפּט די זינדיקע מענטשן. דערביי איז איר אין געדאַנק געקומען דער ריכטער פֿאַר וועלכן מען האָט זי פֿאַרגע-בראַכט פֿאַראַיאָרן, ווען מען האָט זי איינמאָל אַרעסירט באַנאַכט אין גאַס פֿאַר אָפּשטעלן מענער.

זי האָט אַפֿילו אַ טראַכט געגעבן וואָס פֿאַר אַ פֿאַרב עס דאַרף זיין דער צודעק אויף די געטלאַך-ריכטערישע טישן, און באַשלאָסן, אַז זיי מוזן זיין פֿון ריינעם גאָלד, ווי די בילד פֿון דער הייליקער מוטער. ווייטער פֿון דעם האָט איר פֿאָרשטעלונגס קראַפֿט ניט געקענט גיין.

דערנאָך האָט זי גענומען טראַכטן וועגן איר איצטיקן לעבן און פּלוצלונג באַשלאָסן, אַז מער זינדיקט זי ניט. געכטן איז זי שוין זיכער דאָס לעצטע מאָל געווען מיט אַ גאַסט אין אַ האָטעל. דאָס לעצטע מאָל. נאָך מאָרגן טרעט זי אריין אין אַ מאָנאַסטיר און ווערט אַ הייליקע שוועסטער. אין ווייסן אָנגעטאָן, וועט זי פֿון גאַנץ פֿרי ביז שפּעט באַנאַכט, שטיין אויף די קני פֿאַרן אַלטאַר און בעטן באַ דעם אַלמעכטיקן גאָט פֿאַרגעבונג פֿאַר דער גאַנצער

זינדיקער וועלט . . . און ער, ענריקא, וועט זיכער קומען צולויפן... ער וועט אָבער מוזן זיצן צווישן אַלע מענטשן אין קלויסטער, פון יענער זייט פאַרצאַמונג, און וועט ניט נאָר ניט קענען איר אַ קלאַפּ אָדער אויף איר אַ געשריי טאָן, נאָר זי אַפילו אָנקוקן. און זיכער אַז אויך אַלע „זייערע" מיידלאַך פון דער עווענױ וועלן גלייך קומען צולויפן מיט זייערע פריינט און געליבטע זי אָנקוקן . . . זי וועט זיך אָבער אַפילו ניט אומקוקן אויף קיינעם פון זיי, וועט שטיין אויף די קני פאַרן אַלטאַר און הייס גאָט בעטן פאַר אַלע מענטשן. פאַר אַלע, אַ חוץ ענריקאָ . . . פאַר אים ניט: זיינע פאַרברעכנס זיינען שוין צו גרויס. ער מוז ליגן אַ געלייכטער אָן הענט און אָן פיס — דעמאָלט וועט ער ניט קענען מער זוכן קיינע „פרישע" מיידלאַך אויף „ביזנעס". און ווען ער וועט פּגרן, וועט ער גיין אין גיהנום זיכער. זאָל ער זיך דאָרטן ברענען און בראָטן: עס קומט אים אַזוי! זי וועט אָפּט אַריינקומען פונם גן-עדן זען ווי ער מאַטערט זיך . . . אָבער קיין רחמנות וועט זי אויף אים ניט האָבן, זי וועט אים נאָך דערמאָנען אַלע זיינע אַלטע מעשים.

זי האָט געוואָרפן אַ בליק רעכטס צו דער בילד, וואו מרים, אַזאַ ערדיש-אויפרעגנדיקע, איז אויף די קני פאַר יעזוסן געשטאַנען, און אַ טראַכט געטאָן: „ווען ענריקאָ קומט אין קלויסטער און דער-זעט די בילד וואָלט אין אים די גאַל געפּלאַצט, וואָס זי איז ניט קיין לעבעדיקע און ער קען זי ניט קריגן".

זי האָט זיך ווידער דערשראָקן פאַר אירע געדאַנקען, און זיך אין גאַנצן צוזאַמענדיקנדיק, גענומען שנעל בעטן דורך טרערן:

— הייליקע מוטער, זיי מיר מוחל! איך בין אַזוי אומגליקלאַך! איך ווייס ניט וואָס איך טראַכט! האָב רחמנות, דזשיזוס, איך בעט דיך.

די צוויי האַלבע טירלאַך פונם קלויסטער האָבן זיך אַלע ווײַלע געעפנט און פאַרמאַכט און מענטשן, אָמערסטן פרויען פון פאַרשיי-דענע עלטער, זיינען אַריינגעקומען און אַרויסגעגאַנגען. די אַלטע פרויען פלעגן געוויינלאַך צוערשט זיך אַביסל צוזעצן אויף אַ באַנק. דערנאָך זיך אַראָפּלאָזן אויף די קני אין דורכגאַנג צווישן ביידע

רייען ביינק און ערשט נאָכער לאַנגזאַם צוגיין צו איינעם פֿון די לייכטער, אַריינוואַרפֿן אַ מטבעה, אָנצינדן אַ ליכטל און זיך ווידער אַראָפּלאָזן אויף די קני.

די מיטליעריקע פֿרויען פֿלעגן אַמערסטן שטיין בלייבן אַ ווײַלע פֿון דער ווייטנס, ווי איינזאַפּנדיק אין זיך די קלויסטער לופֿט, דערנאָך אָנצינדן אַ ליכטל און ערשט נאָכער זיך אַראָפּלאָזן אויף די קני. זייער בעטן איז געווען אַ קורצער, אָבער אַ טיפֿער מיט פֿעסט צוגעשלאָסענע אויגן. באַם אַרויסגאַנג פֿלעגן זיך פֿילע אָפּשטעלן און מיט אַ טרויעריקן זיפֿץ אויסדרייען דעם קאָפּ אויף צוריק, וואו די צוויי שוועסטער אין ווייסן זיינען באַוועגלאָז געשטאַנען אויף די קני.

די גאָר יונגע און די מיידלאַך פֿלעגן אַריינקומענדיק גלייך גיין זיכער צום אַלטאַר, ריטמיש אָפּקלאַפּנדיק דעם טאַקט מיט זייערע הויכע אָפּזאַצלאַך, זיך לייכט, ווי שטיפֿנדיק, אַראָפּלאָזן אויף די קני אויפֿן ווייך-אויסגעבעטן טרעפּל פֿאַר דער פֿאַרצאַמונג און עטוואָס קאָקעטיש אָנבייגנדיק דערביי די קעפּלאַך. זייער תּפֿלה איז אימער געווען זייער קורץ. גיך פֿלעגן זיי אויפֿשטיין, חנעוודיק אָנצינדן זייער ליכטל, און באַלד האָבן שוין ווידער זייערע דריבנע טריט זיך ריטמיש געקייקלט צום אַרויסגאַנג.

אין קלויסטער זיינען שוין בלויז אַ פּאָר אַלטע פֿרויען פֿאַרבליבן, ווען אַנדזשעלינאַ האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון דער באַנק, איז מיט אַ אינעווייניגסטן ציטער צוגעגאַנגען צו איינעם פֿון די גרויסע לייכטער, אַריינגעוואָרפֿן אין פּושקע צוויי האַלבע דאָלערס, וועלכע דער נעכטיקער גאַסט האָט איר פֿערזענלאַך געגעבן, און אָנגעצונדן פֿיר ליכטלאַך: פֿאַר זיך, פֿאַר בעקין, פֿאַר פֿראַנטשעסקין און פֿאַר איר מוטער. דערנאָך האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני, צוגעדריק דעם שטערן צו דעם אייזן פֿונם פֿאַרצאַמונג און פֿילנדיק די נאָנטקייט פֿון די צוויי הייליקע שוועסטער און פֿון אַלע הייליקע אַרום, שפּירנדיק דאָס פֿייער פֿון די צענדליקע ברענענדיקע ליכט בײַ זיך אין דער נשמה, האָט זי ווידער איבערגעחזרט איר תּפֿילה

פאר דער הייליקער מוטער, געבעטן פארגעבונג פאר זיך און א גרויזאמע שטראף פאר „איר“ ענריקא.

מיט א לייכטן געמיט און זיכערע טריט איז זי ארוים פונם קלויסטער. אין דרויסן פאר דער טיר איז זי שטיין געבליבן און זיך זיכער ארומגעקוקט. זי האט אצינד פאר קיינעם קיין מורא ניט געהאט, געפילט אז זי האט די זעלבע רעכט דא צו שטיין, פונקט ווי יעדער אנדער מענטש.

די זון איז שוין געשטאנען גאנץ הויך. מענטשן האבן אלץ געשטראמט פוןביידע זייטן גאס, אצינד אבער זיינען די שטראמען געלאפן אראפ און ארויף, און דער קאפ האט זיך גענומען דרייען, ווען מען האט זיך אין זיי איינגעקוקט א פאר מינוט.

א רוהיקע, מיט געלאסענע טריט האט זיך אנדזשעלינא געלאזט גיין אהיים. באם ראג האט זי זיך דערמאנט, אז זי האט פארגעסן צו בעטן די הייליקע מוטער זי זאל זי אויף ווייטער אויסהיטן פון אזעלכע אויסגעלאסענע נפשות ווי דער נעכטיקער גאסט. זי האט שוין געוואלט צוריקגיין אין קלויסטער, אבער זיך גלייך דערמאנט, אז דער נעכטיקער גאסט האט איר געהייסן ווידער קומען דעם קומענדיקן מאנטיק. זי האט א זיפץ געטאן און באשלאסן אז אינדערפרי, נאכדעם ווי זי וועט זיין בא אים, וועט זי ווידער אריינגיין אין קלויסטער און שוין ניט פארגעסן אויך וועגן דעם א בעט צו טאן.

זי האט טיף אפגעזיפצעט און זיך רואיק געלאזט גיין אהיים.

אפריל, 1922

# די אַלטע חנה

שבת נאָנץ פרי — — —

די אַלטע חנה ערלויבט זיך דיזן טאָג צו שלאָפן אביסל שפּעטער. אָבער איר שלאָפן איז אייגנטלאך ניט מער ווי א מין לייכטער דרימל, א שוועבן צווישן שלאָף און וואר: דער קערפּער בלויז רוט, דער מח אָבער וואכט. זי האָט זייער האָלט דיזע פאָר פרי־מאָרגן שטונדען. געדאַנקען באַנאַכטיקע, אויסגערוטע, נאָך האַלב־פאַרשלאָפענע, ציען זיך לייכט דורכן אַלטן קאָפּ און פון דער צווייטער זייט, קומען שוין אנטקעגן טאָג־טעגלאַכע זאָרגן, רינגלען זיך ערינערונגען. אַלץ מישט זיך צוזאַמען און חנה הערט זיך נאָר צו צו דעם וואָס באַ איר אין מח קומט פאָר. בלויז די וויעס פון אירע צוגעשלאָסענע אויגן ציטערן אָפּט לייכט אויף.

אין עס־צימער שלאָגט דער וואַנט זייגער אַכט. דער קלאַנג איז א געדיכטער, דער טאָן א נידריקער און בלייבט לאַנג הענגען אין דער לופטן שוין נאָך דעם ווי דאָס קלינגען האָט אויפגעהערט.

חנה עפנט די אויגן, וואַרפט א בליק צום פענסטער, ניט א טראַכט, אז אויב זי וועט גלייך ניט אויפשטיין, וועט זי פאַרשפּעטיקן אין שול אריין. זי רירט זיך אָבער פון אָרט ניט און ציט מיט פאַרגעניגן אויס איר אַלטן קערפּער.

אין צווייטן צימער קלינגט טיי־געשיר און ס׳הערט זיך ווי די באַלעבאָסטע פון הויז, באַ וועמען חנה וואוינט אין א שלאָפצימער, רעדט אויס דער עלטערער מיידל, פאַרוואָס זי גייט ארום מיט א בחור, וועמענס משפחה שטייט דער אַלטער ניט אָן.

דאָס מיידל האָט צוערשט געשוויגן און נאַכער זיכער גע־ענטפערט:

מאמא, דיר, לאָז מיר צורו! ס׳איז בלויז מיין זאך ווענמען איך גלייך. ניט מיט זיין פאַמיליע נאָר מיט אים דאַרף איך חתונה האָבן און וואוינען צוזאַמען. און פליז, כ׳בעט דיך, רייד ניט מער פון דעם!

— עך, נייע צייטן, אַנדערע קינדער . . . — גיט חנה א טיפן זיפץ און כדי צו פאַרטרייבן די ניט געוווּנטשטע געדאַנקען, וואָס האָבן זיך אין איר א ריר געטאָן, זעצט זי זיך שנעל אויף און צווינגט זיך א טראַכט צו טאָן וועגן די עטלאַכע פעסלאך הערינג, וועלכע זי האָט פריִיטיק פאַר איר הערינג־קראָם געקויפט.

אַנטאָנדיק זיך, טראַכט חנה, אז ס׳איז שוין פשוט א חרפה — גאַנצע פיר וואָכן באַם זון ניט געווען אין דער צייט, וואָס בא דער טאָכטער פאַרברייננט זי אלע שבת. אמת, דער זון וואוינט אין די בראָנקס און די טאָכטער דאָ גאָר ניט ווייט און זי פאָרט ניט שבת, אָבער דאָך . . . און זי באַשליסט, אם אם ירצה השם, היינטיקע וואָך וועט זי אין א פשוטן אָוונט זיך דורכפאָרן זען, וואָס באַם זון הערט זיך. ס׳איז אויך ריכטיק, אז ער פאַרביינקט זיך גאַנץ ווייניק, ניט זעענדיק די מאַמע א פּאָר מאָנאַטן, אָבער וואָס קען מען טאָן? אזא נאַטור האָט ער שוין . . . דערפאַר איז אָבער די טאָכטער שוין גאָר אַנאַנדערע: זי מוז אלע וואָך צוויי־דריי מאָל אַריינקומען אין קראָם זען, וואָס די מאַמע מאַכט.

עפּעס אומרואיקעס, אָנגעווייטיקטעס, ווי א צאָן, בלויז פון איובן א פאַרהיילטער, גיט זיך א ריר אין דער אַלטערס ברוסט. זי דערפילט א מין אינעווייניקסטע קעלט און איר רעכטע העלפט פּנים גיט א ציטער.

זי גייט שנעל איבער דאָס צימער, רייבט דעם שטערן, בלייבט שטיין באַם פענסטער און קוקט אַרויס.

מענטשן איילן זיך ערגעץ־וואו פון ביידע זייטן גאַס; צוויי גרויסע ווייסע פערד מיט גראָבע פיס, שלעפּן טריט בא טריט א שווערן וואָגן מיט ביר־פעסלאך; ניט ווייט שלאָגן זיך צוויי קליינע אינגלאך און א רעדל גרויסע מענטשן שטייען אַרום און קוקן זיך נייגעריק צו.

— אַך, בייסטרוקעס, לויפערס קליינע, זע נאָר, זע נאָר ווי זיי קלאַפּן זיך עס אין די ציין און די אויגן . . . און די גרויסע גאַראַנים שטייען און קוועלן גאָר אָן . . . — און אום זיכער צו פאַרטרייבן די פּיינלאַכע געדאַנקען, טראַכט חנה פון דער שול וואוהין מען דאַרף זיך צואיילן.

אַלע אירע יאָרן האָט די אַלטע חנה זיך געפילט שולדיק געגן אירע קינדער. אַלע אירע יאָרן געקעמפט מיט אירע געפילן, אַלץ געוואָלט דאָס האַרץ מיטן זיך שרעקנדיקן מה שטייפער פאַרבינדן, אָפּט אין שול נאָך הילף געלאָפן און דאָך ניט געקענט זיך צווינגען צו ליבן איר זון אַ ביסל הייסער און די טאָכטער אַ ביסל שוואַכער.

און די קינדער האָבן עס ווי איינגעזאַפּט אין זיך צעזאַמען מיט איר מילך.

און חנה מיידט אויס צו טראַכטן וועגן דער אורזאַך פון דעם, פירט אָן אַ שטענדיקן קאַמף מיט יעדן געדאַנק, וואָס פּרואווט זי צוריק צו איר יוגנט איבערצוטראָגן.

בלויז אַמאָל, ווען זי איז קראַנק, אָדער ווען דער וועטער איז אַזוי שלעכט, אַז זי מוז אַ גאַנצן שבת אין הויז זיצן, באַזיגן זי אין דעמרונג־צייט די לייכטע שאָטנס, ערינערונגען זיסע און שווערע כאַפּן זי אַרום און נאָך אַ קורצן קאַמף גיט זי זיך איינגאַנצן איבער דער פאַרגאַנגנהייט, ווי אַ שיכור צום פלעשל, וועלכעס מען האָט באַ אים מיט גוואַלד אויף אַ צייט אַוועקגענומען — — — — — — — — שבת פאַרנאַכט

חנה איז נאָר וואָס פון דער טאָכטער געקומען, זיצט אַ מידע אין וויג שטול ביים בעט, וויגט זיך לייכט און טראַכט, אַז אָט איז שוין נאָך אַ שבת אַזוי שנעל פאַריבער, ווייניקער מיט זיבן טעג צום לעצן געבליבן און מאָרגן פאַנגט זיך אָן אַ נייע וואָך מיט די זעלבע טעג, מיט דער אַלטער, טאָג טעגלאַכער אַרבעט

די באַלעבאָסטע פון הויז, מיט וועמען חנה פאַרברייננגט אָפּט די אָוונטן, איז ערגעץ וואו אַוועק צו גאַסט מיטן מאַן און די קינדער. אין די צימערן איז שטיל, בלויז דורכן פענסטער רייסט זיך שוואַך אַריין פון גאַס דער רויש פון אויטאָמאָבילן, די געשרייען פון זיך

שפּילנדיקע קינדער און קופּעס ליכט שטראַלן, וועלכע פּילן אָן דאָס קליינע צימערל מיט זיך באַוועגנדיקע שאָטנס.

חנה וויגט זיך לייכט, שפּאַרט צו דעם קאָפּ אָן זייטל פון שטול, שליסט עטוואָס צו די אויגן און דערמאָנט זיך אָן דודלען, איר טאָכטערס פינף-יעריקן אינגעלע. דודל . . . דוד . . . ווי שטאַרק זי האָט ליב און האָט אויך מורא אין דער זעלבער צייט פאַר דעם נאָמען. דוד — — — — — — — — — — — — — —

דעם טאַטנס גרויסע, ליכטיקע שטוב שוועבט דורך פאַר איר. אין מיטן דער קיילאַכדיקער טיש מיט'ן רויטן טישטוך, שטולן אַרום. צוויי ברוינע קליידער-אַלמערס, אַ קאַמאָד באַ דער זייט, אַ קליין טישל מיט אַ געלן סאַמאָוואַר אין ווינקל, אַ שפּיגל אויף דער וואַנט. — דער הויכער טאַטע מיט זיין לאַנגער באָרד און שטרייענגען בליק. די שטילע, שוואַכע מאַמע . . .

חנה הייבט זיך שנעל אויף, גייט אומרואיק דורך דעם צימער, קנייטשט דעם שטערן, פירט איבער מיט דער האַנט אַ פּאָר מאָל איבערן געזיכט, און דאָס אַלטע האַרץ קלאַפּט אַזוי אומרוהיק. די געפילן זיינען שוין אָבער אַרויס פון אונטער איר רשות און, זיך צוזאַמענגיסנדיק מיט די לייכטע שאָטנס, פאַרפולט דעם גאַנצן צימער.

וואוהין זי ווענדעט ניט איר בליק, זיך וועלנדיק צעשטרויען, שטייט אַן אַנדער בילד פון איר יוגנט, שטייט, שמייכלט ליבלאַך אָדער ליידענד און בעט ווייטער צו טראַכטן און אָן נאָך פילעס, פילעס אַנדערעס זיך צו דערמאָנען.

חנה זעצט זיך האַסטיק אַוועק אויפ'ן בעט, רוקט זיך צו ביז'ן וואַנט און פאַרטראַכט זיך, קוקנדיק אין טונקעלן ווינקעל, וואו אויף אַ קליין טישל שטייט נאָך דער היימישער סאַמאָוואַר, פינקלענדיק מיט זיינע בייכיקע זייטן.

דוד . . . אַזוי האָט ער געהייסן, דער משרת וועלכער האָט באַ זיי אין שניט-קראָם געאַרבעט . . . זי איז נאָך קיין פולע אַכטצן יאָר ניט אַלט געווען און ער איז געווען אַזוי שיין און

געזונט. אַלע מיידלאַך פון שטעטל האָבן זיך קיין שענערע חתנים ניט געוואונטשן און די שיקסעס זענען אים פּשוט נאָכגעלאָפן.

זי פלעגט זיצן באַם געלט קעסטל, דוד האָט די סחורה פאַרקויפט און טאַטע-מאַמע זיינען אין די רופנדיקע פרימאָרגנס און אין די ביינקנדיקע פאַרנאַכטן, אַזוי אָפט און קליינט ניט געווען. ביידע האָבן זיי אויסגעוואָקסן צוזאַמען, זיך קינדערווייס אין איין גאַס געשפּילט און נאָכער, ווייל זיין טאַטע איז אַן אָרימער שניידער געווען, איז ער באַ ר׳ מענדל קיטניק, הנהס פאָטער, אַ משרת גע-וואָרן . . . ער האָט אויך געוואוינט באַם בעל-הבית, אָפט דער בעל-הביתטע אין הויז-אַרבעט אַרויסגעהאָלפן, און ווען חנה האָט אַמאָל אין אַ ווינטער פאַרנאַכט געוואָלט צו אַ חברטע צוגיין, פלעגט ר׳ מענדל הייסן דעם משרת מיטגיין מיט איר.

דוד האָט זי פאַרזיכטיק, אָפט אונטערן האַנט, איבער די שנייאיקע גרובנס געפירט און ווי אַ געטרייער הונט איר אין די אויגן געקוקט — — — — —

און זי האָט דאַן געפילט אַזוי גוט, אַליין ניט ווּסנדיק פאַרוואָס. אָפט פלעגט זי אומיסטנע פאַרלייגנערן דעם וועג, אַמאָל אין גאַנצן צו דער חברטע ניט אַריינגיין, און איר פלעגט זיך גלוסטן אויס-שטרעקן די הענט צום בלויען, מיט זילבער-פינקלדיקן הימל און זיך אויפן קול צעזינגען

— פאַוואָלע ווי דו גייסט, חנהשע, קענסט נאָך חלילה פאַלן, — און הערנדיק איר מונטערן געלעכטער, האָט ער איינמאָל אַביסל געוואַגטער געענדיקט :

— הערסט, חנהשע, ווען דו לאָזט מיך, כאַפּ איך דיך אויף די הענט און יאָג זיך אַוועק מיט דיר, ווי אַ ווילדער פערד, ווייט, ווייט אין ווייסן פעלד אַריין . . .

— דער טאַטע וואָלט דיך געהרגט, ווען ער הערט עס . . . — האָט זי שטיל געלאַכט

— זאָל ער ! — האָט דוד איינגעעקשנט געענטפערט — אָבער איך וואָלט דיך אויף די הענט געהאַלטן — און ער האָט

שטיל אָבער היים צוגעגעבן — הערסט, חנהשע, כ׳וואָלט פאַר דיר די גאַנצע וועלט אויסגעהאַרגעט!

חנהס חברטעס פלעגן אָפט צווישן זיך ריידן פון די באַקאַנטע בחורים, און אַלע זיינען געווען איינשטימיק, אַז דוד איז דער שענס־טער און שטאַרקסטער צווישן זיי. אַלע זיינען אין אים געווען אַביסל פאַרליבט. אָבער ווייטער פון אַ זיפץ זענען זייערע געפילן ניט געגאַנגען: יעדע איינע האָט פאַרשטאַנען, אַז ניט פאַר קיין משרת וועט איר דער טאַטע ערלויבן חתונה צו האָבן. חנה האָט באַ אַזעלכע געשפּרעכן אַמערסטן געשוויגן, בלויז די פאַרב פון אירע באַקן פלעגט פאַרשווינדן און דאָס האַרץ האָט אַזוי אומרוהיק געקלאַפּט.

נעבן שטעטל איז געשטאַנען אַ יונג סאָסנע־וועלדל. אַ גאַנצן זומער, אַלע שבת פאַרנאַכט, איז דאָס שטעטל געגאַנגען אַהין שפּאַ־צירן. די עלטערע פלעגן זיך אויסזעצן אויף די צוויי ברייטע לאָנ־קעס באַם אָנפאַנג וועלדל און די יונגוואַרג האָט זיך געצויגן טיפער צווישן די בוימער. די בחורים רעכטס, די מיידלאַך לינקס. אָבער פון יענער זייט וועלדל האָבן זיי זיך שוין באַגעגנט און פאַרבראַכט צוזאַמען. ווער ס׳פלעגט דערציילן פרייל־אַכע מעשיות, ווער טראַ־גישע געשיכטעס פון שאָמערס ראָמאַנען.

דוד האָט שטענדיק בלויז אויף הנחן געקוקט, און זי האָט אים אַלע ווײַלע מיט׳ן בליק געזוכט און ווען זייערע בליקן פלעגן זיך באַגעגענען האָבן זייערע ליפּן געשמייכלט און די הערצער זענען זיך פאַרגאַנגען.

ווען חנה איז נײַנצן יאָר אַלט געוואָרן איז באַ ר׳ משה שמועלזאָן, דעם גרעסטן גביר פון שטעטל, אויך אַ שניט־קרעמער און אַ תבואה־הענדלער, פּלוצלונג דאָס ווייב געשטאָרבן. און מיט פינף וואָכן נאָך דעם ווי דער אַלמן איז אויפגעשטאַנען שבעה, האָט שוין ר׳ פנחס דער שדכן, זיך אײַלנדיק, גענומען שפּאַנען פון ר׳ משה שמועלזאָנס קראָם צו ר׳ מענדל קיטניקס און צוריק, און נאָך יעדן גאַנג איז דעם שדכנס פנים אַלץ פריילאַכער געוואָרן, זײַנע

הענט האָבן זיך נערוועזער באַוועגט און דאָס היטל איז אַלץ העכער אויף דער פּאָטיליצע געקראָכן

אין שטעטל האָט מען שוין צווישן זיך שטיל, אָבער זיכער, גערעדט פון דעם צוקונפטיקן שידוך. די אַלטע האָבן גאָר אָנגע־קוואָלן פון חנהס גליק, אָבער די, שוין אַביסל אויפגעקלערטע יונג־וואַרג, האָט רחמנות געהאַט אויף דער שיינער חנהן, וועלכע וועט מוזען פּאַרוויסטן אירע יונגע יאָרן מיט אַ פיל עלטערן פון איר, קראַנקען מאַן

ווען דוד האָט צום ערשטן מאָל באַמערקט ר׳ פּנחס דעם שדכן אין קראָם, דערהערט, ווי יענער טענהט עפּעס אַזוי פלייסיק איין מיטן בעל־הבית און וואַרפן זיי הינטערוויילאַכץ בליקן צו חנהן, האָט זיך זיין האַרץ ווי מיט אַמאָל אָפּגעריסן. חנה האָט עס אויך באַמערקט, אירע אויגן האָבן זיך גלייך מיט דודס בליק געטראָפן און ביידע האָבן פּרעגנד און דערשראָקן זיך איינגעקוקט איינער אין צווייטן

דאָס איז געווען אינדערפרי. פּאַרנאַכט, צומאַכנדיק די קראָם האָט שוין דוד אַלץ געוואוסט, און איבערגעבנדיק חנהן די שליסל, זי שטיל אַ פרעג געטאָן: — חנהשע, דו פאַרשטייסט?

— יאָ . . . דוד — האָט זי קוים הערנד געענטפערט.

— ס׳איז אָבער אוממיגלאַך — האָט ער היים גענומען ריידן

— ער איז אַ קראַנקער, אַ יאַדעשליוועו, און צוויי מאָל עלטער פון דיר! . . . דיין טאַטע וועט ניט איינגיין אויף אַזאַ שרעקלאַכע זאַך!

— ער וועט יאָ איינגיין . . . — האָט זי שטיל געענטפערט און אירע ווייסע ליפּן האָבן געציטערט.

— פון וואַנען ווייסטו עס?

— כ׳האָב זיי געהערט צווישן זיך ריידן

ס׳האָט זיך ווער פון דער ווייטנס באַוויזן און זיי זיינען זיך צעגאַנגען.

אַ גאַנצע נאַכט איז חנה געלעגן מיט ברייט אָפענע אויגן און אַלץ געטראַכט און ניט געקענט באַגרייפן דאָס שרעקלאַכע, אומבאַ־

שטימטע, וואס רוקט זיך לאנגזאם אן אויף איר. און ווי אזוי דוד האט א גאנצע נאכט געפילט, האט בלויז דאס ווערדל, באס טייכל, געקענט דערציילן.

און מיט עטלאכע טעג שפעטער, האט דאס גאנצע שטעטל געקלונגען שוין מיט דער אפיציאל ארויסגעגעבענער נייעס, אז חנה ר׳ מענדל קיטניקס, איז מיט מזל א כלה געווארן פאר ר׳ משה שמועלזאן

און חנה ? . . . חנה האט געפרואווט קעמפן, געוויינט, גע-חלשט, זיך די האר פון קאפ געריסן, באם פאטערס פיס זיך געוואל-גערט — ס׳האט אבער גארניט געהאלפן: ר׳ מענדל קיטניק האט שוין געהאט זיין ווארט געגעבן און אלץ איז געווען פארפאלן.

חנה האט אויפגעהערט אין קלייט ארויסצוקומען, דוד א בלא-סער, מיט א פארלוירענעם בליק, איז ארומגעגאנגען ווי ניט אויף דער וועלט און ווי אין א חלום געטאן זיין טעגלאכע ארבעט. גראדע צו יענער צייט איז זיין פאטער געשטארבן און אלע האבן צוגעשריבן צום אומגליק זיין פאראומערטן פנים.

איינמאל אין א פארנאכט, איז חנה אויף דודס רוף צום ווערדל געקומען. ער איז צו אירע פיס געפאלן, איר די שיך געקושט און רחמים געבעטן : — חנהשע, קוילע מיך בעסער מיט דיינע אייגענע הענט, אבער טו עס ניט . . . טו עס ניט ! . . . אנטלויף מיט מיר פון דאנען, די וועלט איז גרויס, גאט און גוטע מענטשן זיינען או-מעטום פאראן . . . כ׳האב עטלאכע הונדערט קערבלאך, מיר וועלן אוועק נאך אמעריקע . . . גאט וועט אונז ניט פארלאזן, חנהשע

און זי איז געזעסן צוזאמענגעדריקט אונטער א בוים, דעם קאפ אויף די קני אראפגעלאזט און געוויינט, געוויינט

באם געזעגענען זיך האט ער זי ארומגענומען און דאס ערשטע מאל געקושט אירע קאלטע הענט, איר פארוויינטן פנים

אין צוויי חדשים ארום איז געווען די חתונה. א געחלשטע האט מען די כלה פון אונטער דער חופה ארויסגעטראגן און כמעט ווי א באוואוסטלאזע זי נאכער מיטן חתן געלאזט אליין

און דוד האָט זיך ערגעץ וואו אָנגעשכורט אין יענער נאַכט און זיך אַזוי צעשלאָגן מיט עטלאַכע גוים, אַז ער האָט נאָכער פיר וואָכן פונם בעט ניט געקענט אַראָפּגיין . . . ווען ער איז געזונט געוואָרן איז ער אוועק פון שטעטל, זיך ניט געזעגענדיק מיט קיינעם.

אין אַ יאָר אַרום איז ער צוריק געקומען און זיך אָנגעדונגען אַלס משרת, טאַקי צו ר' משה שמועלזאָן, וועלכער האָט שוין קוים די פיס ארומגעשלעפּט, זיך אַלע ווייַלע פאַרהוסטנדיק מיט זיין דריבנעם, יאַדעשליוון הוסט.

חנה האָט שוין געהאַט אַ קינד, אַ פאַרגעלט, קריינקלאַך אינגל, זייער ענלאַך צום פאָטער. זי איז שטאַרק פאַרענדערט געוואָרן: אירע אויגן, אַזעלכע גרויסע און שטראַלנדיק־פריילאַכע, דאָ ערשט ניט לאַנג, זיינען פול מיט טרויער געוועזן און דאָס פּנים בלייך און דורכזיכטיג. אויפן מאַן האָט זי ניט געקענט גלייכגילטיק אַ קוק טאָן.

— נו, חנהשע, וואָס מאַכסטו?

— גאָרניט . . . מען לעבט . . . — און אירע ליפּן האָבן געציטערט, ווי מיט אַ יאָר צוריק, ווען זיי האָבן ביידע זיך פון זייער אומגליק דערוואוסט.

ער האָט נאָך געוואָלט עפּעס זאָגן, טרערן האָבן אָבער זיינע אויגן פאַרגאָסן און ער איז שנעל אוועק.

די צייט איז געלאָפן. ר' משה שמועלזאָן איז אַלע מאָל גע־פאָרן צו אַ נייעם פּראָפעסאָר, איינגעשפּאַרט אַלץ געוואָלט זיינע קראַנקע לונגען געזונט מאַכן, איבערבויען זיין שוואַך הארץ. דאָס גאַנצע הויז האָט ער אָנגעפילט מיטן ריח פון פאַרשיידענע רפואות, פון יעדן איינעם געפאָדערט מיטגעפיל, געטיילט צדקה און לעבן אים, אונטער זיין איינענעם דאַך, האָבן צוויי יונגע, געזונטע, זיך ליבנ־דיקע נשמות געמאַטערט און אויסגעגאַנגען פון ווי און בייַנקשאַפט.

און איינמאָל אין אַ הייסער, אויפרעגנדיקער זומער־נאַכט, ווען ר' משה איז צו אַ גרויסן דאָקטאָר אין אַ נאָענטער שטאָט אוועק, האָט חנה שוין ניט געפונען אין זיך מער קיין כח פון דודס אַרימס זיך אַרויסצעררייסן און דאָס אין געהיים דערוואַרטעטע איז געשען.

און פּונקט ווי ס'איז שווער אָפּצעהאַלטן אַ שטאַרקן וואַסער־

שטראָם, וואָס האָט זיין וועג דורך אַ דאַמבע דורכגעבראָכן, אַזוי אוממיגלאַך איז געווען צו קאָנטראָלירן זייערע לאַנג־פאַרצאַמטע גע־פילן.

און אַפילו ר' משהם אהיימקומען האָט זיי ניט געקענט צוריק־האַלטן און זיי פלעגן כמעט אַלע נאַכט פאַרברייינגען צוזאַמען.

חנה האָט פאַרשטאַנען, אַז זי באַגייט אַ גרויסן פאַרברעכן, זינדיקט שרעקלאַך געגן מאַן, קינד און דער גאַנצער וועלט און זיך געפילט געפאַלן. פון דער צווייטער זייט האָבן אָבער אירע טאַטן געשטילט איר פאַרבאָרגענע נקמה-געפילן אַנטקעגן טאַטע-מאַמע, וואָס האָבן זי אַזוי אומגליקלאַך געמאַכט; געגן מאַן, וועלכער האָט זי אָן איר ווילן געקויפט, איר ריינעם קערפּער מיט זיינע שוואַכע אומאַרמונגען בלויז פאַרפלעקט, די פרוי אין איר בלויז אויפגע־וועקט און זי באַליידיקט . . . און מיט פרייד און ביטערע טרערן. פילנדיק זיך גליקלאַך און אומגליקלאַך צוזאַמען, האָט זי געברענט אין אַ העלישן פייער, פון גאָרניט מער געקענט טראַכטן און מיט צוגעמאַכטע אויגן זיך באַרג אַראָפּ געקייקלט.

ווען מען האָט דורן צוגענומען פאַר אַ סאָלדאַט, האָט זיך פאַר חנהן ערשט אָנגעהויבן דאָס רעכטע אָפּקומעניש. איר טראָגן איז געווען אַ שרעקלאַכעס. ערשט בלייבנדיק אַליין האָט זי גענומען באַגרייפן, וואָס פאַר אַ שווערן פאַרברעכן זי איז באַגאַנגען און וואָס פאַר אַ שטראָף עס וואַרט אויף איר אויף יענער וועלט. אן אשת איש איז זי . . . איר קינד וועט זיין אַ פאַרשאָלטענס אויף איי־ביק, אַ ממזר אויף דור-דורות." און זי האָט געפילט, אַז זי גייט פון זינען אַראָפּ.

זי האָט ניט געוואַגט גאָט צו בעטן, אין שול אַריין צו לויפן, אָבער שטיל אין זיך האָט זי געהאָפט, אַז זי וועט דאָס קינד ניט אויסטראָגן, שטענדיק געטראַכט פון פאַרשיידענע מיטלען ווי פון דעם פּטור צו ווערן און עס שוין אַזוי שמערצלאַך געהאַסט איידער ס'איז נאָך געבוירן געוואָרן.

אָבער אַמאָל פלעגט דורך די וואָלקנס פון מורא, האַס און פאַר־צווייפלונג, וואָס האָבן איר באַוואוסטזיין איינגעהילט, זיך דורכ־

רייסן אַ העלער שטראַל און איר שטיל אַ זאָג טאָן, אַז זי טאָר ניט אַזוי טראַכטן. דאָס קינד איז פון דודן, דעם איינציקן וועמען זי האָט אין לעבן געליבט . . . אַ קורצע ווײַלע פּלעגט זי ווי אַ פאַרכשופטע זיך אין דער אינערלאַכער שטימע איינהערן, אָנגע־שטרייַנגט קוקנדיק פאַר זיך, באַלד אָבער פּלעגט זי צו זיך קומען און זיך פילן נאָך געפאַלענער, נאָך מער פאַרצווייפלט.

זי איז זיכער געווען, אַז דאָס קינד וועט זיין ניט קיין געוויינ־לאַכעס, אַז די קללה וועט אויף דעם פּנימל זיין אויסגעגאָסן און די גאַנצע וועלט וועט זיך גלייך דערוויסן פון איר פאַרברעכן

דעם ערשטן טאָג נאָך דער קינדבעט, האָט זי מורא געהאַט אויפן קינד אַ קוק צו טאָן, אַלעמען באַטראַכט פאַרדעכטיק, זיך צוגעהערט ניט גלויבנדיק ווי אַלע קוועלן אָן פון „דער געזונטער, שיינער מויד, קיין עין הרע", און אַלץ געוואַרט אויף עטוואָס שרעקלאַכעס

און בלויז ווען איר מוטער איז אַליין מיט איר אין צימער גע־בליבן, האָט זי מיט ציטערנדיקע הענט דאָס קינד גענומען, דורך־טרערן אין רויטן פּנימל זיך איינגעקוקט און ס'האָט זיך איר גע־וואָלט עס אויפן דיל אַראָפּשטויסן און צום האַרצן צודריקן — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צען לאַנגע יאָרן זיינען פאַריבער — יאָרן שווערע פאַר חנהן . . . קריינקלאַך, איינגעהאַלטן און שטיל, ווי זיין פאָטער, איז איר ערשטעס קינד, דאָס אינגל, געוואַקסן; בליענד, צערטלאַך און פול מיט לעבן איז דאָס צווייטע קינד, דאָס מיידל, געווען. און איר האַרץ איז פון ווייַ אויסגעגאַנגען, האָט אַ שטענדיקן קאַמף געפירט צווישן שולד און רחמנות פון איין זייט און הייסער ליבע פון דער צווייטער. ליבן ביידן גלייך האָט זי געוואָלט און ניט געקענט און ניט געוואַגט בא גאָט הילף צו בעטן.

ר' משה שמועלזאָן איז דערווייל אַלץ קראַנקער געוואָרן, די געשעפטן האָבן אויך זייער שלעכט גענומען גיין, און אין אַ וואָך אַרום, נאָך דער גרויסער שרפה, וואָס האָט אַ האַלב שטעטל, און אויך זיין קראָם, פאַרניכטעט, איז ער געשטאָרבן.

נאָך דריי יאָר האָט חנה אינדערהיים פאַרבראַכט, וואוינענדיק

צוזאַמען און אַרויסהעלפנדיק אירע אַלטע טאַטע־מאַמע. און ווען זיי זיינען געשטאָרבן, האָט זי באַשלאָסן, אַז זי האָט שוין מער נים וואָס צו טאָן אין דעם וויסטן שטעטל. זי האָט זיך דורכגעשריבן מיט אירען אַ קרוב פון אַמעריקע, און קריגנדיק פון אים אַ גוטן ענטפער, האָט זי ווי מיגלאַך שנעל פאַרקויפט איר פאַטערס און דעם מאַנס הייזקעס, אַלץ געמאַכט צו מזומן, און איז אַוועק מיט די צוויי, שוין היבשע קינדער, אין דער ווייטער וועלט אַריין

ס׳איז געווען אַ סברה, אַז אויך דוד געפינט זיך ערגעץ־וואו אין אַמעריקע, וואוהין ער איז פון דער מיליטער־דינסט אַנטלאָפן.

אין נו־יאָרק האָט חנה געפונען לאַנדסלייט, עטלאַכע קרובים, זי האָט איבערגענומען אַ קליינע קראָם פון געזאָלצוואַרג, זי פיין איינגעריכטעט און די געשעפטן האָבן געגומען גיין נים שלעכט. די קינדער האָבן אָנגעפאַנגען צו באַזוכן די „סקול“ און אין דער פּרייער צייט אַרויסהעלפן דער מוטער.

אונטער דער צייט האָט זיך חנה גענומען נאָכפרעגן אויף דודן. קיינער האָט אָבער פון אים גאָרנים געהערט. און שטענדיק באַ־שעפטיקט אין דער קראָם, פול מיט זאָרגן וועגן די קינדער, איז ביסלאַכוויים אַלץ שוואַכער געוואָרן דער געהיימער וואונטש, וואָס איז ערגעץ טיף אין הארצן געלעגן פאַרבאָרגן, דער טרוים וועגן נאָך אַביסל פערזענלאַכן גליק מיט אים, מיט דודן — — —

די יאָרן לויפן שנעל, איין זומער יאָגט זיך נאָכן אַנדערן, איין ווינטער וויל איבערלויפן דעם צווייטן. און דער קאָפּ ווערט אומ־באַמערקט גרוי, דאָס געזיכט מיט לייכטע קנייטשען באַדעקט און די פּלייצע בויגט זיך ביסלאַכוויים איין. און דאָס יונגוואַרג אַרום וואַקסט אונטער אַזוי שנעל, גלויבט אין זיך אַזוי פעסט, לאַכט אַזוי פרעך, שטופּט אַוועק אַזוי חוצפהדיק די אַלטע פון די פריילאַך־רוישנדיקע לעבנס־שטעגן און אין איין שיינעם טאָג דערפילט מען זיך מיט אַמאָל אַלט, מערקט מען קלאָר, אַז דער לעבנס־וועג לויפט שוין באַרג אַראָפּ — — —

אין דעם טאָג ווען חנה האָט דאָס ערשטע אייניקל צום הארצן

צוגעדריקט, איז איר טרוים וועגן פּערזענלאכן גליק מיט איין מאָל פאַרשוואונדן.

דאָס קינד איז געווען איר טאָכטערס. דודל, האָט מען דעם קינד אַ נאָמען געגעבן, נאָכן איידעמס פאָטער.

און חנה האָט ניט געוואוסט, צי מיט דעם נאָמען וויל דער-וואָס לעבט אייביק, זי שטראָפן פאַר אירע אמאָליקע זינד, אָדער אפשר גאָר איר עלטער מיט מער וואַרמקייט און שיין באַלייכטן.

און זיך פילנדיק ניט אינגאַנצן באַקוועם באַם זון, פילט זיך חנה לייכט און גליקלאַך באַ דער טאָכטער, וועלכע איז אַזוי שרעק-לאַך ניט ענלאַך אין אַלע הינזיכטן צום ברודער.

זי שפּילט זיך מיט די אייניקלאַך, רופט יעדן מיט זיין איינג-לישן נאָמען. בלויז דעם עלטסטן, דעם ליבסטן, רופט זי דודל . . . און ווען ער זיצט באַ איר אויף די קני, דערציילט זי אים פאַרשיי-דענע געשיכטעס און עפּעס ווייכעס, ביינקנדיקעס, ווי אַ ניט ער-פילטער טרוים, באַוועגט זיך לייכט אין איר ברוסט

דודל, דודל — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין צווייטן צימער האָט זיך דערהערט אַ רויש פון טריט און אַ הילכיקער קינדערשער געלעכטער. די בעל-הביתטע איז מיטן געזינדל אהיים געקומען.

חנה האָט אויפגעציטערט, איז צו זיך געקומען און האסטיק פון בעט זיך אויפגעהויבן. אַ צוויי מינוט איז זי געשטאַנען ווי פאַרטומלט, אַ טראַכט געטאָן וואָס פאַר אַ זינדיקע מחשבות זי האָט היינט געהאַט, דערמאָנט זיך, אַז ס'איז שוין הפנים ניט פוי און זי האָט „גאָט פון אברהם“ נאָך ניט געזאָגט.

זי איז שנעל צוגעגאַנגען צום פענסטער, זיך די הענט געוואַשן מיטן אָוונט-טוי, וואָס איז צו דער שויב צוגעשטאַנען און אָפּווישנ-דיק אַ טרער, איילנדיק גענומען זאָגן: „גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב“. . .

און ערגעץ אין מח, ווי אַ זילבערנער אָפּקלאַנג פון שוין אַנט־שווינענע גלעקער אין אַ זוניקן יום־טוב טאָג, האָט ווער זינדיק־זים, שטיל, שטיל געחזרט:

עך, יוגנט . . . דוד . . . דוד . . .

מאַי, 1918.

# אין די לעצטע מינוטן

.1

ווי שטאַרק דער אייגנטימער פון די צוויי גרויסע קליידער-גע-שעפטן „דזשאָ טאַרנאָ ענד קאָ.“, איז ניט געווען שטענדיק באַ-שעפטיקט, דאָך ווען דער טויט איז אומערוואַרטעט געקומען, האָט ער געמוזט אָפּרייסן עטלאָכע, זייער נויטיקע שטונדן און שטאַרבן.

דאָס וואָס ער האָט זיך זייער זעלטן פאַרגונען צוליבן לעבן, האָט ער געמוזט טאָן צוליבן טויט.

געשען איז עס זייער איינפאַך, ווי פילע שרעקלאַכע זאַכן אין אונזער איינפאַך-שווינדלאַכן לעבן.

ביי דזשאָ טאַרנאָ איז געווען אַ מין געזעץ, אַז קיין קונה האָט ניט געטאָרט אַרויסגיין פון זיינע צוויי קראָמען אָן דער זאַך, נאָך וועלכער ער איז געקומען. און ווען ס'פלעגט זיך אַמאָל מאַכן אַ קונה אַ קרענק, אַ פאַרדרייער, וואָס האָט געקענט איינפאַך פאַר-מוטשען צוויי, דריי אָנגעשטעלטע, וועלכע פלעגן זיך ביימען לעבן אים, און צום סוף זיך ערשט גאָרניט צוקלייבן — פלעגט דער בעל-הבית אים דאַן איבערנעמען באַם אַרויסגאַנג, פירן צוריק און אַליין אָנפאַנגען ציינגן די שוין געוויזענע אָנצוגע אָדער מאַנטלען נאָר אין אַן אַנדער אָרדנונג.

— אַ זשעדנע הונט! די גאַנצע וועלט וואָלט ער איינגע-שלונגען! — פלעגן די „מענטשן“ וואָרטשן, זיך צוהערנדיק ווי דער בעל הבית רעדט אַרויס פון זיך די נשמה.

אלע האָבן אין אַזעלכע פעלע געוואונטשן דער קונה זאָל קיין זאַך ניט קויפן, ווייל אויב יאָ, וועט, אמת, דער בעל-הבית זיי גאָרניט זאָגן, אָבער אין זיין בליק וועט יעדער נאָכער איבערלעזן: „זעט ווי מען דאַרף קענען פאַרקויפן".

אַזוי איז עס אויך יענעם טאָג געווען.

הער טאַרנאַ איז נאָרוואָס אַריינגעקומען פון דער האַרלעמער קראָם אין דער דאַונטאַנער און באַם אַריינגאַנג באַמערקט צוויי קונים אָן פעקלאַך. דער בוכהאַלטער האָט אים שטיל געזאָגט, אַז שוין זייט דריי שטונדן קלייבן די צוויי אידן אָן אָנצוג, דינגען זיך אָן אַ שיעור און מען קען מיט זיי גאָרניט מאַכן. דזשאָ האָט צוריק אַריינגערופן די צוויי קונים, אַראָפּגענומען פון זיך דאָס רעקל, אַרויפגעקלעטערט אויפן לייטער און גענומען ווייזן אַנדערע סחורה.

און דאָ איז געשען אַ קלייניקייט: אום צו דערגרייכן אַ אָנצוג, וועלכער איז געהאַנגען עטוואָס העכער פון די אַנדערע, האָט ער זיך אויסגעצויגן אויף איין פוס, אויסגעשטרעקט די רעכטע האַנט און שוין אפילו געהאַט אָנגעכאַפּט דעם הענגער, אָבער אין דעם מאָמענט האָט דאָס טרעפל פונם לייטער זיך אונטער אים איינגעבראָכן און ער איז אַרונטערגעפאַלן, ניט אַרויסלאָזנדיק דעם אָנצוג פון האַנט.

געפאַלן איז ער מיט דער גאַנצער שווערקייט פון זיין דיקן קערפּער אויפן הינטער-חלק, ווייל די פיס האָבן זיך, באַם פאַלן, ביסלאַכוויים פאַרהאַלטן באַ די טרעפּלאַך פונם לייטער און דער קאָפּ באַם וואַנט.

אין קראָם איז געוואָרן אַ רויש, אַ גערודער. מען האָט אים אויפגעהייבן, אַוועקגעלייגט אויף אַ טיש און געפּרואווט ברענגען צו זיך.

באַלד זיינען אויפן פּלאַץ געווען צוויי דאָקטוירים. זיי האָבן אים אונטערזוכט, ניט געפונען קיינע סמנים פון אויסערלאַכע קלעפּ נאָר די געלקייט פון זיין פּנים, דער שנעלער זיך איבערייסנדיקער אָטעם און אויך דער וועג פונם פאַל, האָט זיי איבערציינגט, אַז עפּעס האָט זיך באַ אים אינווייניק אָפּגעריסן.

— אהיים, אהיים . . . — האָט דזשאַ אַ צוויי מאָל קוים אויס-געדעדט, קומנדיק עטוואָס צו זיך — גיכער, גיכער . . .

מען האָט געבראַכט אַן אַטאָמאָביל און אים גלייך אוועק-געפירט.

אינדערהיים האָט מען באַלד געבראַכט אַ באַוואוסטן פּראָפּע-סאָר און נאָך אַ לאַנגער אויספאָרשונג און זיך עצהנען מיט די צוויי דאָקטוירים, האָט ער דער איבערגעשראָקענער, פאַרוויינטער סיידי טאַרנאַ ערקלערט, אַז דעם מאַן האָט זיך דאָס האַרץ עטוואָס אָפּגעריסן, און מען דאַרף זיין פאַרבערייטעט צו אַלץ.

זי האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַרן קאָפּ און איז מיט אַ געוויין אַרויס פונם צימער.

ווען דער פּראָפעסאָר מיט איין דאָקטאָר זיינען אוועק און דער צווייטער איז געזעסן באַם קראַנקען, האָט סיידי טאַרנאַ אַרויס-געשיקט די דינסט מיט איר פיר יאָריקן אינגעלע דייוון פאַרן הויז זיך דורכגיין, און אַליין איז זי אַריין אין גאַסט צימער, פאַרזיכטיק פאַרמאַכט אונטער זיך די טיר, אָנגערופן אימיצן אויפן טעלעפאָן און מיט אַ ציטערנדיקר שטימע געזאָגט:

— העללאָו! נייטען, דו ביסט עס? ליסען, ס׳האָט גע-טראָפן אַן אומגליק! דזשאַ איז אַרונטערגעפאַלן אין סטאָר פון אַ לייטער און מען האָט אים געבראַכט אַ האַלב טויטן אהיים . . . יעס, יעס! הערסט? קום שוין, פּליז, דיזע מינוט. כ׳האָב מורא! כ׳בעט דיך, נעם גלייך דעם סאָבוויי! אָללרייט.

זי האָט אַוועקגעלייגט דאָס טרייבל, זיך מאַכטלאָז אַראָפּגעלאָזט אויף אַ ווייכער קרעסלע, און צוגעשפּאַרט דעם קאָפּ צום זייטל.

די געשיכטע פאַנגט זיך אָן אַזוי:

.2

מיט אַכט יאָר צוריק, אין אַ הייסן זומער טאָג, האָט די רע-גירונגס „פערי" אַריבערגעבראַכט פון „עלים-איילענד" און אַראָפּ-געלאָזט אויפן ניו יאָרקער ברעג באַ צוויי הונדערט „גרינע" פון פאַרשיידענע לענדער. צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען איינער יודל טאַרנאָווסקי, פון פּוילן. פון דער היים אַ משרת, האָט ער

זיך פאַר די בעאַמטע אָנגעגעבן אַלס שניידער, געוויזן הונדערט מיט צען קערבלאַך, און אַלץ אַ געזונטן יונגנמאַן האָט מען אים דערלויבט צו לאַנדן, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער האָט קיין פריינט און גאָר ווייניק באַקאַנטע געהאַט.

ס'איז אַריבער אַ יאָר. זייער אַ שווערער יאָר איז עס געווען פאַר יודל טאַרנאָווסקי. ער האָט זיך צו אַלץ געוואָרפן, ניט גע-שראָקן זיך פאַר דער שווערסטער אַרבעט, ס'איז אָבער ניט גע-גאַנגען. און נאָכדעם ווי ער האָט אין פעדלעריי פאַרלאָרן די לעצטע צען דאָלער, איז ער אינגאַנצן באַ זיך אַראָפּגעפאַלן, אויפגעהערט צו האָפן, צו טראַכטן וועגן אַ תכלית. אַן אָפּגעלאָזטער, אַ בייזער פלעגט ער אַרומשפּאַצירן גאַנצע טעג איבער די רווישנדיקע גאַסן, שילטן זיך זעלבסט און די „ווילדע אַמעריקע" און גאַנצע נעכט טראַכטן פון דער ווייטער, געבענטשטער היים, וואו מענטשן זיינען אַזוי מענטשלאַך, די נאַטור אַזוי רייך און וואו יעדער שטיינדל איז אַזוי היימיש־טייער. און ער האָט באַ זיך פעסט באַשלאָסן אַהיים צו פאָרן, גלייך ווי אים וועט געלינגען צוזאַמענקלייבן אויף הוצאות.

ס'איז אָבער געשען אַ קליינינקייט און אַלץ האָט זיך אַ נעם געטאָן גאָר אין אַן אַנדער זייט.

גייענדיק אין אַ טאָג דורך אַ קליינעם פּאַרק האָט אים דערקענט און אָפּגעשטעלט זיינער אַ לאַנדסמאַן, איינער מענדל באַנער, אַ געוועזענער גוטער־ברודער נאָך פון דער היים. ביידע האָבן זיך דער-פרייט, זיך צעקושט, אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק און יודל האָט אים, מיט טרערן אין די אויגן, דערציילט פון זיין איצטיקער לאַגע און פון די ליידן פאַר דער גאַנצער צייט. מענדל האָט זיך פאַרטראַכט אויף אַ פּאָר מינוטן און האָט באַשלאָסן אַרויפצונעמען יודלען צו „זיך" אין „שאַפּ", וואו ער האָט געאַרבעט אַלץ „קלאָדינג פּרע-סער". און דערווייל האָט ער אים טאַקע פאַרנומען אויף אַלץ פאַרטיקן צו זיך אַהיים.

די זון איז מיט אַמאָל אויפגעגאַנגען אויף יודלס טונקעלן הימל, דער פאַרלאָרענער בטחון איז צוריק געקומען, און פאַר אויפ-

רעגונג און פרייד האָט ער די גאַנצע ערשטע נאַכט באַם לאַנדסמאַן ניט געקענט איינשלאָפן און אָפט אָפּגעווישט אַ טרער.

אויפן צווייטן טאָג האָט מענדל איבערגערעדט מיטן בעל הבית וועגן זיין לאַנדסמאַן, און דעם ערשטן מאָנטיק, אויספּוצנדיק יודלען אין איינעם פון זיינע אייגענע אָנצוגע, האָט ער אים אוועקגעפירט אין „שאָפּ" אריין.

די ערשטע עטלאַכע וואָכן האָט טאַרנאָווסקי געקראָגן צו זעקס דאָלער אַ וואָך, נאָכער אַכט און ווען צום ענדע פון דריטן חודש האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן פון שטיק, פלעגט שוין זיין „פּעי" זיין ניט ווייניקער פון אַכטצן, צוואַנציק דאָלער און אַמאָל נאָך מער. ס'איז זעלבסטפאַרשטענדליך, ווי גליקלאָך ער האָט זיך געפילט, ווי טייער דער שאָפּ איז אים געווען און ווי גוט און ליבלאָך די אַרבעט פלעגט אַרויסקומען פון אונטער זיינע שטאַרקע הענט. ער האָט געקענט אַלע וואָך מאַכן מיט צוויי, דריי דאָלער מער, אָבער דאָס פּלאַץ און די שווערע אַרבעט איז באַ אים אַזוי ליב געווען, אַז „אריינבאַטשן", ווי אַנדערע פלעגן עס טאָן, איז באַ אים געווען אַ פאַרברעכן.

און די „וויסטע" אַמעריקע האָט ווידער באַקומען חן אין זיינע אויגן און ווען ער האָט דאָס ערשטע מאָל געקראָגן דרייסיק דאָלער מיט פיר-און-צוואַנציק סענט פאַר איין וואָך אַרבעט, האָט ער זיך שיער ניט צעוויינט. און ביסלאַכווייס איז אַמעריקע ווידער, ווי אַמאָל אינדערהיים, פאַר אים אַ „גאָלדן לאַנד" געוואָרן.

יודל טאַרנאָווסקי האָט גאָר אויפגעלעבט. אין אַ קורצער צייט האָט ער אויסגעצאָלט אַלע חובות, זיך פיין אויסגעקליידט, געקויפט מענדלן, זיין פרוי און די קינדער שיינע פּרעזענטן און געגומען טראָגן געלט אין די בענק.

די קנייטשן, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן אין די שלעכטע צייטן אויף זיין פּנים, האָבן זיך אויסגעגלייכט, פאַרשוואונדן איז אויך דער הונגעריקער גלאַנץ פון זיינע אויגן און ער איז אינגאַנצן ווי אביסל העכער געוואָרן.

קיין שיינער איז ער קיינמאָל ניט געווען: פון מיטעלן וואוקס,

ברייט געבויט, מיט אַ גראָבע נאָז, גראָבע ליפּן, עטוואָס אַרויס־סטאַרטשענדיקע באַק־ביינער און שוואַרצע קלוגע אויגן, אונטער געדיכט־צעוואַקסענע ברעמען. באַוועגט האָט ער זיך לאַנגזאַם נאָר פעסט און באַם ריידן פלעגט אַן אָפּנהאַרציקער, רואיקער שמייכל באַלייכטן זיין ברייטן פּנים און עם ווי אינגער מאַכן. אַלט איז ער געווען איין־און־דרייסיק יאָר.

די אַרבעט אין שאַפּ איז אָנגעגאַנגען פריילאַך און פלייסיק און צום ענדע פון ערשטן יאָר אַלס פּרעסער, האָט יודל שוין פאַרמאָגט אין די ביינק דריי הונדערט און פופציק דאָלער.

געוואוינט האָט ער די גאַנצע צייט טאַקע באַם לאַנדסמאַן אין אַ שלאָף צימער, ניט געזשאַלעוועט קיין פּרעזענטן פאַר די קינדער און אַלע זיינען געווען העכסט צופרידן.

מענדל איז געווען דער עלטסטער איבער די אַכט פּרעסער און אַזוי ווי יודל איז דעם בעל הבית אויך געפעלן, פלעגט ער אים האַלטן „סטעדי“ אין דער צייט, וואָס אַנדערע פלעגט מען אין „סלעק“ אַרונטערשיקן.

3.

ווען די שוואַרצע שאָטנס פון הונגער און היימלאָזיקייט זיינען פאַרשוואונדן און דער „טרייד“, דער „סטעדי־דזשאָב“, דאָס באַנק־ביכל אין בוזים־קעשענע האָבן יודל טאַרנאָווסקין פעסט אויף דער ערד אָוועקגעשטעלט, זיכער דעם קאָפּ אים אויפגעהויבן און דאָס האַרץ מיט זעלבסטווירדע אָנגעפילט, — דעמלט האָט ער דערשפּירט אַז ס׳פעלט אים נאָך עפּעס, אַז זיין גליק איז ניט פול.

גוטע ברידער האָט ער גאָר ווייניק געהאַט, פאַרשווענדן געלט אויף נאַרישקייטן איז ער ווייט קיין בעלן ניט געווען און אין די פרייע שטונדן האָט ער זיך אַביסל געלאַנגווייליקט אין הויז און דאָס האַרץ האָט צו עפּעס געצויגן, נאָך עפּעס געביינקט — — — · —

געוואוינט האָבן זיי אין „האַרלעם“, און אַלע זונטיק פאַרנאַכט פלעגט יודל זיך דורכגיין אין סענטראַל פּאַרק, לאַנגזאַם אַרומשפּאַ־

צירן איבער די טונקעלע אַלייען, הינטערוויילאַכס זיך צוקוקן ווי יונגע פּאָרלאַך „חלשן" אויף די בײנק און אונטער די קוסטן, פעסט צוגעדריקט איינער צום צווייטן. ער האָט זיך דורשטיק צוגע-הערט צו די מיידלשע שטימען, צו זייער געלעכטער, מיט וועלכן די לופט איז פול געווען און עפּעס אַ ציטער, אַ מרה-שחורה און אַ זיסער וויי צוזאַמען האָבן אָנגעפילט זיין ברוסט.

קיין צדיק איז ער ווייט ניט געווען, אויף קיין גאָלדענעם שטול אין גן עדן זיכער ניט געהאָפט, אָבער די אויסגעלאַסענע פרויען, צו וועלכע זיינע באַקאַנטע פלעגן אים אַמאָל פירן, האָבן ניט נאָר ניט געשטילט זיין ליידנשאַפט, נאָר אויך עפּעס טרויעריקעס אין זיין נשמה געוועקט. ער האָט זיך איינגעטראַכט אין זיינע געפילן און פאַרשטאַנען, אַז ער דאַרף אַ אייגענע היים, אַז ער בײנקט נאָך אַ געזונטער שיינער ווייב, וועלכע זאָל פאַר אים קאָכן וועטשערע און וואַרטן, איבערטראַכטן ווען ער קומט ניט אַזוי גיך פון דער אַרבעט.

ער האָט גענומען זוכן, זיך צוקוקן צו באַקאַנטע מיידלאַך און באַשלאָסן זיך אַן עצה האַלטן וועגן דעם מיט מענדלן.

איינמאָל אין אַ זונטיק, קומענדיק אַרום צען אַזייגער אַהיים אַ מידער פונעם אַרומבלאָנדזשען איבערן פּאַרק, האָט יודל געטראָפן מענדלען אַליין אין הויז.

— וואָס זיצסטו דאָ עפּעס אַליין ? — — וואו איז ערגיץ די אַלטיטשקע מיט די קינדער ? — — האָט ער אַ פרעג געטאָן און באַשלאָסן נאָך היינט איבערצורייַדן.

מן הסתם ערגיץ וואו אין פּאַרק. עפּעס היינט אַ גרויסער עולם דאַרטן ?

— וואָס פאַר אַ קשיא ? — — פּאָרלאַך האַליובן און קושן זיך אין יעדן טונקעלן ווינקל אַזוי, אַז דאָס האַרץ קען פּשוט פּלאַצן

מענדל האָט אויף אים אַ זייטיקן בליק געוואָרפן און זיכער אַ זאָג געטאָן :

— קענסט דיך לייכט העלפן — — —

— ניט אזוי לייכט ווי ס׳דאכט זיך דיר — —

— הער נאָר אויס, יודל, — האָט מענדל אָנגעהויבן נאָך א ווײַלע שווייגן. — דעם אמת זאָגנדיק, האָט מיין אידענע שוין פון לאַנג בדעה געהאט, און אויך מיר אונטערגעטריבן מיט דיר וועגן דעם איבערצוריידן. און פארוואָס טאַקע ניט? א בחור פארדינט דרייסיק און אמאָל פינף און דרייסיק דאָלער א וואָך, איז שיין. געזונט, אביסל געלערנט און בלאַנקעט זיך ארום ווי אַן איבעריקער אויף דער וועלט. ניט קיין ווייב, ניט קיין קינד פונקט ווי א כלב, ניט צום פארגלייכן. — ער האָט איס א קלאפּ געטאָן איבערן אקסל — ניין, ברודער, כ׳לעבן ס׳איז ניט קיין גאַנג. לעב ווי לאַנג ביסט נאָך יונג! פאָלג מיך, זוך זיך אויס א געזונטע, שיינע מויד און האָב חתונה — — —

— ס׳איז דיר לייכט צו זאָגן: זוך אויס! — אָבער וואו נעמט מען א קלוג מיידל, א שיינע, ניט קיין אויסברייזנגערין?

— ביסט א שוטה, — האָט זיך מענדל צעלאַכט, — וואָס, וויפיל מיידלאַך אין ניו יאָרק פאראַנען? — גיב נאָר א רוף אוז לאָז וויסן, אז דו ביסט יונג, געזונט און קענסט מאכן א שיינעם, אנשטענדיקן לעבן, ווי עס וועלן זיך צו דיר, ווי פליגן, פון אלע זייטן א לאָז טאָן מיידלאַך מיט אלע מעלות . . . שא, — איז ער פלוצלונג אויפגעשפרונגען פון אָרט — וואָס דארף מען גיין ווייט, ווען ס׳איז פאראַנען א גאָלדענע כלה אונטער דער האַנט? האָסט געזען סיידין? סיידין, מיין ווייבס שוועסטער קינד? געדיינקסט, זי איז געווען דאָ אין א זונטיק מיט דריי וואכן צוריק, אזא הויכע, א געזונטע, מיט שווארצע אויגן. נו, געדיינקסטו ניט? א סימן, זי האָט געהאלטן עפעס א ביכל און דו האָסט עס גענומען און דורכגעבלעטערט

בא יודלען האָט פלוצלונג אינווייניק, ווי עפּעס א ברי געטאָן, און דאָס הארץ האָט זיך א צאַפּל געגעבן: פאר איס איז בולט אויפגעשטאַנען די חנוודיקע סיידי, פון וועמעס שלאַנקן געשטאַלט און ליבן פּנים ער האָט קיין אויג ניט געקענט אָפּרייסן די גאַנצע צייט, וואָס זי איז אין הויז געווען.

— נו, געדיינקסטו זי ניט? — איז מענדל צוגעשטאַנען — האָסט דאָך אַליין גערעדט מיט איר? ! זי געפעלט דיר?

— נו, און אַז זי געפעלט מיר, איז וואָס? — האָט יודל אַ זיפץ געטאָן — ס׳איז דאָך נאָך אַ פראַגע צו איך וועל איר געפעלן?

— האָט אַזוי רייד — האָט זיך מענדל צעלאַכט — דאָס וויכטיקסטע איז זי זאָל דיר געפעלן, מיטן איבעריקן פאַרלאָז זיך שוין אויף מיין אידענע. גלויב מיר, אויב מיין מלכה האָט מיר געקענט מיט זיך חתונה מאכן, וועט זי דיך מיט סיידין שוין זיכער פאַרקנסן. וועסט זען, ס׳וועט שוין זיין אַלרייט.

אַ אומרואיקע וואָך האָט יודל פאַרבראַכט. ער האָט בעמערקט, ווי אַלע פאַרנאַכט סודעט זיך עפּעס מענדל מיטן ווייב, צוויי מאָל איז זי אינגאַנצן ערגעץ וואו אַוועקגעפאָרן, און אפילו קיין וועטשערע ניט געקאָכט, און ביידע מענער זיינען אַוועק אין רעסטאָראַן עסן. און ווען זי איז צוריקגעקומען, האָט זי יודלען אָפּגעגעבן אַזאַ העפ-לאַכן, וואַרימען „גוד-איווינינג", אַז ער איז רויט געוואָרן און זיך פאַר עפּעס ווי דערשראָקן.

זיי האָבן אַלע גערעדט עטלאַכע מינוטן פון פאַרשיידענע קליי-ניקייטן, דערנאָך האָט יודל באַמערקט, ווי מלכה האָט אַ וואונק געטאָן צו מענדלען מיטן אויג ער זאָל איר נאָכגיין. גיך האָבן זיי אים געוואונטשן אַ גוטע נאַכט און זיינען אריין צו זיך אין שלאָף-צימער, פעסט צומאַכנדיק אונטער זיך די טיר, וואָס זיי פלעגן פריער קיינמאָל ניט טאָן.

יודל האָט לאַנג ניט געקענט איינשלאָפן, אַלץ זיך צוגעהערט צום וויספּערן אין שלאָפצימער פון יענער זייט וואַנט, און באַם געדאַנק וועגן סיידין, וועגן איר שלאַנקער פיגור און די שוואַרצע רופנדיקע אויגן, איז זיין האַרץ פאַרגאַנגען אין אַ זיסן שרעק.

זונטיק צום מיטאָג זיינען געקומען געסט: סיידי, איר מוטער מיט אַן עלטערן ברודער. מען האָט געגעסן געבראָטענע קאַטשקע, געטרונקען ביר, גערעדט פון וועלט-זאַכן און אומבאַמערקט זיך צו-געקוקט איינער צום צווייטן. סיידיס מוטער האָבן פּלוצלונג פאַרינ-

טערעסירט „מיסטער טאַרנאָווסקים“ עלטערן, דער ברודער האָט דערציילט פאַרשיידענע פעלע, ווי גוט מען קען זיך אַרויפאַרבעטן אין אַמעריקע, סיידי האָט מערסטנס געשוויגן, אָדער געשמועסט מיט יודלען וועגן עפּעס אַ פּיקניק, וואָס די יוניאָן גייט אין גיכן מאַכן. און מלכּה האָט אַלץ צום טיש נייע מאכלים דערלאַנגט, געבעטן עסן, צוגעוואָרפן כּסדר אַ זייטיקן, באַדייטנדן בליק צו סיידים מוטער, גנביש געשמייכלט צו יודלען, צומאַכנדיק דערביי דאָס רעכטע אויג, און פאַרבייגייענדיק אויפגעלייגט געשטאָרכעט דעם מאַן אין דער זייט

פאַרנאַכט האָט יודל שוין שפּאַצירט מיט סיידין אין סענטראַל פּאַרק, זי לייכט געהאַלטן אונטערן אָרים, איר עפּעס דערציילט פון זיינע אינגלישע יאָרן אין דער היים, אָבער די נייע געפילן, וואָס האָבן אין אים גערודערט, זיינען אַזוי שטאַרק געווען, אַז מינוטן-ווייס האָט ער אַליין ניט געוואוסט פון וואָס ער רעדט.

אים האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז די טויזנטע שפּאַצירנדע נעמען פון אים קיין אויג ניט אַראָפּ, ריידן וועגן אים און סיידין צווישן זיך, און די „פאַרחלשטע“ זיך קושנדיקע פּאַרלאַך, קוקן אים נאָך אַזוי ליב, מיטפילנד . . . סיידי האָט גוט געקענט שרייבן און ריידן איינגליש, דערפאַר האָט יודל געקענט רוסיש, זייער גוט אידיש און אויך פּויליש. זיי האָבן צווישן זיך גערעדט אידיש. ער האָט איר דערציילט פאַרשיידענע טשיקאַווע געשיכטעס פונם רוסיש-אידישן לעבן און איר ניט דערלויבט זיך צו לאַנגווייליקן.

זיי האָבן אַרומגעשפּאַצירט ביז האַלב נאָך ניין, דערנאָך זיינען זיי אַוועק צו סיידין אַהיים, וואו זיי האָבן אויך געטראָפן מענדלען מיט מלכּהן. מען האָט ערשט געמאַכט אַ גוטע וועטשערע מיט ביר און ווין און פריילאַך פאַרבראַכט ביז נאָך צוועלף באַנאַכט.

אויפן צוריקוועג האָט מענדל שוין אַביסל אַ פריילאַכער, אַ שטורכע געטאָן יודלען אין דער זייט און געזאָגט ציינגנדיק אויף דער פרוי: — נו, ברודערקע לעבן, וואָס האָב איך דיר געזאָגט, אַ ? ! ס'איז שוין כּמעט ווי אין קאַפּעליוש — אַז מיינע נעמט זיך . . .

— אפשר ניט ? האָט זיך מלכּה וואוילעריש, מעשה וו-

גערין, אָבגערופן — איר מענער מיינט, אַז איר זייט אין אַן אמתן גאַנצע ברואים

יודל האָט קיין וואָרט ניט געענטפערט, איז לאַנגזאַם געגאַנגען פאַרטיפט אין די נייע געפילן, וואָס האָבן איבערפילט זיין ברוסט . . .

.4

טאַרנאָווסקי האָט געמאַכט אַן אויסגעצייכנטן איינדרוק אויף סיידים פאַמיליע. איר זעלבסט איז ער אויך געפעלן אוןן, מיט מלכהס הילף, האָט מען מיט צוויי וואָכן שפּעטער געמאַכט תנאים און אין אין צוויי חדשים ארום געפּראַוועט די חתונה.

— וואָס גיכער — אַלץ בעסער איז — האָט מלכה איינגערעדט סיי סיידין, סיי איר מוטער — ביידע זיינען זיי, דאַנקען גאָט שוין ניט קיין יונגינקע קינדערלאַך, און ווער ווייסט, וואָס ס׳קען זיך טאַקע מאַכן אויך ? ... מען מעג זיי דען היינט גלויבן, די מענער?

— און זי פלעגט צוגעבן אביסל געהיימניספול, איינהאַלטנדיק דאָס קול, — גלויבט מיר, ס׳זיינען פאַראַנען צענדליקע מיידלאַך מיט שווערע הונדערטער, וואָס קוקן ארוים אויף אים מיט טויזנטער אויגן

נאָך צוויי וואָכן פאַר דער חתונה האָט יודל, אָדער דזשאָ, ווי סיידי האָט אים אָנגעהויבן רופן, פיין אויסגעמעבלירט דריי צימערן, געמאַכט דעם ווייב עטלאַכע טייערע קליידער, און א ניי לעבן האָט זיך פאַר אים אָנגעהויבן. סיידי האָט זיך זייער צוגעבונדן צום מאַן און זיין ליבע איז אזוי שטאַרק געווען, אַז ער האָט אויף א שטיקל צייט אין גאַנצן אָן באַנק-ביכל פאַרגעסן, און זיינע שטענדיקע טרוימען וועגן אייגענע ביזנעס זיינען אויך ערגעץ וואו פאַר־שוואונדן.

סיידי האָט געפילט, אַז דער מאַן איז א קלוגער, א פעסטער מענטש, אַן וועמען מען קען זיך מיט זיכערקייט אָנשפּאַרן און גע־האָפט, אַז ער וועט איר איצט צושטעלן אַלע פאַרגעניגנס נאָך וועל־

בע זי האָט אַזוי מיידלוויים געדורשט און וועלכע זי האָט זיך ניט געקענט דערלויבן, וואווינענדיק באַ די עלטערן, און אָפּגעבנדיק זיי צוועלף פון די פופצן דאָלער, וואָס זי פלעגט פאַרדינען אַ וואָך.

דזשאַ, פון זיין זייט, ליב האָבנדיק סיידין און צוגעבנדיק אַלע אירע מעלות, האָט דאָך גיך אויסגעפונען, אַז ס׳איז אויך פאַראַנען אַ חסרון: זי איז אַ גרויסע אויסברייענערין, און וויפיל געלט זי זאָל ניט האָבן איז איר אַלץ ווייניק. אָבער די ערשטע צייט, ווען די ליבע איז נאָך געווען אַזוי צאַפּלדיק פריש, אַזוי פאַרגיבנדיק-הייס, האָט זיך עס ניט אַזוי שטאַרק אָנגעזען. און ווען סיידי פלעגט שוין מיטוואָך פאַרנאַכט זאָגן האַלב אין אידיש, האַלב אין איינגליש :—

— דו יו נאָ, „דזשאָ דיר“, כ׳האָב שוין אַפילו קיין פעני ניט פון די צען דאָלער וואָס דו האָסט מיר אויף דער וואָך עקספּענסעס געגעבן. דערפאַר אָבער האָב איך אַ באַרגען אַ דרעס געקראָגן. מעגסט זי זען. כמעט אומזיסט.

דזשאָ פלעגט גאָר ניט ענטפערן, נאָר אומצופרידן אַרומשפּאַ-צירן אַביסל איבערן צימער, און ענדלאָך זיך פאַרזאָרגט אַוועקזעצן אויף דער קאַנאַפּע. דאַן פלעגט זי צולויפן צו אים, אַרומנעמען זיין האַלדז און קוים איינהאַלטנדיק דעם געלעכטער, נעמען קרעכצן :

— אוי ווי איז מיר, דזשאָעלע, ביסטו אַריינגעפאַלן ! אוי ווי, האָסטו אַריינגעקראָגן אַ ווייב אַ ספּענדערקע. בדיל הדל וועט זי דיך שטעלן. אוי ווי ! — און זי האָט מיט אַ הילכיקן געלעכטער צוגעדריקט איר ווייכע באַק צו זיין ניט-ראַזירטער, שטע-כיקער מאָרדע.

ער פלעגט פּרואוון בלייבן אומצופרידן, געקנייטשט דעם שטערן און איר אַלץ געוואָלט איבערציינגן, אַז זיי טאָרן ניט, זיינען לחלוטין ניט אימשטאַנד אַזוי פיל צו פאַרלעבן, אַז — — — —

זי פלעגט אָבער ווידער אָנהויבן אויסן און קאָמיש קנייטשן איר שיינעם רונדן פּנים, און צום סוף פלעגט ער זיך צעלאַכן, זי אַרומכאַפּן, צודריקן צו זיך און נעמען זי ליידנשאַפטלאַך קושן.

און אויף מאָרגן איר מיט אַ זיפץ איבערלאָזן אויפן דרעסער נאָך אַ פּאָר דאָלער צו ענדיקן די וואָך.

אזוי האָט עס אָנגעהאַלטן באַ אַ פּיר חדשים, אין פאַרלויף פון וועלכע דער פּרייז פונם באַנק-ביכל האָט זיך אויפגעהויבן ניט מער ווי אויף פופציק דאָלער. אָבער בּיסלאַכוויים האָבן ווידער אין אים ערוואַכט די פריערדיקע חלומות וועגן זיך ארויפאַרבעטן, וועגן גיין אין ביזנעס, ווי מענדל קלייבט זיך עס שוין צו טאָן, און ער האָט באַשלאָסן איינמאָל פאַר אַלע מאָל, מיט גוטן אָדער בייזן צווינגען די ווייב צו זיין איינגעהאַלטענער מיטן דאָלער.

סיידי האָט רואיק, מיט אַ לייכטן שמייכל, אויסגעהערט דעם מאַנס טענות וועגן תכלית, וועגן דער צוקונפט, וועגן אייגענע ביז-נעס, איינגעשטימט צו העלפן שפּאָרן און „גלייך מיט לייטן" „מאַכן אַ שיינעם לעבן" מיט ווייניק געלט. זי האָט גענומען אַ בלייפעדער, לאַנג גערעכנט און איבערגערעכנט און געקומען צום שלוס, אַז אויף פופצן דאָלער אַ וואָך, אַ חוץ אַמאָל „עקסטראַ עקספּענסעס", קען מען לעבן. נאָך זיין חשבון אָבער, כדי צו קענען אָפּשפּאָרן זעכציק דאָלער יעדן חודש, האָבן זיי ניט געטאָרט פאַר-לעבן מער ווי צען דאָלער אַ וואָך. זיין חשבון איז געווען אַ גאַנץ איינפאַכער: ער מאַכט אַרום צוויי-און-דרייסיק דאָלער אַ וואָך, דאָס מיינט, הונדערט אַכט און צוואַנציק דאָלער אַ מאָנאַט. פערציק דאָלער פון דעם געלט דאַרף גיין אויף „לעבן", זעכציק דאָלער שפּאָרן, צוויי און צוואַנציק דירה געלט, דריי דאָלער „קאַר-פעיר" — איז צוזאַמען הונדערט פינף און צוואַנציק דאָלער און די איבער-געבליבענע דריי דאָלער אויף זייטיקע אויסגאַבן.

— באַרעכן זיך נאָר, סיידעלע, — האָט דזשאָ גערעדט מיט התפעלות, — באַרעכן זיך נאָר גוט: אַלע חודש „סייפן" מיר זעכציק דאָלער; כ'אַרבעט „סטעדי", הייסט עס אַז אין איין יאָר קלייבן מיר אָן זיבן הונדערט און צוואַנציק דאָלער. די יאָרן לויפן שנעל; אין זעקס יאָר קען מען דערציען ביז פינף טויזנט דאָלער . . . דאַן זוך איך זיך אויס אַ שותף, פאַרשטייט זיך אויך מיט אַ פּאָר דאָלער, און מיר גייען אין ביזנעס . . . נו, זאָג אַליין, איז עס אַ שלעכטער פּלאַן?

— פאַרוואָס זאָל עס זיין אַ שלעכטער פּלאַן? — האָט

סיידי מיט א זיפץ געענטפערט, — אבער דו זאגסט דאך אליין, אז די יארן לויפן זייער שנעל. איצט ווען מיר זיינען יונג, געזונט, וועלן מיר זיך פון אלץ אנטזאגן און „סייפן". און שפעטער, אז גאט וועט העלפן וועסט שוין אריין אליין אין ביזנעס, וועט מען דאך ערשט מוזן זיך פון אלץ אנטזאגן, ביז די ביזנעס וועלן זיך גוט ארויפארבעטן . . . און אזוי וועלן אוועק מיט גארנישט אונזערע בעסטע, יונגע יארן. מענטשן ווערן דאך אזוי גיך אלט. אבער זאל זיין אזוי — — — —

און זי האט שווער אפגעזיפצט.

ער האט זי צוגעצויגן צו זיך, איר א קוש געטאן, און א גאנצן אוונט, אפילו שוין ליגנדיק לעבן איר אין בעט, אלץ געמאכט חשבונות, מיט פארגעניגן גערעדט פון „סייפן", פראצענטן און ביזנעס.

זיי האבן אנגעהויבן שפארן. זי פלעגט אויסקומען מיט צען דאלער א וואך און ער האט איר אלע שבת געוויזן דאס באנק ביכל און אנגעקוואלן פון די וואקסנדיקע ציפערן. זי פלעגט אים שווייגנדיק אויסהערן און שטיל א זיפץ טאן. זי האט זיך אויפגעהערט צו פוצן ווי פריער און בא יעדן נייעם קליידל אין וועלכן זי האט זיך שוין פשוט געגוויטיקט, זיינען צווישן זיי פארגעקומען צוזאמענשטויסע.

.5

א גאנצע וואך פלעגט דזשא קומען א מידער פונם שאפ, אפעסן וועטשערע, דורכקוקן א צייטונג, כאפן א דרימל אויפן „לאנטש" און ארום צען אזייגער שוין גיין שלאפן. אמאל, אז סיידי איז שטארק צוגעשטאנען, פלעגן זיי גיין אין די „מואווינג פיקטשורס", אדער זונטיק אין א ביליקן וואדעוויל־טעאטער.

שבת פלעגט ער שטענדיק ארבעטן „אווער־טיים" ביז פינף אזייגער פארנאכט, זונטיק — שלאפן שפעט, און ביז מען האט אפגעגעסן מיטאג, זיך א ריר געטאן, איז שוין געווארן פארנאכט. אמאל

איז אריינגעפאלן א גאסט, נאר אפטער פלעגן זיי גיין צו מענדלן, אדער צו אירע עלטערן, וואו מען האט געזען זיך ניט צו פארשפעטיקן ווייל מארגן פרי דארף מען אויפשטיין צו דער ארבעט.

אזוי זיינען געלאפן וואכן, מאנאטן. סיידי איז אפט ארומ-געגאנגען א כמורנע, אן אומצופרידענע, האט געפילט א פארדרוס, צייטנווייס זאגאר א מין שנאה געגן מאן, ווער ווי זי האט געדיינקט, האט זי גראב אפגענארט, רויבט אוועק איר יוגנט, איר שיינקייט. אפט האט זי שטילערהייט געוויינט.

צו דער ענדע פונם צווייטן יאר נאך סיידים חתונה, האט מענדל מיט דער גאנצער פאמיליע זיך באזעצט אין א קליין שטעטל, ניט ווייט פון ניו יארק, וואו ער האט געקויפט א גרויסע „גראסערי סטאר". דזשא איז געווארן דער עלטסטער פרעסער אויף זיין פלאץ. זיין געהאלט איז אויך אויפגעוואקסן ביז פערציק דאלער א וואך.

סיידי האט זיך דערפרייט, אויך גענומען בעטן א „רעיז" אויף דער הוצאה, און צוואנציק דאלער מיט אמאל אויף א נייעם קלייד. דזשא האט איר אבער אנטזאגט מיטן אויסרייד, אז וואס מער מען פארדינט, אלץ מער דארף מען „סייפן" אום זיך גיכער דערשלאגן צום באשטימטן ציל. זיי האבן זיך צעקריגט, און דאס ערשטע מאל האט זי מיט אים דריי טעג ניט גערעדט.

מיט צוויי וואכן שפעטער, ווי דזשא איז געווארן דער „העד פרעסער", איז ער איינמאל, אין א פארנאכט, נאך דער ארבעט, אריין צום בעל-הבית אין אפיס און געהאט מיט אים א לאנגען געשפרעך. ער האט אים מיט ציפערן דייטלאך איבערצייגט, אז פאר אים, אלץ בעל-הבית, איז פיל גלייכער זיך איינגאנצן אפצופטרן פון דעם פרעסינג דעפארטמענט. צו וואס טויג אים דאס באדערניש מיטן צונעמען און ארונטערשיקן פרעסערס, מיטן גודנעם דינגען זיך איבער די פרייזן? וואלט ניט גלייכער געווען ער זאל אים, דזשאן, איינגאנצן איבערגעבן די פרעסינג ביזנעס? ער קען גוט די מענטשן, ווייסט ווער פון זיי ס'איז גוט און ווער ניט און ער

וועט שוין מיט זיי דורכקומען אזוי, אז דאָס פרעסן זאָל זייביידן קאָסטן אביסל ביליקער.

דער בעל-הבית האָט געטראַכט א ווייל, עפּעס אויסגערעכנט, און צוגעשטימט. און ס'איז געבליבן, אז פון שבת אָן גייט דאָס גאַנצע פרעסן איבער צו דזשאָן און ער וועט ווערן דער „קאָנטראַק-טאָר" פון די פרעסערס. און נאָך א זאַך האָט דזשאָ געפּועלט באַם בעל הבית, אז די גאַנצע וואָך זאָל די ארבעט אביסל צעריקגעהאַלטן ווערן, כדי ער זאָל שבת קענען אָפּלייגן א צוויי אַלטע, „גאָר ניט קיין פּייגלדיקע" פרעסערס, מיטן אויסרייד, אז ס'איז קיין ארבעט ניטאָ.

און נאָך דעם ערשטן שבת האָט דזשאָ אָפּגעלייגט די צוויי עלטסטע פרעסערס, וואָס האָבן שוין א לאַנגע צייט אין דעם פּלאַץ געאַרבעט, און אום צוציען די העלפּערס אויף זיין זייט, האָט ער זיי געהעכרט צו צוויי דאָלער אויף דער וואָך און זיי צוגעזאָגט גאָל-דענע גליקן צום אָנפאַנג סיזאָן. די פרעסערס זיינען אוועק צום בעל-הבית; דער לעצטער האָט אָבער געשוואָרן, בא גאָט און זיין ערלאַכקייט, אז דזשאָ איז א פּאַרטנער אין די ביזנעס און ער קען נעגן אים לחלוטין ניט גיין

די יוניאָן האָט אויך קיין זאַך ניט געקענט אויפטאָן, ווייל דער שאָפּ איז געווען ניט קיין אָרגאַניזירטער, און מאַנטיק פרי האָט דזשאָ שוין אַרויפגענומען אויפן אָרט פון די צוויי אַלטע פרעסערס צוויי העלפּערס און א לערנער, וועלכער האָט געדאַרפט ארבעטן צוויי וואָכן אומזיסט.

און ווען דעם ערשטן שבת, נאָכן אויסצאָלן די פרעסערס זייער „פּעי", האָט דזשאָ דערזען אז א חוץ זיינע אייגענע פערציק דאָלער איז בא אים נאָך פאַרבליבן אריבער זיבן און צוואַנציק דאָלער ריוח, איז ער ווי פאַרגליווערט געוואָרן אויף עטלאַכע מינוטן. ער האָט אַלץ פּאָרוים גוט אויסגערעכנט, קלאָר פאַרשטאַנען צו וואָס ער גייט, דאָך, ווען ס'איז געקומען צו דעם, ווען דאָס פרעמדע געלט איז צום ערשטן מאָל אין זיינע הענט געבליבן, האָט ער זיך ווי פאַרלאָרן, געקוקט אויף דעם מיט לייכטן פּחד און געדאַכט

האָט זיך אים, אַז ס'איז עפּעס גאָר אַנדער געלט, ניט קיין געוויינ-לאַכעס.

— ס'איז דאָך פרעמדעס! — האָט עפּעס אַ קול אין אים שפּאָטיש גערעדט, — פרעמדעס. צוגענומען בּאַ אָרימע לייט. פרעמדע האָרעוואַניע, פרעמדע בלוט, פרעמדע שווייס. שעם זיך!

און ער האָט זיך פּלוצלונג דערמאָנט אָן די געהיימע פאַרזאַמ-לונגען, וועלכע ער פלעגט אַמאָל באַזוכן אין דערהיים. ווי זיכער זיין גלויבן איז דאַן געווען, ווי ערנסט ער האָט געטרוימט צו קעמפן געגן די בלוטצאַפּערס, די קאַפּיטאַליסטן. און נאָך דאָ ערשט ניט לאַנג, שוין אין אַמעריקע, וואָס האָט ער געפילט אַרומשלעפּנדיק זיך אַ הונגעריקער, אַ בייזער איבער די רווישנדיקע גאַסן? און איצטער — שוין אַזוי גיך? אַזוי גיך? — ער האָט קאָנוואולסיוו צוזאַמענגעדריקט דאָס געלט אין די הענט — — — ניין, ער וועט עס ניט טאָן, ער האָט נאָך געוויסן — —ער וועט זיך אַרויפאַרבעטן מיט זיינע אייגענע כחות, מיט זיינע אייגענע צען פינגער

ער האָט זיך דערמאָנט אָן חשבן, וועלכן ער האָט דאָ ניט לאַנג געמאַכט פאַר סיידין, אַז שפּאָרנדיק נאָר פופצען דאָלער אַ וואָך קען מען אין זעקס יאָר צייט צוזאַמענקלייבן די נויטיקע סומע אויף צו גיין אין ביזנעס. און דאָ האָט ער פּלוצ-לונג דערזען פאַר זיך אַ מיגלאַכקייט צו טראָגן אין די ביינק יעדער וואָך ניט קיין פופצן דאָלער, נאָר דריי מאָל אַזוי פיל. דאָס מיינט זיך צו מאַטערן אין שאַפּ ניט זעקס, נאָר צוויי יאָר, און אויב זעקס — טאָ סייפן דריי מאָל אַזוי פיל ווי ער האָט צוערשט געטרוימט.

דער קאָפּ האָט זיך אים פאַרדרייט. גאָט! מיט צען, צוועלף טויזנט דאָלער — וואָס פאַר אַ פּראַכטפולע ביזנעס מען קען אָנ-פאַנגען, בפטר נאָך מיט אַ לייטישן שותף, וועלכער זאָל אויך פאַר-מאָגן ניט ווייניקער — — —

און אום זיך לייכטער צו מאַכן, ניט דערלויבן זיך צו באַ-הערשן פון די שוואַכע געפילן, האָט ער גענומען טראַכטן פון יענע שרעקלאַכע טעג, ווען ער פלעגט זיך אַרומשלעפּן אַ דערשלאָגענער, אָפּט אַ הונגעריקער איבער די גאַסן, פילן ווי דאָס חיות גייט אים

אוים בא די רעסטאָראַן פענסטער, און אָפּט זיך געבראָכן דעם קאָפּ, וואו גייט מען היינט שלאָפן — —האָט זיך דאָן ווער פאַר אים געקימערט, אים א גוט וואָרט געזאָגט ? — — האָט אים כאָטש איינמאָל א זאַטער ארבעטער מחיה געווען מיט א מיטאָג ? — — צו וואָס-זשע זיינען אָט די אַלע איבערערעכענונגען און נאָכטראַכ-טונגען ? זאָל זיך יעדער איינער זאָרגן פאַר זיך זעלבסט — — אַמעריקע איז א לאַנד פון ביזנעס, און ווער ס׳איז פּייאיק, דער דערשלאָגט זיך צו א תכלית

„נו, און מענדל, וועלכער האָט דיך פאַר א מענטשן געמאַכט ?" גנבט זיך בא אים שנעל דורך א געדאַנק.

— נאַרישקייטן ! ענטפערט זיך דזשאָ. — מענדל איז א גוטער ברודער נאָך פון דער אַלטער היים. אין איין גאַס אַמאָל משרתים געווען; איך וואָלט אויך דאָס זעלבע געטאָן, באַגענגנדיק זיך מיט אַזא אַלטן גוטן פריינט — — — — — — — —

דזשאָ האָט זיך געפילט צערודערט. ענדלאָך האָט ער באַ-שלאָסן, אַז די זאַך איז שוין איצט סיי ווי סיי פאַרפאַלן, דאָס געלט קען מען דאָך ניט אַרויסוואַרפן. זאָל עס דערווייל גיין ווי ס׳גייט און ער זעלבסט וועט שוין זען פון דער צווייטער וואָך אָן צו „רעיזן" דאָס געהאַלט פון די פּרעסערס.

דאָס האָט אים אַביסל באַרואיקט, און ער איז אוועק אַהיים.

**6**

פון מענדלען איז אָנגעקומען זייער א גוטער בריוו. ערשטנס, האָבן זיך זיינע גראָסערי ביזנעס אַרויסגעוויזן פאַר ראַיעלע, ניט קיין געבלאָפטע, לעבן וועלכע מען קען מאַכן א פיינעם שטילן לעבן. צווייטנס איז ער באַגייסטערט פון די באַארבעטע פעלדער וואָס ציען זיך אין דער לייגג און ברייט אַרום זיין שטעטל, פון די בוי-מער, וועלכע וואַקסן געדיכט אויף אַלע גאַסן, פון די בלומען-גער-טענדלאַך וואָס בליען פאַר יעדן הויז און פונם ברייטן טייך, וואָס לויפט ניט ווייט. עס דערמאָנט אים אָן זיין יוגנט, אָן דער ווייטער

היים, און ער פילט זיך מיט פופצן יאָר אינגער. ער גייט זיך אַלע טאָג באָדן און, ווען ליגנדיק באַם טייך, דערמאָנט ער זיך אַמאָל וועגן גרויסן, שמוציקן ניו יאָרק, וועגן וויסטן שאַפּ מיט די ברע־גענדיקע פּרעס-אייזנס, כאַפּט אים אָן אַ שוידער און ער קען בשום אופן ניט פאַרשטיין, ווי האָט ער גאָר געקענט דאָרטן אויסהאַלטן אַזוי פיל יאָרן? די קינדער האָבן גאָר אויפגעלעבט און באַקומען, רויטע „פּיסקעס“, און מלכה, וועלכע האָט אין צוועלף יאָר ניו יאָרקער לעבן קוים געקענט אויסריידן צוועלף איינגלישע ווערטער, פּלאַפּלט שוין מיט די שכנות אַביסל איינגליש. צום שלום פרעגט ער זיך נאָך וועגן „שאַפּ, וועגן די אַרבעטער, און ווינטשט דזשאָן וואָס גיכער צוזאַמענקלייבן אַ פּאָר דאָלער און נאָכפאָלגן זיין ביישפּיל.

סיידי האָט אויפמערקזאַם אויסגעהערט דעם בריוו, אַ זיפץ געטאָן און קיין וואָרט ניט געזאָגט. דזשאָ האָט אַ לייכט שפּאָטישן שמייכל געגעבן:

— וועל, זאָל גאָט יעדן העלפן נאָך זיינע פאַרלאַנגען, אים אין דער גראָסערי און מיר אין אַנדערע ביזנעס.

— דו רעדסט מיט אַזאַ טאָן, פּונקט ווי דו וואָלסט שוין גאָט ווייסט וואָס אויפגעטאָן אין דיינע ביזנעס — האָט סיידי איראָניש אַ זאָג געטאָן.

דזשאָ האָט איר ניט געענטפערט און, צוזאַמענלייגענדיק דעם בריוו, ווי פאַר זיך אַ לאַך געגעבן:

— אַ וועלט — מענדל באַשרייבט די נאַטור, אַ גאַנצער פּאָעט געוואָרן, און מלכה רעדט איינגליש. כ׳וואָלט זי אַ בעלן געווען הערן.

— איר וואָלט זיך ביידע גוט געקענט דורכשמועסן — האָט סיידי שפּאָטיש באַמערקט.

ער האָט אויף איר אַן אומצופרידענעם בליק געוואָרפן, גענומען די צייטונג אין האַנט און זיך אַוועקזעצנדיק אויפן לאָנטש אַ וואָרטשע געטאָן: — נאָר ס׳וואָלט זיך געקריגט!

ביידע זיינען געזעסן אַנגעכמורעטע, אומצופרידענע. ער האָט

געקוקט אין צייטונג און געטראכט, אז ווען מען זוכט א תכלית דארף מען ניט חתונה האָבן. זי האָט געקוקט אין א ווינקל און באַדויערט אירע יונגע יאָרן, וועלכע גייען אומזיסט אוועק, מיט אזא מיאוסן, קאַרגן מענטשן, ווי איר מאַן.

פון דעם, אז ער איז געוואָרן א „קאָנטראַקטאָר" בא זיך אין „שאַפּ" און אָנגעהויבן מאַכן גאָר גרויסע „ווייִדזשעס", האָט דזשאָ סיידין קיין וואָרט ניט געזאָגט.

ערשטנס האָט ער מורא געהאַט, טאָמער וועט זי די הוצאות גרעסער מאַכן, וועט ווידער אָנפאַנגען די אַלטע שטיק מיט נייע העטס און זיידענע דרעסעס אַלע מאָנאַט, און צווייטנס האָט אים אויך אָפּגעהאַלטן עפּעס א מורא, א מין ניט זיכערקייט, א געפיל עטוואָס ענלאַכעס צו בושה. און כדי דאָס ווייב זאָל זיכער גאָר ניט וויסן, האָט ער באַשלאָסן אריינצוטראָגן דאָס ניי צוגעקומענע געלט אין אַן אנדער באַנק, אויף א צווייטן ביכל, ווייל דאָס אַלטע איז געווען א גאַנצע וואָך אין הויז און סיידי פלעגט עס אָפּט האַלטן אין די הענט.

די צווייטע וואָך איז אים שווין פון די ארבעטער געבליבן איין-און-רדייסיק דאָלער. דאָס האַרץ האָט ווידער אומרואיק געקלאַפּט, דער געוויסן האָט זיך נאָך אַמאָל א ריר געטאָן, דערמאָנט אָן די „רעיזן", וואָס ער האָט זיך אַליין פאַראַכטאָגן שבת צוגעזאָגט די ארבעטער צו געבן. ער האָט אָבער גלייך זיך באַרואיקט מיט דעם, אז מען קען ניט כאַפּן, מען מוז זיך צוערשט גוט צוקוקן ווער פון די נייע ארבעטער פאַרדינט כשרער דעם „רעיז". אימיצער האָט אין אים געפּרואווט א לאַך טאָן און דערמאָנען, אז דאָ האַנדלט זיך ניט נאָר וועגן עטלאַכע דאָלער, וואָס ער וויל צוטיילן, נאָר וועגן דער גאַנצער סומע פרעמד געלט, וואָס ער קריגט אריין יעדע וואָך, אָבער ער האָט מער גאָר ניט געוואָלט הערן.

די ערשטע עטלאַכע שבתים, אויסצאָלנדיק די פרעסערס זייער „פּעי", פלעגט ער אָפּט אונטערוויילאַכץ וואַרפן אויף זיי ניט קיין זיכערע פאַרשנדיקע בליקן: אים האָט זיך אַלץ געדאַכט, דאָס זיי וויסן און פילן, אז ער איז א גנב, אז ער נעמט צו כמעט א

דריטל פון זייער פארדינסט, און קוקן אויף אים מיט האס און צאָרן. ער האָט אָבער אויף די פרעסערס פּנימער קיין מאָל קיין זאך ניט באמערקט. אין גענגנטייל, זיי זיינען שבת געווען פריי־לאך, וואָס ס׳איז פאראן ארבעט אויף ווייטער, וואָס מאָרגן איז זונטיק און מען וועט קענען זיך אויסרוען אָדער אביסל א לעב טאָן.

און ביסלעכוויים איז דאָס געווירן ביי אים איינגאנצען איינגע־שלאָפן און האָט זיך אפילו א ריר ניט געטאָן, ווען ער האָט אין א שבת ארונטערגעשיקט איינעם פון די אלטע העלפערס, וואָס האָט פארדינט צוויי־און־צוואנציק דאָלער א וואָך און ארויפגענומען אויף זיין אָרט א האלב גרינעם, פאר צוועלף דאָלער. אויך האָט דאָס געווירן געשוויגן, ווען ער האָט דעם לערנער, וואָס האָט בא אים צוויי וואָכן אומזיסט געארבעט, געגעבן ניט מער ווי דריי דאָלער א וואָך און צוויי מאָנאטן ניט געלאָזט אים גיין העכער פון זעקס דאָלער.

אלע שבת נאָך דער ארבעט, פלעגט ער נעמען די „קאר" און, פארנדיק אהיים, צוערשט אריינגיין אין דער סטייט באנק און אריינטראָגן אויפן נייעם ביכל דרייסיק אָדער פינף־און־דרייסיק דאָלער, נאכער צוגיין צו דער פּאָבליק באנק און אריינטראָגן אויפן אלטן ביכל פופצן און אמאָל צוואנציק דאָלער. דאָס סטייט באנק ביכל פלעגט ער באהאלטן אין א געהיימער הויזן־קעשענע און דאָס פּאָבליק באנק ביכל איבערלאָזן אין דער היים ביזן צווייטן שבת.

אויסערלאך איז דזשאָס לעבן געגאנגען ווי פריער, אָבער אי־נערלאך איז ער לאנגזאם גאָר אנאנדער מענטש געוואָרן. ער האָט זיך מיט לייב און לעבן איינגעטיפט אין וואוקס פון זיינע צוויי באנק־ביכלאך, זייערע ציפערן האָבן טיפע וואָרצלען אין זיין נשמה געלאָזט, זיך געדיכט און ברייט צעוואקסן איבער זיין קאָפּ און ביסלאכוויים פארדעקט פאר אים די גאנצע וועלט. אין שאָפּ, אינדערהיים, אפּט אין שלאָף, האָט ער גאָר געטראכט פון די באנק ביכלאך, און אָנגעהויבן קוקן דורך א נעץ פון ציפערן אויף דער גאנצער וועלט. ער פלעגט פילן א קערפערלאכן שמערץ, ווען ס׳איז

אים אמאָל אויסגעקומען ווייניקער, ווי געוויינלאַך אַריינצעטראָגן אין די בענק, אָדער נאָך ערגער, עפּעס פון דאָרטן אַרויסצונעמען.

און וואָס נענטער די פאַרווירקלאַכונג פון זיינע טרוימען איז צוגעקומען, אַלץ שאַרפער איז בא אים געוואָרן דער באַגער צו שפּאָרן, זאַמלען, רייסן פון טויט און לעבעדיק. ער פלעגט אָפט גיין צופוס אין שאַפּ אַריין, זשאַלעוונדיק אַ ניקל „קאַר-פעיר" און זיך אַנטזאָגן צו גיין מיט סיידין אין די מואַווינג פּיקטשורס וועלנדיק איינשפּאָרן צוואַנציק סענט איינטריט געלט.

און אין פאַרבינדונג מיטן פיבער פון זשעדנעקייט, וואָס האָט אים אַרומגעכאַפּט, האָט זיך אויך אביסל געענדערט זיין אויסער־לאַכער אויסזען. זיינע קלוגע, אויפמערקזאַמע אויגן זיינען אומ־רואיק געוואָרן, דער בליק האָט באַקומען אַ מין שאַרפקייט, אָנגע־שטריינגטקייט, פּונקט ווי ער וואָלט זיך שטענדיק געהיט פון עפּעס, אָדער עפּעס אויסגעקוקט. צוויי לייכטע שאָטן קנייטשן האָבן זיך אוועקגעלייגט פון ביידע זייטן מויל און ווי פעסטער צוזאַמענגעשלאָסן און דינער געמאַכט זיינע ליפּן. דער שמייכל, וואָס פלעגט אַמאָל באַלייכטן זיין פּנים איז איינגאַנצן פאַרשוואונדן. ער איז געוואָרן אַביסל נערוועז און אומרואיקער זיך אָנגעהויבן צו באַוועגן.

מיט דער ווייב האָט ער זיך זעלטן געקריגט, איר אָפט אָפּגע־שווינגן, פּינקטלאַך אַלע שבת איר אויסגעצאָלט שוין דרייצן דאָלער אויף דער וואָך לעבן, און בא יעדער געלעגנהייט זי דערמאָנט ניט צו וואַרפן מיט קיין געלט. פאַר קינדער האָט ער מורא געהאַט, און אַלע חודש געוואַרנט סיידין צו זיין פאָרזיכטיק און חלילה ניט פאַרגיין אין טראָגן.

— דאַרפסט, דאַכט זיך, אַליין פאַרשטיין, סיידי — פלעגט ער איבער איר ריידן — אַז מיר טאָרן נאָך ניט האָבן קיין קינד, האָבן נאָך קיין רעכט ניט אויף דעם. וואַרט, ס'וועט שוין מן הסתם, ניט נעמען אַזוי לאַנג, כ'וועל זיך אַרויפאַרבעטן און דאַמלט — —

זי האָט אַמערסטן אין אַזעלכע פעלע געשוויגן, אָבער איינמאָל אים מיט אַ שפּאָטישן שמייכל געענטפערט:

— דאָס גאַנצע לעבן לייגסטו אָפּ אויף שפּעטער, פּונקט ווי

עס וואָלט רוהיק געשטאַנען באַ דיין טיר און געוואַרט ביז דו, יודל טאַרנאָווסקי, וועסט זיך באַפרייען פון דיינע סיווינג-ביזנעס און עס קומען נעמען. — מאַכסט אַ טעות, דזשאָ, זע ס'זאָל דיר שפּעטער ניט באַנג טאָן. כ'זע טויזנטער מענטשן וואָס פאַר־דינען פיל וויניקער פון דיר און דאָך האָבן זיי קינדער און מאַכן אַ שענערן לעבן — — — —

— יאָ, יאָ, ס'קען זיין — האָט דזשאָ נערוועז געענטפערט, — אָבער יענע וועלן אויף שטענדיק בלייבן אַרבעטער און ניט מער.

— ווער ווייסט וואָס פאַרא גליקן עס וואַרטן דאָרט אויף דיר אין דיינע ביזנעס? ! — האָט זי מיט גאַל געענטפערט און געענדיקט פעסט, כמעט מיט האַס : — און דעם אמת זאָגנדיק, צווייפל איך שטאַרק צו אימיצער, אפילו דיין אייגן ווייב, וועט אַ סך האָבן ווען דו וועסט זיך שוין אפילו גוט אַרויפאַרבעטן : אַזעלכע ווי דו, לייגן זיך אַרויף אויפן געלט און — ניט זיך, ניט יענעם — — —

·7

אַז נייטען דיכמאַן האָט אָנגעהויבן אַריינקומען צו די טאַר־נאָווסקיס אין הויז, איז אים דאָס פאָר פאָלק געוועזן זייער גערן. דזשאָ, וועלכער האָט אין דער גאַנצער צייט זיך זייער וויניק פריינט פאַרשאַפט, האָט געקראָגן מיט וועמען זיך מכח באַנק־ביזנעס, באָנדס, שערס, בראָקערס און נאָך ענלאַכע אַזעלכע ענינים, דורכ־צוריידן, און סיידי — מיט וועמען זיך דורכשפּאַצירן, ווען דזשאָ איז געוועזן פויל אָדער מיד פון דער אַרבעט.

נייטען איז געוועזן אַ הויך געוואַקסענער, שיינער יונגערמאַן, פון אַ יאָר אַכט, ניין-און-צוואַנציק, מיט בלאָנדע געקרויזלטע האָר און ריין בלויע טיפע אויגן אונטער טונקעלע ברעמען. ער האָט געאַרבעט אַלס אָנגעשטעלטער אין אַ באַנק, און געווען איז ער אַ וייטער פריינט פון עפּעס סיידיס אַ שטיף מומע. נאָר גערופן האָט מען אים, ווי געוויינלאַך — קאָזין נייטען.

סיידי, וועלכע האָט זיך אין די דריי יאָר איינטאָניקן לעבן

מיט דזשאָן אינגאַנצן אָפּגעלאָזט, איז אביסל צו זיך געקומען. זי האָט זיך ביסלאַכוויים ווידער אָנגעהויבן צו פּוצן, אכטונג געבן אויף זיך, איר שטענדיק לאַנגווייליקער פּנים האָט ווי פון אַ כשוף אויפּגעבליט, די אויגן האָבן דעם אמאָליקן גלאַנץ באַקומען און אפילו צום מאַן, מיט וועלכן זי פלעגט די לעצטע צייט גאָר ווייניק ריידן, איז זי געוואָרן אביסל אויפמערקזאַמער, ווייכער.

נייטען פלעגט אַריינקומען צוויי, דריי מאָל אַ וואָך. אין אַ פּשוטן אָוונט איז מען צוערשט געזעסן באַם טיש, געטרונקען טיי און געשמועסט. מיט דזשאָן פלעגט ער ריידן וועגן „ביזנעס" און פאַר סיידין ברייגען איינגלישע זשורנאַלן און אָפּט עפּעס פאָרלעזן פאַר איר. נייַן, האַלב נאָך נייַן איז דזשאָ געגאַנגען שלאָפן און אמאָל טאַקע גלייך איינגעשלאָפן אין עס-צימער אויף דער קאַנאַפּע. נייטען און סיידי האָבן, ניט אָפּגערעדטערהייט, ווי געוואָרט אויף דעם. אויפגעלעבטע מיט בלישצנדיקע אויגן, פלעגן זיי אַריין אין פראָנט צימער און פריילאַך, אָבער שטיל-געצאַמט, פאַרברייגען אַ שטונדע, צוויי.

אמאָל פלעגן זיי אַוועק שפּאַצירן און זיך באַהאַלטנדיק אין די טונקעלע שאָטענס פון די בוימער, ווי באַפרייטע, זשעדנע ציען אין זיך די קילע לופט. און זייער יעדעס וואָרט, בליק און באַרירונג האָט בליציק זייערע וועזנס דורכגענומען, העכער געהויבן דעם צאַם וועלכער האָט זיי פון דער גאַנצער וועלט אָפּגעטיילט און איינגער זייער געהיימען בונד געמאַכט.

זייערע באַציאונגען ? — ס'איז דאָך אַזוי פּשוט און לייכט עס צו פאַרשטיין ! זי איז געווען יונג, פול מיט לעבנסקראַפט און דזשאָ, ניט רעכענענדיק די ערשטע, הייסע עטלאַכע מאָנאַטן, האָט זי אַזוי גיך פאַרלאָזן, אַוועקגערויבט אירע פריידן צוליב די צוקונפטיקע געשעפטן. שטאַרק פאַרליבט אין אים איז זי קיינמאָל ניט געווען; זי האָט געהייראַט מיט אים, ווייל די מומע מלכה האָט איר זייער אַ סך גליקן צוגעזאָגט, זי מיטן גרויען צאָפּ און וויסטן שאַפּ געשראָקן. דערצו איז זי שוין דעמלט אויך געווען אַנטוישט פון אַ ניט-געלונגענער ליבע. אַז זי האָט זיך אָפּגענאַרט, דאָס האָט

זי באלד נאך דער חתונה פארשטאנען און אין די צעזאמענשטויסן מיטן מאן, גיך פארלארן צו אים דאס קליינע ביסעלע ליבע וואס די געוואוינהייט און די באפרידיקטע ליידנשאפט האט געבארן. איר הארץ האט נאך וואנזין געלעכצט, געדורשט נאך אומענדלאכער צערטלאכקייט פון א מאן, און ווען דזשא פלעגט קומען צו איר אמאל באנאכט האט זי אפט א ווארטנדיקע, אן אויפגערעגטע געפילט ווי אים אלץ צו פארגעבן, אבי אביסל געלאשצעט, געצערטלט צו ווערן. ער פלעגט זי אבער נעמען אזוי איינפאך, אזוי גראב, אן א קוש, אן א ליבעסווארט. און זי האט נאכער לאנג ניט געקענט איינשלאפן, פלעגט ליגן א האלב-באפרידיקטע, א באליידיקטע, קוקן מיט האס און ווייי אין דער זייט, וואו דעם מאנס קאפ האט זיך געפונען, און טראכטן, אז אזוי באגייען זיך, מן-הסתם, מענער אין די פרייליכע הייזקעס מיט די גאסן-פרויען.

און ס'פארשטייט זיך, אז אונטער אזעלכע אומשטענדען האט סיידי ניט זייער שטארק געקענט קעמפן געגן נייטענס הייסע-ליבעס ווערטער, געגן זיינע ברענענדיקע, בלויע אויגן און בעטנדיקע ליפן.

זי האט זיך אים איבערגעגעבן צום ענדע פונם דריטן מאנאט פון זייער באקאנטשאפט.

וואס העכער די ציפערן זיינען אין דזשאס באנק-ביכלאך גע-וואקסן, וואס נענטער זיין ציל איז צו אים צוגעקומען, אלץ וויי-טער איז סיידי פון אים געווארן און פוסטער — זיין פאמיליען לעבן. ער האט אבער קיין זאך ניט באמערקט, גארניט געפילט.

ווען סיידי פלעגט אמאל מיט א באהאלטענעם שפאס אין קול, אים בעטן מיט איר אין טעאטער אריין צו גיין, פלעגט ער זי אפשיקן צום קאזין נייטען און אפילו אין שלאף א איבערפילטער מיט זיינע חשבונות, נאכער קיינמאל ניט באמערקן ווי שפעט זי קומט אהיים, ניט פילן איר גנביש-שפאטישן בליק אויף זיין פנים. וואס אים האט יא אמאל בייז געמאכט איז געווען דער פאקט, אז וואס ווייטער, אלץ שווערער איז אים אנגעקומען איר נאענטקייט. ער

האָט אָבער ניט געהאַט קיין צייט אָן דעם זיך אַריינצוטראַכטן, מיט איר זיך דורכצורײדן און אַלץ צוגעשריבן צו אַ פּשוטן משוגעת.

ער פלעגט אַרבעטן איבערן כּח, אַריינכאַפּן „אָווערטײמס" נאָך „אָווערטײמס", רייסן גרויזאַם פון די פּרייזן באַ די פּרעסערס, אַלץ טראָגן אין די בענק, אַלץ געמאָסטן די צוקונפט אין דער לײנג און אין דער ברייט.

סיידין איז דאָס אַצינד שוין זייער ווייניק אָנגעגאַנגען: זי האָט געליבט, איז געווען געליבט און זיך פאַרזיגלט אין דער רינג פון איר ניט כּשרן, געגנבטן גליק.

פון זינט זי האָט זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן נייטענען, זיינען זיי פאַרזיכטיקער געוואָרן: נייטען פלעגט ניט אַריינקומען אָפטער ווי איין מאָל אַ וואָך און דאָס איבעריקע איז זי שוין דערקומען צו אים.

געוויסנביסע? — ניין, קיינע! די ערשטע וואָך האָט זיך עפּעס אַ שרעק געפּלאָנטערט באַ סיידין אין הארצן. זי פלעגט אויפציטערן ווען דזשאָ איז פון דער אַרבעט געקומען, אויסגעמידן אים גלייך אין די אויגן צו קוקן, אָבער אַלץ נאָר אויס מורא, טאָמער באַמערקט ער, דערוויסט זיך וועגן עפּעס. אָבער קריגנדיק פון אים, ווי שטענדיק, ווייניק וואָס אויפמערקזאַמקייט, האָט זי זיך גיך באַרואיקט און פלעגט אָפּט נאָך גאָר פילן אַ מין פאַרגעניגן באַם געדאַנקען, אַז זי נאַרט אים.

נייטען, וועלכער האָט זי ערנסט געליבט, האָט איר ניט איינמאָל פאָרגעלייגט אין גאַנצן פאַרלאָזן דעם מאַן, אָבער זי האָט נאָך דער־ווייל פון דעם ניט געוואָלט אפילו הערן.

און אַזוי איז עס ווייטער געגאַנגען

און ווען ס'קומט אַ מענטש, אַ קלוגער, אַ ניכטערער, כאַפּט אָן דזשאָן באַ דער פּלייצע, גיט אים אַ שטאַרקן טרייסל און שרייט אויס:

— יודל מאַרנאָווסקי, כאַפּ זיך אויף, קוק זיך אַרום! וואו איז דיין הויז, דיין ווייב, דיינע פריינט, דיינע קינדער? צוליב וואָס און פאַר וועמען האָוועסטו אַזוי שווער, רייסט דאָס שטיקל

ברויט פון פרעמדע מיילער? בלייב שטיין! — וואָס וואָלט יודל טאַרנאָווסקי דעמלט געענטפערט?

און ווען ס׳קומט אַ נביא, אַ ריזיקער גייסט אויף דער מידער, שמוציקער וועלט, קומט מיט טריט, וועלכע זאָלן די ערד צוטרייסלען און בליקן, וואָס זאָלן מענטשלאַכע הערצער פּיילן, און שרייט אויס מיט אַ שטימע פון אַ דונער:

מענטשן, מענטשן, כאַפּט זיך אויף, קוקט זיך אַרום! וואו איז דאָס גליק פון אייערע היימען, די איבערגעבנקייט פון אייערע פרויען, דאָס טריישאַפט פון אייערע פריינט, די צערטלאַכע ליבע פון אייערע קינדער? צוליב וואָס און וועמען גייט איר אויס מיט שווייס און בלוט, רייסט דאָס שטיקל ברויט פונם מויל איינער באַם צווייטן? בלייבט שטיין, באַרעכנט זיך!

וואָס וואָלט די מענשהייט דעמלט געענטפערט? — — — — —

8.

דער סוד פונם צווייטן באַנק-ביכל, וועלכער האָט זיך צופעליק אויפגעדעקט, האָט פאַרטריבן פון סיידים האַרצן ניט נאָר דעם מינדסטן טראָפּן געפיל פון שולד אַנטקעגן מאַן, נאָר אויך דאָס ביסעלע אַכטונג און רחמנות, וועלכע פלעגן זיך פון צייט צו צייט בא איר אין ברוסט צו אים אַ ריר געבן, ווען ער פלעגט קומען אַ מידער, אַ פאַרשוויצטער פון דער אַרבעט.

נעמענדיק איין מאָל אַ באָד, האָט דזשאַ פאַרגעסן צו באַהאַלטן דאָס צווייטע באַנק-ביכל. סיידי האָט עס צופעליק באַמערקט, אַרויסשטעקנדיק פון זיין הויזן-קעשענע. זי האָט עס דורכגעקוקט און איז געבליבן אַ דערשטוינטע. כדי צו זיין זיכער, האָט זי אַרויסגענומען דאָס אַלטע ביכל פונם שופלאָד און זיי ביידן פאַר-גליכן.

— גאָט מיינער, וואו האָט ער אָנגעגנבט אַזוי פיל געלט? אַזוי פיל? און פאַר מיר עס די גאַנצע צייט באַהאַלטן? — זי האָט זיך מיט אַמאָל דערפילט ווי אַ באַפרייטע, רואיק און זיכער אַ

טראַכט געטאָן, אַז זי קען זיך ניט פילן שולדיק געגן אַזאַ מאַן, אַז זי האָט געהאַט די פולע רעכט אים צו נאַרן, ווי ער אַליין האָט עס געטאָן. און מיט צערטלאַכקייט האָט זי זיך דערמאָנט וועגן נייטענען באַ וועלכן קיין זאַך איז פאַר איר ניט געווען צו טייער.

און ווען דזשאָ, אַרויסקומענדיק פונם באַד-צימער, האָט דערזען באַ איר אין האַנט דאָס צווייטע ביכל, איז ער אַ דערשראָקענער שנעל צוגעגאַנגען און עס אַרויסגעכאַפּט.

אַ ווײַלע האָבן ביידע זיך שטיל אָנגעקוקט. זי מיט אַ שפּאָטיש שמייכל אויף די ליפּן, ער אומצופרידן און אַביסל ניט זיכער.

— אַזוי, אַזוי, דזשאָ, — האָט זי זיך ענדלאַך נערוועז צעלאַכט,

— מיר האָסטו אויף אַ קליידל, אויף אַ העט געזשאַלעוועט, אַלץ געוויינט, אַז איבער מיר קענסטו גאָרניט שפּאָרן און שטילערהייט האָסטו שוין אָנגעקליבן אויף אַ צווייטן ביכל אַריבער צוויי טויזנט דאָלער

צוערשט איז ער בייז געוואָרן, אָנגעהויבן שרייען, אַז זי וויל פון גאָרניט וויסן, וויל אים ניט פאַרשטיין, אַז ער אַרבעט שווער און ביטער אויף זיין געלט, א. א. וו. באַלד אָבער האָט ער זיך באַרואיקט און גענומען דערציילן פון די צוקונפטיקע ביזנעס, וועלכע זיינען שוין גאָר, גאָר ניט ווייט, און זיינע אויגן האָבן דער-ביי געפינקלט.

— אָבער פון וואַנעט קומט צו דיר אַזוי פיל געלט? האָסט דאָך אויפן אַלטן ביכל אויך געטראָגן די גאַנצע צייט צו פופצן דאָלער אַ וואָך?

— וואָס איז דער אונטערשייד? — האָט ער אומצופרידן גע-ענטפערט — גלויב מיר, כ'האָב עס באַ קיינעם ניט געגנבעט. מען מאַכט זיך ווייניקער, מען אַרבעט צו אַביסל מער, מען קלייבט אַ סענט צו אַ סענט, נאָך אייניקע קלייניקייטן און דער דאָלער וואַקסט.

זי האָט גאָרניט געענטפערט, געקוקט אָן אַ זייט, געטראַכט ווי גוט ס'איז איר מיט נייטענען און אַז ער איז אייגנטלאַך גע-רעכט, באַהויפּטנדיק, אַז איר געפינען זיך דאָ אין הויז איז אַ

פאַרברעכן געגן זייער ליבע און אַז דזשאָ וועט זי צו יעדער צייט פאַרבייטן אויף אַ נײַ באַנק-ביכל.

זי האָט געוואָלט און ניט געקענט באַהאַלטן אַ גליקלאַך-שעל-מישן שמייכל, וועלכער האָט זיך געגן איר ווילן פון די ווינקלען פון איר מויל געריסן.

סיידי איז פאַרגאַנגען אין טראָגן. נאָך אַ באַראַטונג מיט נייטענען, האָט זי אין אַ פרימאָרגן געזאָגט וועגן דעם דזשאָן.

ער איז צוערשט ווי צוטומלט געוואָרן, פאַרקנייטשט דעם שטערן, זיך אַ קראַץ געטאָן אין קאָפּ און גענומען נאָכפרעגן ווי לאַנג ס'איז שוין און אפשר קען מען נאָך פאַרכאַפּן. ער האָט איר נעגעבן צוויי דאָלער זי זאָל נאָך היינט זיין באַם דאָקטאָר. אָבער ווי גיט איינגענעם די בשורה איז אים געווען, לאַנג טראַכטן וועגן דעם האָט ער ניט געקענט: אין שאָפּ, וואו ער האָט געאַרבעט, איז געווען אַ פייער, די אַרבעטער זיינען קוים מיט די לעבנס אַרויס א:ז במעט די גאַנצע פעקטאָרי איז חרוב געוואָרן.

וואָס פאַר אַן אַנטייל דזשאָ האָט גענומען אין דער פייער גע-שיכטע, האָט סיידי ניט געוואוסט און זיך ניט געקענט אָפּוואונ-דערן, ווען דער בעל-הבית איז אויפן דריטן טאָג נאָכן פייער, אין אָוונט-צייט, געקומען פּלוצלינג צוגאַסט, זיך פאַרשפּאַרט נאָכער מיט דזשאָן אין שלאָפצימער און אַריבער אַ שטונדע האָבן זיי פון עפּעס שטיל צווישן זיך גערעדט.

ווען דער בעל-הבית איז אַוועק, איז דזשאָ אַרומגעגאַנגען אַ צייט אויפגערעגט איבערן צימער און ענדלאַך, ניט זייענדיק אימ-שטאַנד אין זיך זעלבסט מער איינצוהאַלטן די פרייד, אַ זאָג געטאָן צו סיידין, וועלכע האָט געלעזן אַ בוך באַם טיש :

— יאָ, יאָ, סיידעלע, אַזוי הייסט עס . . . אין אַ צוויי, דריי חדשים אַרום וועלן מיר שוין אויך גיין אין ביזנעס . . . און נאָך אין וואָס פאַר אַ ביזנעס !

זי האָט אים אָנגעקוקט אַ ווײַלע, קוים בעמערקנד אַ הויב גע-טאָן מיט די פּלייצעס און ניט ענטפערנדיק אויף זיינע ווערטער, קאַלט געזאָגט :

— כ'בין געוועז היינט באם דאָקטאָר. ס'איז שוין אריבער צוויי מאָנאטן . . . ער זאָגט אז אַן אָפּערייש‍אָן איצט איז זייער געפערלאך.

אַן אויפגערעגטער פונם בעל-הבית וויזיט, האָט דזשאָ זיך קוים איינגעהערט אין אירע ווערטער, דאָך געכאַפּט דעם אינהאַלט, און צעטראָגן אַ מאך טוענדיק מיטן האַנט אַ זאָג געגעבן: זאָל שוין זיין אזוי.

זי האָט זיך צוריק פארטיפט אין בוך. ער האָט זיך נאָך אביסל נערוועז ארומגעדרייט איבערן צימער, דערנאָך געכאַפּט דאָס רעקל און איז ערגעץ וואו אוועק.

סיידי איז אויך באַלד אוועק צו נייטענען.

.9

מיט צוויי חדשים שפּעטער האָט דזשאָ זיך געעפנט אַ פיינעם מענער קליידער געשעפט אין האַרלעם, און דער געוועזענער בעל-הבית האָט אים אריינגעשיקט פון זיינעם אַ צווייטן שאַפ אַ פיין ביסל סחורה, אַן אַ סענט געלט.

און כדי ס'זאָל שענער קלינגען, האָט דזשאָ פארקירצט אביסל זיין נאָמען, און אָנשטאָט „טאַרנאָווסקי" איז אויף אַ גרויסן שילד מיט עלעקטרישע בוכשטאַבן געשטאַנען: „דזשאָ טאַרנאָ ענד קאָ."

אויף דער צווייטער וואָך נאָך דער עפענונג פון דער קראָם, האָט דזשאָ געדונגען אַ אידיש-איינגלישן לערער און זיך אָנגעפאַנגען לערנען איינגליש נאָך זיין אייגענער מעטאָדע. די מעטאָדע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס פון קיין גראַמאַטיק, שרייבן, אָדער לעזן האָט דזשאָ ניט געוואָלט אפילו הערן, דאָס איינציקע, צו וואָס ער האָט געשטרעבט, איז געווען צו קענען ריידן מיט אַ קונה. ער האָט אויפגעשריבן אין אידיש אַ פּאָר הונדערט פון די נויטווענדיקסטע ווערטער און באַ אַ הונדערט גאַנצע זילבן, וועלכע מען מוז באַנוצן באַם פארקויפן מענער-מלבושים.

אָט צום ביישפּיל: „וואָס מאַכט איר?" „זיצט, כ'בעט אייך"

„ווילט איר אן אַנצוג אָדער אַ מאַנטל?" „וואָס פאַר אַ פאַרב ?" „ס׳איז גרויס ?" „גוט, איך וועל אייך געבן אַן אַנדער מאָדל", „זייט זיכער, ס׳איז דאָס בעסטע און ביליקסטע וואָס ס׳קען נאָר זיין", „ניין, ווייניקער איז אוממיגלאַך", „גלייבט מיר אויפן וואָרט", „כ׳האָף איר וועט שוין בלייבן מיין שטענדיקער קונה", און אַז. וו.

די אַלע זילבן האָט דער לערער געמוזט אים איבערזעצן אין איינגליש און דזשאָ האָט זיך אין די אָוונטן פלייסיק גענומען זיי איינחזרן. מיט צוויי וואָכן שפּעטער, צוהערנדיק זיך פון אַנאַנדער צימער צו אַזאַ אויסערגעוויינלאַכן אַרט לערנען, האָט מען געקענט מיינען, אַז פון יענער זייט טיר איז אַ קליידער געשעפט און אַ שלעכטער קונה דינגט זיך איינגעעקשנט איבער דעם פּרייז פון אַ מאַנטל אָדער אַ אַנצוג.

אויב סיידי איז אין צייט פון לערנען געווען אין הויז, האָט זי זיך געהאַלטן באַ די זייטן פון געלעכטער, אָפטער אָבער פלעגט זי דעמלט זיין באַ נייטענען.

דער פּלאַן, וואו דזשאָ האָט געעפנט די קראָם, איז געווען זייער אַ געלונגענער און דאָס געשעפט האָט גענומען גיין גוט. אויפגעעפנט די קראָם האָט ער מיט איין אָנגעשטעלטן און מיט צוויי חדשים שפּעטער שוין געמוזט צונעמען נאָך צוויי. צו די זעקס מאָנאַטן האָט דזשאָ צוגעדונגען די צווייטע קראָם, וועלכע איז דאַן גראַדע געשטאַנען אַ ליידיקע, דורך אַ טיר אין אַ וואַנט זי פאַרבונדן מיט דער ערשטער, צוגענומען אַ ביליקע בוכהאַלטערין און נאָך צוויי מענטשן.

און אַזוי האָט „ער" גענומען וואַקסן

געאַרבעט האָט ער אַצינד נאָך מער ווי פריער. די קראָם פלעגט ער אַליין עפענען גאַנץ פרי און זי פאַרמאַכן פיל שפּעטער פון אַנדערע. אַלץ האָט ער געהאַלטן אויפן אויג, אין איטלאַכנס אָרענט-לאַבקייט געצווייפלט, אַליין פאַרקויפט גלייך מיט אַלע „מענטשן" און פאַרבייגייענדיק זיך צוגעהערט און צוגעקוקט וואָס יעדער איי-נער טוט. אין הויז פלעגט ער זיך אַצינד געפינען נאָך ווייניקער ווי פריער: מיטאָג האָט ער געגעסן אין קראָם און באַ איין טיש

מיטן ווייב איז ער געזעסן בלויז זונטיק. און אפילו זונטיק האָט ער אויך געהאַט גאַנצע פּעק חשבונות איבערצוקוקן, מוסטערן צו קלייבן און גלאַט אַזוי ליב געהאַט צו טראַכטן וועגן די ביז־נעס.

און סיידי? סיידי איז די לעצטע צייט זייער אַ גוט ווייב געוואָרן: זי האָט אים וועגן קיין זאַך ניט געבעטן מער, אויפ־געהערט צו פּאָדערן, שטיל, ווי אָפּגעזונדערט, איז זי אַרומגע־גאַנגען איבער די צימערן, פול מיט איר באַהאַלטענער ליבע צו נייטענען, מיט אַ האַרץ איבערגעפּולט מיט גליק און פּחד פאַר דעם שרעקלאַך גרויסן סוד פון מוטערשאַפט, וואָס וואַקסט אין איר. מיטן מאַן האָט זי זיך כמעט ווי אינגאַנצן אויפגעהערט צו אינטערעסירן, פלעגט אויפציטערן ווען ער האָט זיך אַמאָל צו־גערירט צו איר און צו קיינע נאָענטקייטן ניט דערלאָזן אין נאָמען פון געזונט פאַרן צוקונפטיקן קינד.

נייטען פלעגט אַצינד קומען, ווי אין די אַמאָליקע צייטן, צוויי, דריי מאָל אַ וואָך, זעלטן זונטיק, ווען ער האָט געקענט לייכט באַגעגענען דזשאָן, וועלכן ער האָט די לעצטע צייט ניט געקענט פאַרטראָגן.

סיידי האָט געפילט, אַז ער ליידעט, אַז זי האָט אַריינגע־בראַכט אין זיין לעבן מער ווייז ווי גליק, אָפּט אַליין געטראַכט פון איר אומנאַרמאַלן, ניט שיינעם לעבן, און אַלץ אָפּגעלייגט דעם סוף אויף שפּעטער, אויף דערנאָך — נאָכן קינפּעט.

ענדלאַך איז זי געלעגן געוואָרן און געבוירן אַ שיין אייננעלע, מיט טונקל בלויע אויגעלאַך, בלאָנדע האָר און עטוואָס אַן אויס־געריסענעם, פרעכן נעזל.

דאָס קינד איז געווען זייער אַן אַנגעלייגטס. דזשאָ האָט געמאַכט אַ גרויסע שמחה, צענויפגערופן באַקאַנטע, און זיך אַלץ געחדושט, ווי קומען צום קינד בלויע אויגן, ווען ער און סיידי האָבן שוואַרצע.

— פאַרקוקט זיך אויף נייטענען — האָט מענדל, וועלכער איז צו גאַסט געקומען, געלאַכט — אַ שאָד מיין פּלוניתטע האָט

ניט געקענט קומען. זי וואָלט שוין אויסגעפינען אימיצען אין דער משפּחה מיט בלויע אויגן און בלאָנדע האָר.

נייטען האָט בא דיזן געשפּרעך נערוועז און ליידענד, גע־שמייכלט און אַלץ באַהאַלטן דעם בליק, און סיידי האָט גענומען עפּעס זוכן אַרום דעם קינד.

.10

די צייט איז געגאַנגען.

אַלע טאָג האָבן זיך דורך די טומלדיקע גאַסן, איבער די איי־זערנע לופט בריקן, אין ריכטונג צו די פילע בית־עולמס, געטראָגן צענדליקע שוואַרצע וואָגנס, נאָך זיי — קאַרעטן מיט בלומען קראַנ־צען און פּאַרוויינטע פריינד. אָבער אין די אַרומיקע הייזער, דעם אַלטן טויט אויף צו להכעיס, האָבן שוין געשריען ניי געבוירענע קינדער און מוטערס פלאַטערנדיקע און גליקלאַכע האָבן פאַר זיי די גלענצענדסטע צוקונפט געבויט. און די יעניקע, וואָס זיינען נאָך אויפן לעבנסוועג געוועזן, האָבן זיך, ווי רויטע ערד ווערים, צו־זאַמענגעדרייט אין איין קאַמפּס־קנויל, שטיקער איינער פונם צווייטן געריסן, זיך געשטיקט אין ענגע, פאַר זיך אַליין געשאַפענע גרע־נעצן און מיט האָפנונג און בקשה געוווּנדערט די מידע, שטאַרע בליקן צום פוסטן הימל, וואוּאין זיי אַליין האָבן זייערע געטער אַרויפגעזעצט — — —

דזשאָס געשעפטן זיינען אוועק וואָס ווייטער אַלץ בעסער און מיט צוויי יאָר שפּעטער האָט די „דזשאָ טאַרנאָ ענד קאָ.“ געעפנט אַ צווייטע, גרויסע קראָם „דאַון־טאַון“ אויף קאַנאַל גאַס.

די לעצטע צוויי יאָר זיינען געווען זייער שווערע פאַר דזשאָן. ווי אַ פערד האָט ער זיך איינגעשפּאַנט אין אַ גרויסן, שווערן וואָגן און איינגעשפּאַרט אַלץ געוואָלט אַליין אים אויף אַ ברייטן וועג פון דעם זומפּ אַרויסשלעפּן. ער האָט אַלץ געשפּאַרט און כמעט שטענ־דיק אויפן חשבון פון זיין געזונט, פון זיין רו. און די נייע קראָם

אויף קאנאל גאס האט אים נאך מער ארבעט פארשאפט, נאך ווייניקער רו אים דערלויבט צו האבן.

ער האט איבערגעביטן זיינע דריי צימערן אויף פינף, האט שוין ארויסגעגעבן סיידין אלע וואך צוואנציק דאלער אויף דער הוצאה און צוגעקויפט אביסל ניי מעבל. אמאל, זונטיק, פלעגט ער זיך מיטן ווייב און קינד ערגעץ וואו דורכפארן און די גאנצע צייט כמעט נאר געטראכט און גערעדט פון זיינע „ביזנעס". סיידי פלעגט זיך לאנגווייליקן, ניט ענטפערן, און אמאל, פארלירנדיק דעם געדולד, אים בעטן בעסער שווייגן, אויב ער האט ניט פון וואס אנדערש מיט איר צו ריידן. און ביידע האבן געשוויגן, ווייל אין די לעצטע עטלאכע יאר ביזנעס פיבער האט זיין מח ווי פארגעסן, ווי אזוי פון עפעס אנדערש צו טראכטן.

דאס קינד, אייבי, האט ער זייער ליב געהאט, עס סטראכירט אויף פינף טויזנט דאלער, דאס לעצטע יאר געהאלטן צו דעם א דינסט און דעם פארשאפט אלע פארגעניגנס. צוערשט — ביזנעס, נאכער — קינד און ווייב. אזוי האט געלויטעט דושאס לעבענס פילאזאפי.

אייבי האט ליב געהאט דעם שטענדיק פארנומענעם פאפא, גערן געגאנגען צו אים, אבער פיל בעסער און היימלאכער זיך געפילט מיטן אנקל נייטען, וועלכער פלעגט אין פאטערס אבוועזנהייט, אים ארויסצייגן אזוי פיל צערטלאכקייט און ליבע. די מאמע און דער אנקל נייטען זיינען געווען בא אים כמעט ווי איינס און דאס זעלבע און אפט, זיצנדיק אויף די הענט בא דער מוטער, פלעגט ער ארומ-כאפן מיטן צווייטן הענטל נייטענען און מיט א צופרידענעם גע-לעכטער צוזאמענדריקן זייערע קעפ.

נייטען איז אצינד שוין געקומען כמעט אלע פארנאכט און אלע דריי פלעגן זיי גיין שפאצירן אדער אזוי זיצן אין הויז און שמועסן צווישן זיך. און דער קליינער אייבי, זיצנדיק איינמאל אין אוונט באם אנקל נייטען אויף די קני און זיך צוהערנדיק צו זיין געשפרעך מיט דער מוטער, האט דערפילט ווי ווארימע טראפנס פאלן שנעל

אויף זיינע האָר. ער האָט פאַרוואונדערט אַ קוק געטאָן אויפן אָנקל און זיך געווענדעט צו דער מוטער.

— מאַמע, וואָס וויינט דער אָנקל נייטען ? — און זעענדיק ווי די מוטער ווישט אַליין אויך די אויגן, האָט זיך דאָס קינד צעוויינט.

און דזשאָ האָט דערוויייל אַלץ פאָרטגעזעצט זיין וועג, זיין שלעפּן דעם וואָגן באַרג אַרויף, פאַרגעסן אָן לעבן און ווייניק גע-טראַכט וועגן טויט, ווען ער איז שוין געשטאַנען ערגעץ וואו פאַר-שטעקט אין אַ ווינקל פון זיין גרוסער קראָם און געדולדיק גע-וואַרט. ער איז געוואָרן אַ בכבודיקער מיטגליד פון אַ רייכער סאָ-סייטי, האָט אַרויסגעטרעטן פון „אַרבעטער רינג“, וואָואין מענדל האָט אים נאָך אַמאָל איינגערעדט צו באַלאַנגען, און ס׳האָט אים שטאַרק באַנג געטאָן פאַר די עטלאַכע צענדליק דאָלער, וואָס ער האָט איינגעצאָלט.

זיין טאָג איז ווי אַ בוך פון אַ געניטן בוכהאַלטער געווען צע-טיילט אויף פּינקטלאַך אויסגערעכנטע חלקים : זעקס אַזייגער פלעגט ער אויפשטיין, אויף גיך זיך אָנטאָן, אויף גיך אָפּטרינקען אַ גלאָז קאַווע „כאַפּן“ די סאָבוויי און האַלב נאָך זיבן צוזאַמען מיטן עלטסטן „מענטשן“ עפענען די האַרלעמער קראָם. דאָס זעלבע פלעגט אויך געטאָן ווערן אין דער „דאַון-טאַונער“ קלייט. אין האַרלעם האָט ער זיך געפונען ביז האַלב נאָך איינס און פונקט צוויי אַזייגער איז ער שוין געווען אין צווייטן געשעפט, וואו עס האָט געוואַרט אויף אים זיין מיטאָג.

זייענדיק אין די קראָמען פלעגט דזשאָ קיין מינוט ניט רוען : ער האָט געקליבן מוסטערס, געגעבן באַפעלן, געגנישטערט אין די ביכער, דאָס האַרץ פון זיך אַרויסגערעדט מיט די ערגסטע קונים און קיינעם ניט גלויבנדיק, אַלץ נאָכגעציילט, נאָכגעחשבונט, געוואָלט אַלץ פּאַראַויסזען, און אין יאָגעניש נאָך מער אַ דאָלער ריוח אַלץ פאַרלוירן .

אַזוי טייער רעכנענדיק די צייט פאַרן לעבן האָט ער געמוזט פאַר גאָרניט אָפּרייסן געגנוג צייט אום צו קענען שטאַרבן . . .

.11

דזשאָ איז באַוועגלאָז געלעגן אין בעט. זיין פּנים איז געווען געל־גרוי, זיינע באַקן ביינער האָבן בולט אַרויסגעשטאַרטשעט פון זיין ברייטן געזיכט. די ברוסט האָט זיך שנעל געהויבן און טונקל־גרויע שאָטנס האָבן זיך אַרום זיינע איינגעפאַלענע אויגן און דיקע ליפּן געקליבן.

דער אומגליק איז געשען צוויי אַזייגער נאָכמיטאָג, דריי אַזייגער, שוין בײַ זיך אין בעט, איז ער געקומען צו זיך און עטוואָס געעפנט די אויגן.

רעכטס האָט ער דערזען זיצן אַ באַקאַנטן דאָקטאָר, לינקס אַ באַרמהאַרציקע שוועסטער אין איר ווייסן אָנצוג און צופוסנס, מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, איז געשטאַנען, אָנגעשפּאַרט אָן בעט, סיידי.

דזשאָ האָט קלאָר געדיינקט, ווי ער האָט צוריקגערופן די צוויי קונים, איינער האָט אַפילו געהאַט אַ שוואַרץ שפּיציק בערדל, ווי ער איז אַרויף אויפן לייטער נאָך די אָנצוגען און ווי ער איז אַרונ־טערגעפאַלן, ווען דאָס טרעפּל, אונטער אים, האָט זיך איינגע־בראָכן. אָבער ווי אַזוי ער איז געקומען צו זיך אין בעט האָט ער ניט געוואוסט.

„הפּנים שלעכט געפאַלן" — האָט ער געטראַכט — „עס וועט שוין דאַרט בײַ „זיי" איןביידע קראָמען ווערן אַ לעבעדיקע וועלט. כ'וועל נאָכער ניט קענען אַרויסקריכן פון די מיסטייקס און אומ־אָרדנונג . . . דער שוואַרצער יאָר האָט מיך אָבער אַ טראָג געטאָן צוליב די צוויי פאַרשיווע אידן קלעטערן אויפן לייטער . . . גע־יאָגט זיך נאָך צוויי דאָלער פּראָפיט און כ'וועל גאָט ווייסט מיט וויפיל צענדליקע ״אָלערס דאַרפן באַצאָלן דעם דאָקטאָר . . . צו אַלדע שוואַרצע יאָר . . . לעבן זאָל טאַקע אַ קריסטלאַכער קונה: מען פאַרדינט בײַ אים מער און מען נודיעט זיך פיל ווייניקער".

ער האָט געוואָרפן אַ זייטיקן בליק, דורך די צוזאַמענגעדריקטע

וויהעס, אויפֿן דאָקטאָר, וועלכער האָט אריינגעקוקט אין א „מעגעזין", אויף דער בארמהארציקער שוועסטער, וועלכע איז גע־שטאַנען פֿארטראכט באם פֿענסטער, און גענומען אויפֿן מח צענויפֿ־רעכענען וויפֿיל געלט דיזע צוויי „מענטשן" וועלען צונעמען בא אים אזוי לייכט." דער דאָקטאָר נעמט ניט ווייניקער ווי פֿינף דאָ־לער א וויזיט. זוי וועט ער ניט ארײַנקומען א וואָך צייט צו אזא פֿעטן פֿגר ווי ער ? . . . איז שוין דרייסיק דאָלער. די ווייסע שוועסטער, בא דער זייט, וועט מן חסתם אויך וועלן צוואַנציק, אויב ניט אלע פֿינף־און־צוואַנציק דאָלער. האָסטו שוין פֿינף־און־פֿופֿציק דאָלער נאָר פֿאר איין וואָך — אום דאָס צו פֿארדינען דארף מען פֿארקויפֿן בא פֿופֿצן סוטס . . . און אלץ איבער די פֿאסקודנע צוויי אידלאַך מיט זייער צוויי דאָלערדיקן פֿארדינסט".

דאָ האָט ער באַמערקט אונטערן דאָקטאָרס פֿלייצעס דאָס קליי־נע נאכט־טישל און אויף דעם א גאַנצע מחנה פֿארשיידענע פֿלעש־לאַך מיט רפֿואות: אונטער צוויי קליינע פֿלעשלאַך, ס'ווייזט אויס מיט טראָפּן, זײַנען געשטאַנען צוויי גרעסערע, שווארצע פֿלעשלאַך, נאָך זיי, איינס א ווייס און צוויי גאָר גרויסע געלע. אויפֿ'ן קישן פֿון צווייטן בעט, האָט ער באַמערקט א גומען קישעלע מיט זויער־שטאָף, וועלכעס מען באַנוצט בא שטארבנדע כדי נאָך אביסל אויפֿצוהאַלטן זייער גוססדיקן לעבן.

„גאָט מיינער," האָט ער א טראכט געטאָן מיט פֿארדרוס, „ווען און צו וואָס האָבן זיי דאָס אלץ אָנגעשלעפּט" ? און ער האָט געפּרואווט אויסרעכענען וויפֿיל געלט די פֿלעשלאַך וועלן איינשלינגען. נאָר דאָ איז זיין בליק געפֿאַלן אויף דער ליינג פֿון זיין קערפּער און ער האָט באַמערקט ווי האַסטיק זיין ברוסט הויבט זיך. ער האָט טיף א ציי געטאָן אין זיך דעם אָטעם און דערפֿילט צום ערשטן מאָל, אז זיין האַרץ גייט אויס אין שטעכיקן ווייַ, אז ער ווערט דערשטיקט. ס'האָט אים אָנגעכאַפּט א שרעק. מיט א שנעלקייט זײַנען ערגעץ וואו פֿארשוואונדן זײַנע קראָמען מיט די קליידער, וועלכע ער האָט שטענדיק אויפֿן מח געהאַלטן, אויך אוועס זײַנע אלע חשבונות וויפֿיל יעדע זאַך וועט קאָסטן, נאָר א פּחד פֿאר

דעם וואָס ס׳קען געשען און וואָס ער האָט פּלוצלינג לעבן זיך אַזוי קלאָר דערפילט, האָט אַרומגעכאַפּט זיין גאַנצן וועזן.

„שטאַרבן? ! — האָט אַ געדאַנק דורכגעפינקלט — „אָבער איז עס דען מיגלאַך? פון אַזאַ לייכטן פאַל? און איבער צוויי דאָלער פּראָפיט?“.

עפּעס אַ אַלטע, לאַנג פאַרגעסענע שטימע האָט ווי ערוואַכט אין אים און פון גאָר טיף זיך שפּאָטיש צעלאַכט.

„שטאַרבן אַצינד?“ האָט ער ווייטער געטראַכט „אַצינד, ווען כ׳שטיי שוין אַזוי הויך, ווען איך האָב זיך שוין אַזוי אַרויפגעאַרבעט, ווען כ׳האָב ערשט געוואָלט אָנהייבן לעבן אין פאַרגעניגן“.

— סאַראַ ליגן — האָט דאָס אַלטע קול פון זיין אַמאָליקן גע-וויסן געלאַכט — ניט לעבן האָסטו געוואָלט, נאָר די וועלט פאַר-שלינגען, געלט, דאָלערס וואָס מען מאַכן.

— ניט פאַר מיר — האָט ער זיך פאַרענטפערט, — פאַר מיין פאַמיליע, פאַר מיין ווייב און קינד, האָב איך עס אַזוי שווער געאַרבעט.

— סאַראַ ליגן ! — האָט ווידער געקלונגען אַן ענטפער, — דיין ווייב האָסטו פאַרנאַכלעסיגט, פאַרלאָזן אין איינזאַמקייט, זי אָפּגעשטויסן פון זיך און דיין קינד געוואָלט טויטן, איידער ס׳איז נאָך אויף דער וועלט געקומען.

— ווי אַנדערש אָבער האָב איך געקענט האַנדלען, אַז איך האָב פאָרט געוואָלט זיך אַרויסראַטעווען פונם שאָפּ, אַ גוטע צוקונפט זיך בויען ? !

— אַ צוקונפט פון אַ בלוט-צאַפּער — האָט זיין געוויסן ווידער געענטפערט, — אַ צוקונפט פון פּשוטער מערדעריי . . . יעדער איינער וויל אַנטלויפן פונם שאָפּ . . . מענדל איז אויך אַנטלאָפן, אָבער ווי אַזוי איז ער אַוועק און ווי אַזוי דו? פון דיר, אַ שלעפּער, וועלכן ער האָט אין פּאַרק געפונען, האָט ער אַ מענטשן געמאַכט, אין שאָפּ דיך אַריינגענומען, אַ טרייד אויסגעלערנט, און אַז דו האָסט די מאַכט געקראָגן, האָסטו זיך ווי אַ פּיאַווקע אין

דיינע מיטאַרבעטערס ליבער אײַנגעזאַפּט און גענומען זויגן זייער בלוט . . . שוויַג בעסער . . . אַלץ וואָס דו טראַכסט, אַלץ וואָס דו רעדסט, אַלץ מיט וואָס דו ווילסט זיך פאַרטיידיקן איז שקר . . .

ער האָט געפילט ווי זיין האַרץ פלאַטערט, צונעמט זיך און דריקט זיך פיינלאַך צוזאַמען, לאָזט זיך ביסלאַכוויַיס אַלץ נידריקער אַראָפּ און באַלד, באַלד רייסט זיך עס אינגאַנצן אָב.

ער האָט אַ קרעכץ געטאָן. דער דאָקטאָר האָט אויפגעהערט לעזן, די באַרמהאַרציקע שוועסטער טראַכטן — ביידע האָבן זיך איבערגעבויגן צו אים. און אפילו אין אַזאַ מאָמענט פון שרעק און שמערץ איז ווי אַ בליץ אַ געדאַנק אין זיין מח דורכגעלאָפן: „פאַר אַזאַ אויפמערקזאַמקייט האָבן זיי זיכער צו קריגן גאַנץ פיין באַצאָלט".

סיידי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און זיך אײַנגעקוקט אין מאַנס פּנים.

— נו, ווי פילט איר, מיסטער טאַרנאַ ? — האָט דער דאָקטאָר געפרעגט.

דזשאָ האָט זיך געוואָלט אַ ריר טאָן.

— נאָ, נאָ, מיסטער טאַרנאַ — האָט אים דער דאָקטאָר באַ די פּלייצעס אָנגעכאַפּט — רירן דאַרפט איר זיך אַבסאָלוט ניט . .

— וואָס, דאָקטאָר, כ'שטאַרב ? זאָגט, כ'בעט אייך ! — האָט דזשאָ קוים הערנד געפרעגט, און אַליין זיין קול ניט דערקענט.

— אַזוי ווייט האַלט עס נאָך ניט — האָט דער דאָקטאָר גע-פּרוּווט אַ שמייכל טאָן, — אָבער ווי געניטע ביזנעסלייט דאַרפן מיר זיין פאַרבערייט צו אַלץ. דאָס האַרץ איז באַ אייך אַביסל גע-רירט.

דזשאָ האָט אַ ווײַלע געקוקט דעם דאָקטאָר גלייך אין פּנים אַריין און פאַרשטאַנען, וואָס יענער האָט ניט דערזאָגט. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און שטיל געענט-פערט :

— גוט, רופט ווּעמען מען דאַרף

און ווען דער דאָקטאָר האָט אין דריטן צימער גערעדט מיט

א „לויער" דורכן טעלעפאָן, איז סיידי געזעסן אויפן בעט לעבן מאַן און ווישנדיק די טרערן זיך צוגעהערט צו זיינע שטילע ווערטער:

— סיידי, זיי מיר מוחל! כ'בין באַגאַנגען א גרויסע עולה געגן דיר, געגן זיך, געגן קינד . . .כ'האָב זיך אָפּגענאַרט. דאָס זשעדנעקייט האָט מיך פאַרפירט. כ'האָב פאַרזען דעם גאַנצן לעבן...

און סיידי האָט געַגלעט זיינע בלייכע הענט און זיך ווערגנדיק מיט די טרערן גערעדט:

— פאַר וואָס-זשע, דזשאָ, פאַר וואָס-זשע האָסטו עס אזוי געטאָן? פאַרוואָס האָסטו מיך ניט געפאָלגט? כ'האָב דאָך דיר אזוי געבעטן, געוויינט פאַר דיר.

— דאָס געלט האָט מיך פאַרפירט — האָט ער שטיל געענט-פערט — אלעס מענטשלאַכעס אין מיר פאַרטויבט.

— און אפשר וועט גאָט העלפן, וועסט נאָך געזונט ווערן, — האָט סיידי געזאָגט, און מיט אמאָל אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

דזשאָ האָט עטוואָס אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

— כ'שווער דיר, אויב גאָט וועט נאָך אזא חסד טאָן און מיר דאָס לעבן שיינקען, אז כ'וועל גאָר אַן אנדער מענטש ווערן — און ער האָט שטיל אָן כח, צוגעגעבן: — בעט גאָט פאַר מיר, סיי-דעלע — בעט גאָט . . .

סיידי האָט זיך היסטעריש צעכליפּעט.

באַלד איז אָנגעקומען אַן אדוואָקאַט מיט עדות, און מיט א האַלבע שעה שפּעטער איז שוין דזשאָס צוואה פאַרטיק געווען. באַם פאַרצייכענען זיין אייגנטום האָבן זיך אים א צוויי מאָל פאַרגע-שטעלט זיינע צוויי גרויסע געשעפטן, אין וועלכע ער האָט אזוי פיל מי און ענערגיע אַריינגעלייגט און פון וועלכע ס'וועט איצט זיכער גאָרניט ווערן. קוים רירנדיק מיט דער האַנט האָט ער אונטערגע-שריבן די פּאַפּירן, וועלכע זיינען טאַקי געבליבן ליגן אויפ'ן טישל באַם בעט, וואו מען האָט זיי געשריבן. אלץ וואָס ער האָט פאַר-מאָגט איז, נאָך דער צוואה, איבערגעגאַנגען צום ווייב און קינד.

ווען אלע זיינען אוועק, האָט זיך סיידי ווידער אוועקגעזעצט לעבן מאַן און אים גענומען באַרואיקן.

ער האָט קאָנוואולסיוו געשמייכלט, שוואַך געדריקט איר די האַנט און עפּעס האָט געבאַרכלט, ווי זיך געריסן אין זיין ברוסט.

דער דאָקטאָר האָט מיט דער הילף פון דער באַרמהאַרציקער שוועסטער אים געמאַכט צוויי איינשפּריצונגען, נאָך וועלכע ס׳איז אים אויף אַ קורצע צייט גרינגער געוואָרן.

— סיידי — האָט ער שטיל אַ רוף געטאָן — ברייננ מיר אייבין.

סיידי איז גלייך אַרויס און זיך באַלד צוריקגעקערט, פירנדיק דאָס קינד באַם הענטל. דער דאָקטאָר מיט דער שוועסטער זיינען אַרויס אין צווייטן צימער.

— האָב נים מורא, אייבאַלע — האָט די מוטער באַרו־איקט דאָס איבערגעשראָקענע קינד — דאָס איז דאָך דער פּאַפּאַ, ער וויל דיך אַ קוש טאָן. גיי צו. דער פּאַפּאַ איז קראַנק.

זי האָט צוגעפירט דאָס קינד צום בעט, אים אָוועקגעזעצט און אַריינגעלייגט זיין הענטל אין דזשאָס האַנט.

דזשאָ האָט געעפנט די אויגן, זיך איינגעקוקט מיט ווי אין קינדס פּנימל. זיינע ליפּן האָבן אָנגעהויבן טאָקן, זיין פּנים האָט זיך פאַרקרימט און טרערן האָבן גענומען לאַנגזאַם זיך קייקלען איבער זיינע איינגעפאַלענע באַקן.

— אייבעלע — האָט ער ווי אַ זיפץ געטאָן — מיין אינגע־לע... כ׳בין דאָך נאָך אַזוי ווייניק מיט דיר צוזאַמען געווען...

דאָס קינד האָט זיך אַביסל באַרואיקט, איז שטיל געזעסן און זיך איינגעקוקט מיט די צוויי שיינע, בלויע אויגעלאַך אין פאָטערס געזיכט.

דעם קראַנקן איז געוואָרן ערגער. עפּעס האָט ווידער אָנגעהויבן זידן און זיך רייסן אין זיין ברוסט. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן. סיידי איז געזעסן באַוועגלאָז, מיט אויגען איבערפילטע מיט טרערן און אירע פאַרטריקנטע, בלייכע ליפּן האָבן זיך לייכט באַוועגט.

פון אונטן האָט זיך דערהערט ווי אימיצער עפנט די טיר. זי האָט שנעל אויסגעדרייט דעם קאָפּ. נייטען איז שטיל אַריין.

סיידי האָט זיך פאַרזיכטיק אויפגעהויבן, אים אַנטקעגן גע־

גאנגן, שטיין געבליבן אויף א ווײלע פאר אים און מיט אן איינגע-האלטענעם קרעכץ ארויסגעפאלן אויף זיין ברוסט.

אייבי האט זיך דערפרייט, דערזעענדיק דעם אנקל, ארויס־געצויגן דאס הענטל פונם פאטערס האנט, צוגעלאפן צו נייטענען, זיך ארויפגעדראפעט אויף זיינע הענט, ארומגעכאפט זיין האלדז און זיך שטייף צוגעדריקט מיטן בעקל צו זיין באק.

און אין דער מינוט, דערפילנדיק, אז דעם קינדס הענטל איז שוין ניטא מער אין זיינער, האט דזשא אויפגעעפענט די אויגן און דערזען דאס דרייענדיקע בילד. ער האט זיך שארף איינגעקוקט אן זיי, מיט זיין אנגעשטרענקטן בליק גלייך דערזען, אז דעם קינדס פנימל איז א פינקטלאכע, קליינע קאפי פון נייטענס געזיכט, גע־ווארפן א שנעלן בליק אויף סיידיס פאזע און אין איין אויגנבליק באגריפן דעם סוד פון אייבים בלויע אויגן און בלאנדע האר.

אויף איין מינוט איז ער ווי ארויס פון זיין אייגענעם קערפער, זיך אויפגעהויבן איבער זיך זעלבסט, זיך מיט קלארע אויגן ארומ-געקוקט און פארשטאנען דעם טיפלס שפיל, אונטער וועלכער ער האט די לעצטע אכט יאר אזוי שווער און נאריש געטאנצט, באגריפן דעם שוידער פון זיין איינזאמקייט. ער האט זיך אויך דערמאנט אן זיין רייכטום, וואס גייט איצט איבער צו פרעמדע, ווילד־פרעמ-דע מענטשן און א קרעכץ, א יאמער האט זיך פון זיין ברוסט ארויסגעריסן :

— סיידי ! — און מיט אלע כחות האט ער זיך עטוואס אויפגעהויבן אויף די הענט. און שרעקלאך איז געווען זיין בליק.

סיידי האט גלייך אפגעטרעטן פון נייטענען און איז שטיין גע-בליבן אן א זייט.

— סיידי — האט דזשא ווידער א רוף געטאן — גיכער, קום אהער !

זי איז צו צום בעט, ניט אויפהויבנדיק דעם קאפ.

— זאג מיר, כ׳בעט דיך — האט ער מיט מי גערעדט — כ׳באשווער דיך פארן טויט . . . דעם אמת . . . איז דאס קינד, אונ-

זער אייבעלע, זיינס? — און ער האָט אָנגעוויזן מיטן קאָפּ אויף ניי־טענען.

סיידי האָט פארשטעלט דאָס פּנים מיט די הענט און נאָך טיפער אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

דזשאָ האָט אַ קרעכץ געטאָן און איז אָן כח צוריק געפאלן אויפן קישן. סיידי האָט זיך פארוקט אין אַ ווינקל און דאָס קינד האָט זיך אַלץ געטוליעט צו נייטענען.

עטלאכע מינוטן איז שטיל געווען. בלויז דזשאָס שווערער אָטעם און זיינער אַ שטילער מורמלען אונטער די ציין האָט אָנגע־פילט דאָס צימער.

נאָר אָט האָט זיך זיין רעכטע האנט אַ ריר געטאָן און אָנגע־הויבן זיך לאנגזאם באוועגן אין דער ריכטונג פון דעם קליינעם טישל אויף וועלכן ס׳איז נאָך געלעגן די צוואָה.

— זע נאָר נייטען, וואָס ער וויל טאָן? — האָט סיידי מיט שרעק שטיל אויסגעשריען.

נייטען האָט עטוואָס אָנגעבויגן דעם קאָפּ, אראָפּגעלאָזט דאָס קינד פון די הענט, געוואַרט אַ ווײַלע און, זיך איבערצייגנדיק אין דער ריכטיקייט פון זיין פארדאכט, איז ער אנטשלאָסן צוגעגאנגען, גענומען די פּאפּירן פון קליינעם טישל און זיי איבערגעגעבן סיידין.

— נאַ, באהאַלט זיי — — —

דערזעענדיק, אַז מען האָט צוגענומען די צוואה, האָט דזשאָס האַנט זיך אויפגעהערט צו באוועגן, נאָר זיין ברוסט האָט זיך אַלץ האסטיקער געהויבן און די ליפּן האָבן עפּעס ניט קלאָרעס געמורמלט — — — אפשר וועמען געשאָלטן . . .

סיידי האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַרן קאָפּ, פאַרביסן שטייף די ציינער און, אום קיין גוואַלד ניט צו מאכן, זיך אָוועקגעזעצט אויף דער קליינער סאָפע, וואָס איז באַם פענסטער געשטאַנען, און פארגראָבן דעם קאָפּ אין אַ קישן. דאָס קינד האָט זיך געטוליעט צו נייטענען און זיך דערשראָקן ארומגעקוקט.

דזשאָ האָט גענומען אויסגיין. זיין ברוסט האָט זיך קוים גע־הויבן און זיך ווי אין שטיקער געריסן; אַ ווייסער, דינער שוים האָט

זיך ארום זיין מויל באוויזן און די פינגער האבן זיך קאנוואולסיוו אין דעם צודעק געגראבן. גרויסע טראפן שווייס זיינען געשטאנען אויף זיין געלן, קאלטן שטערן און די פיס האבן זיך אונטערן צו-דעק שוואך געצויגן ארויף און אראפ.

נייטען האט אריינגערופן פונם צווייטן צימער דעם דאקטאר.

מיט פינף מינוטן שפעטער איז יודל טארנאווסקי געשטארבן.

דער דאקטאר האט אפגעלאזן דעם טויטענס האנט, אריבער-געצויגן די קאלדרע איבער זיין קאפ, און א טרויעריקן שאקל געטאן מיט'ן קאפ. די בארמהארציקע שוועסטער האט שווער אפגעזיפצט.

באלד זענען זיי ביידע ארויס אין צווייטן צימער.

אלץ ארום איז געווען שטיל. בלויז אויף דער קליינער סאפע באם פענסטער, האט זיך סיידי געשטיקט אין אן אנפאל פון היסטעריקע און לעבן איר, מיטן איבערגעשראקענעם קינד אויף די הענט, איז געשטאנען נייטען.

א בינטל שטראלן פון דער פארגייענדיקער זון האט זיך גאלדיק פארפלאנטערט צווישן זיינע בלאנדע, געדיכט-געקרייזעלטע, האר איבערגעשפרונגען דעם דיל, און שימערירנדיק, זיך אויסגעצויגן אין א שמאלן פאס איבערן טויטנס ברוסט, פארכאפנדיק דערביי אויך דעם טומפן שפיץ פון זיין געלער נאז.

יולי, 1917.

# אין נאָלדענעם לאַנד

פאַרצווייפלונג, ווי אַ מעכטיקע שלאַנג, האָט זיך לאַנגזאַם, אַלץ נענטער צוגערוקט צו מיר, זיך ארומגעוויקלט מיט אירע קאַלטע סטענגעס אַרום מיין האַרץ און מיט אַ שוואַרצן נעבל פאַרצויגן די וועלט. דאָס ביסל גליק, וועלכעס פלעגט ביז אַצינד נאָך ווען ס'איז אַ שיין טאָן פאַר מיר, איז מיט אַמאָל פאַרשוואונדן און די שווערע טריט פון'ם שלים־מזל האָבן ניט אויפגעהערט צו שאַרכן אונטער מיינע פלייצעס.

אַלע פרימאָרגן, ווען אין דרויסן איז נאָך פינסטער, כאַפּ איך זיך אויף, טו זיך שנעל אָן, לויף אַרונטער פון דעם פערטן פלאָר, קויף דעם „מאָרגן זשורנאַל“ און די „וואָירלד“, קוק זיך איין מיט דורשטיקע אויגן אין די לאַנגע, דריבנע שורות נאָכפראַגן אויף „העלפּ“, זוך אַרבעט, אַ מיגלאַכקייט צו עסן אַלע טאָג און ניט צו שלאָפן אין גאַס . . .און אויב דער „דזשאָב“ איז ניט ווייטער פון צען—צוואַנציק גאַסן — ניי איך צופוס; אויב ווייטער — נעם איך די „קאַר“, און דאָס האַרץ קלעמט פאַר דעם „אומזיסטיקן“ ניקל.

עס איז שוין איבער צוויי מאָנאַטן, אַז איך לויף און פאַר אויס אַלע טאָג אַ האַלבע שטאָט, בלייב אָן כח, און, וואָס נאָך ערגער איז, אָן געלט, און די אַרבעט מיידט מיך אַלץ אויס. ווי פרי איך זאָל ניט קומען צום פּלאַץ, קומען אייניקע נאָך פריער, און ווען מען דערוואַרט זיך שוין ענדלאַך אויפן „באָס“ אָדער „פאָרמאַן“, פאַרשטויסן מיך מיינע קאָנקורענטן אין אַ ווינקל, אי מיט זייער פיזישע קראַפט, אי מיט זייער גוטן איינגליש. איך לויף אַרויס,

קוק נערוועז דורך די צייטונגען, און לויפן אויף א צווייטן פלאץ. ס'איז שוין אבער צו שפעט, אדער עס איז שוין אזוי פיל אנגעלאפן, אז מען לאזט שוין מער ניט אריין.

מיט א צוזאמענגעדריקטע הארץ און טרויריקע געדאנקען גיי איך צוריק, רו זיך אפ אביסל אין א פארק, קוק דורך די צייטונג און שלעפ זיך ווייטער. פארן הויז קויף איך פאר דריי סענט א שטיקל שווארץ-ברויט, קום ארויף צו זיך און פאל אוועק אויף דעם דריי־פוסיקן „לאנדזש", פון וועלכן עס שטעקן אין אלע זייטן זיינע שטאלענע, פארדרייטע גדערים.

איך ליג, קיי און טראכט. פון וואס ? איך ווייס עס אליין ניט. מידע, שווארצע געדאנקען באוועגן זיך לאנגזאם, צעפאלן זיך, קריכן ווידער צוזאמען און ציען זיך אן אן ענדע. אלע פינף מינוט ווערט בא מיר אין „רומקע" פינסטער: מיט א שרעקלאכן רויש און גערודער יאגט זיך דורך מיין פענסטער דער „עלעווייטעד". אלץ פאנגט אן ציטערן, זיך באוועגן, און מיר דאכט זיך, אז די שווערע אייזערנע רעדער פון לופט-באן שניידן אויך דורך מיין הארץ, מיין מח .

מיט דריי מאנאטן צוריק האב איך געוואוינט אין דער צווייטער עוועניו, אין א ריינעם, ליכטיקן צימער, האב געצאלט צוועלף דאלער א מאנאט און בין אויסערגעוויינליך גוט באהאנדלט גע-ווארן פון מיין בעל-הביתטע. איצט וואוין איך אין „עלען סטריט" אין א פינסטערן צימערל, כמעט אן מעבל, מיט דעם „עלעווייטעד" באם פענסטער, צאל פינף און א האלב דאלער א מאנאט, און מיין בעל-הביתטע, א גראבע, שמוציקע אידענע, מיט תמיד פארקא-טשעטע ארבל, קוקט אויף מיר שטענדיק ברוגז, און פארדעכטיקט, פונקט ווי איך וואלט בא איר עפעס צוגענומען.

ווי איינגעהאלטן עקאנאמיש איך זאל ניט לעבן, מוז בא מיר פארט אוועקגיין צוועלף סענט א טאג: ניין אויף ברויט און צום ברויט, דריי סענט אויף צייטונגען אין דער פרי, און אמאל נאך א ניקל אויף „קאר-פעיר" אויך. די אומזיסטיקע קאר־פעיר-ניקלם פארשאפן מיר שרעקלאכע שמערצן: מיט פינף סענט קום איך איבער

א האַלבן טאָג עקזיסטענץ. כ׳קען זיך אָבער ניט העלפן: גיין צופוס אַלע טאָג אַכציק—ניינציק גאַסן איז געפערלאַך פאַר מיינע אויס־געקרימטע שיך. זיי וועלן עס ניט אויסהאַלטן, און צו וואָס טויג איך אָן זיי ? . . . איך, מיט אַלע מיינע טרוימען, וואונטשן, גע־דאַנקען, מיט מיין גאַנצער פערזענלאַכקייט, טויג אַבסאָליוט צו גאָרניט, ווען מיינע שיך זאָלן זיך חלילה צעפאַלן . . . מיין פרייז, די פרייז פון מיין צוקונפט, איז א פאָר גאַנצע שיך — — אָ, ווי מעכטיק דו ביסט, גרויסע לעבנס־איראָני, ווי מעכטיק און אומ־פאַרשטענדלאַך שפּאַטיש.

באַנאַכט דריי איך זיך שטייף איין אין מיין קאָלדרע, וואָס כ׳האָב נאָך מיט צוויי יאָר צוריק געבראַכט פון אייראָפּע, הער זיך צו צום רויש פון „עלעווייטעד" און טרייסט זיך זעלבסט אזוי:

„מילא, אַלץ מאַכט זיך, אַלץ מוז מען אויספּרובירן אין לעבן ... אינדערהיים ביסטו געווען אַ גאַנצער מאַכער, א לערער, א זשור־נאַליסט, געטרוימט צו ווערן א דאָקטאָר, א באַוואוסטער שרייבער, אויפרודערן די וועלט. און דאָ, אין אַמעריקע, טרוימסטו נאָר, ווי ניט צו שטאַרבן פון הונגער. מילא, אַלץ קען זיך מאַכן, מען דאַרף נאָר ניט פאַרלירן דעם בטחון, מען דאַרף קענען וואַרטן. איצט איז דיר אויך ניט אזוי שלעכט, ווי עס דאַכט זיך דיר: האָסט פאָרט א היים, א „לאָנדזש", זאָל זיין מיט לעכער, מיט דריי פיס, אָבער פאָרט א „לאָנדזש". טויזנטער אַנדערע האָבן דאָס אויך ניט. און זיי זיכער, אויב ניט היינט, ועסטו מאָרגן קריגן אַרבעט, זיך ארויסציען פון דעם לאָך, זיך נעמען צום לערנען, וועסט זיך נאָך אויסדרייען . . . און פאַרוואָס, אין דער אמתן, זאָלסטו ניט קריגן קיין אַרבעט ? ביסטו דען ערגער פון די אַנדערע מיליאָנען באַשעפענישן, וואָס אַרבעטן דאָ אין שטאָט און זיינען ניט הונ־געריק ? מאַך זיך ניט נאַריש, מאָרגן קריגסטו זיכער אַרבעט. דו מוזט קריגן."

און דער „עלעווייטעד" באַם פענסטער יאָגט זיך, קלאַפּט, לאַכט:

„דו מוזט ? ווער זאָגט עס ? ווי נאַריש ! אין אונזער שטאָט פון מיליאָנען, שטאַרבן מענטשן פון הונגער, ווערן באַגאַנגען די

שוידערלאכסטע פארברעכנס צוליבן שטיקל ברויט . . . מיגלאך, וועסט עפעס געפינען און גאנץ מיגלאך אז ניט. ווער ווייסט? ווער ווייסט? !"

---

עס זיינען פאריבער נאך צוויי וואכן, און מיין לאגע האט זיך ניט געענדערט. ווי פריער, שטיי איך אויף, וועז עס איז נאך פינסטער, קויף צוויי צייטונגען און זוך, זוך, ווי א דורשטיקער אין מדבר אביסל וואסער. צו געפינען עפעס ווערט אבער אלץ שווערער און שווערער: דאס יאר איז א שלעכטס און טויזנטער ארבעטס־לאזע פארפלייצן אלע פארקס, אלע גאסן.

מיין בעל־הביתטע וויל שוין אויף מיר אינגאנצן ניט קוקן: כ'האב שוין פארהאלטן אויף אכט טעג איר דירה־געלט, און איך פיל, אז יעדע מינוט, בא דער קלענסטער געלעגנהייט, וועט זי זיך אפרייסן און מיך ארויסווארפן אין גאס. ווען איך בין בא זיך אין צימער, האב איך מורא זיך א ריר, א הוסט צו טאן, ווער קלענער, ווען איך זע זי אפילו פון דערווייטנס. מיין הארץ איז פארביטערט, איך גיי איבער די גאסן און קוק אלעמען אן מיט ביי־זע, הונגעריקע אויגן.

אפט שטיי איך לאנג בא די פענסטער פון גרויסע צירונג־געשעפטן, קוק זיך איין אין די דימאנטן, און טראכט, ווי גוט עס וואלט געווען צו צעשמעטערן דאס גלאז, א כאפ טאן עפעס און אנטלויפן . . . איך פיל זיך אזוי איינזאם, אזוי שרעקלאך געפאלן. איך האב פיינט געקראגן מענטשן, און אפט דאכט זיך מיר, אז די גאנצע וועלט איז געווארן מיין שונא

---

אין יענעם טאג, פון וועלכן איך וויל דא דערציילן, האב איך זיך אויפגעכאפט נאך פריער, ווי תמיד, געלעגן אין דער פינס־טער, ניט וואגנדיק, פאר דער בעל־הביתטע אנצעצינדן די גאז. כ'האב עטלאכע מאל איבערגעציילט מיין לעצטן פארמעגן: זעקס ניקלס און דריי פענים — און גערעכנט, וויפיל טעג איך וועל זיין בכח זיך אויפצעהאלטן מיט דעם. דריי סענט צייטונגען, פינף

סענט ברויט, צוזאַמען אַכט סענט. הייסט עס, איך האָב נאָך אויף פיר טעג. נו, און ווייטער? וואָס וועל איך ווייטער טאָן?

כ'האָב מורא געהאַט מער צו טראַכטן און איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין קישן.

עס איז געוואָרן ליכטיק. איך בין שטיל אַרויס פון הויז, געקויפט א „וואָירלד" און באַלד דערזען, אַז אויף דער פערצנטער גאַס פאָדערט מען א יונגן, פייאיקן מאַן, וועלכער מוז אויך זיין באַקאַנט מיט דער בינע. דאָס פּלאַץ איז געווען ניט ווייט און כ'האָב גלייך גענומען כמעט ווי לויפן אַהין.

„זאָל זיין, וואָס עס וויל זיך, האָב איך געטראַכט גייענדיק, כ'וועל זאָגן, אַז איך ווייס און קען אַלץ, אַלץ אין דער וועלט . . . דעם פּלאַץ טאָר איך אין קיין פאַל ניט אַרויסלאָזן. כ'וועל זיך שטופּן גלייך מיט אַנדערע, ריידן און אַפילו בעטן". אין גרויס איילעניש בין איך פאַרגאַנגען „וועסט", און ווען איך בין א פּאַרסאַפּעטער געקומען „איסט" צו דעם נומער, האָב איך שוין דאָרט געטראָפן בא פופצן—צוואַנציק מענטשן. עס איז געווען א קליינער מואווינג-פּיקטשור טעאַטער. באַם אַריינגאַנג האָב איך באַמערקט א קורצן, דיקן דייטש, וועלכער האָט געצייגט צוויי אַרבעטער, ווי אויפצוהייגען גרויסע בילדער פון דאַנטעס גהינם און גן־עדן. אינעווייניק, אין פאָרהויז האָט שוין געוואַרט א פריילאַכע קאָמפּאַני און איך אָב זיך שוין פאַרגעשטעלט, ווי באַלד קומט אַריין דער בעל־הבית און זיי פאַרשטויסן מיך אין א ווינקל. ניין, האָב איך באַשלאָסן, איך קען ניט און טאָר ניט וואַרטן.

איך בין אַרויס און באַלד בא דער טיר, באַגעגנט דעם דייטש. מיין האַרץ האָט אויף א מינוט ווי פאַרהאַלטן זיין גאַנג. איך בין שטיין געבליבן, נאָר באַלד א שפּאַן געטאָן צו אים.

— דאָס זיינט איר דער בעל־הבית?

— יעס.

איך האָב א שמייכל געטאָן און אין איין אָטעם גענענדיקט:

— איך בין שוין אַכט יאָר אַן אַקטיאָר און איך זוך איצט א פּלאַץ.

איך האָב געוואָלט זאָגן „פינף יאָר,“ נאָר עס האָט זיך געגן מיין ווילן ארויסגעריסן „אכט“.

ער האָט מיך גוט באַטראַכט און געפרעגט, בא וועמען אין טעאטער איך האָב געשפּילט.

איך בין געבליבן שטיין א פארגליווערטער: כ'האָב ניט געוואוסט קיין איינציקן נאָמען פון אן איינגלישן טעאטער מענעדזשער. נאָר טראַכטן האָט מען ניט געטאָרט, כ'האָב אָנגערופן מיין אייגענעם נאָמען און נאָך א פּאָר נעמען, פון מיינע באַקאַנטע, וועלכע זיינען מיר אין קאָפּ אריין, און שנעל געענדיקט, דאָס די לעצטע צייט האָב איך געשפּילט אין פילאדעלפיא מיט דער קאָמפּאַני פון דער וועלט-באַוואוסטער מיסעס גילען. פארוואָס גילען, און ניט דרילען, און צו וואָס איך האָב געדאַרפט פון גילען מאַכן א מיסעס, ווייס איך אליין ניט. דער מח האָט פיבעריש געאַרבעט און דאָס מויל האָט ווי שטיינער געוואָרפן די ווערטער.

— אָלרייט . . . אָלרייט — האָט ער א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ — וועמעס זאכן פלעגט איר שפּילן?

איך האָב א לאַך געטאָן און מיט שטאָלץ געענטפערט:

— איבסענס, טאָלסטאָיס, גאָרקיס, סטרינדבערגס, שעקספּירס

— איך האָב נאָך געוואָלט זאָגן א פּאָר ווערטער, נאָר מורא געהאַט פאר מיין שלעכטן איינגליש.

א הויכע, דאַרע, ווי א ציין-שטעקעלע דאַמע אין א ליכטיק-גרין קלייד, איז צוגעקומען.

— מאַי דיער — האָט דער בעל-הבית זיך געווענדעט צו איר — דער מאַן איז אַן עקטאָר און האָט געשפּילט שעקספּירן.

זי האָט א שמייכל געגעבן. איך האָב זיך עלעגאַנט פאַרנייגט.

— ווארט האָט דער דייטש צו מיר א זאָג געטאָן — איך דאַרף נאָך איינעם — און ער איז אריין אין פאָרהויז.

באלד זיינען זיך אלע צעגאַנגען. מען האָט מיך אריינגערופן אין טעאטער, וואו איך האָב געטראָפן נאָך א מאַן, און דער בעל-הבית האָט אונז באַקענט מיט זיין גלענצענדער „אידעע“.

אזוי ווי ער האָט אריינגעקראָגן בילדער פון דאַנטעס גהינם

און גן-עדן, ווייל ער, אז לעבן זיין טעאטער זאָל היינט א גאנצן טאָג ארומגיין א לעבעדיקער רוח, א מעפיסטאָפל. ער האָט שוין אלץ אָנגעגרייט: אַט איז א רויטער אָנצוג, א קאַפּעליוש מיט הערנער, א שאַכטל מיט רויטע פארב פארן פּנים, א לאנגער, אייזערנער גאָפּל. מיר דארפן זיך פארגרימירן, רופן דעם עולם פון גאס און דערציילן שוידערלאַכע מעשיות פון יענער וועלט. איך וועל זיין דער ערשטער און וועל שטיין פון ניין אינדערפרי ביז האלב נאָך דריי נאָכמיטיק און דער צווייטער פון האלב נאָך דריי ביז צען אזייגער באַנאַכט. און פאר אַט דער לייכטער, גאַרנישטיקער ארבעט, וועט ער אונז געבן צו צוויי דאָלער פאר א מענטשן.

איך בין געזעסן, זיך צוגעהערט צו זיינע רייד און א טויט־לאַכע קעלט האָט אלץ מער אָנגעפילט מיין נשמה . . . וואָס איז דאָס ענדלאַך ? א שפּאַס פון דעם שיקזאַל ? איך וויל ארבעטן, שטיינער טראָגן, און דאָ מאַכט מען מיך גאָר פאר א פּאַיאַץ . . .

וואָס טוט מען פאָרט ? אפשר גאָר א שפּיי טאָן דעם זאַטן, גראָבן מענטשן אין פּנים אריין און אוועקגיין ? נו, און דירעגעלט ? לעבן ? צוויי און דרייסיק סענט אין קעשענע. וואָס טוט מען ?

ווי א שלאַנג, אויף וועלכער מען האָט אָנגעטרעטן, האָט זיך מיין נשמה געוואָרפן, געראַנגלט און ניט געהאַט באַ וואָס זיך אָנ־צוכאַפּן. — — אָ כימרע לעבנס־איראָניע דו ביסט וואונדערבאַר, אָהן א צאָל זענען די סאַרקאַסטישע וועגן פון דיינע געניאַלע שפּאַסן. דיין געלעכטער איז שאַרף, רייסט ארויס א טיפן קרעכץ און צווינגט צו לאַכן אין דער זעלבער צייט, זיך קייקלען אויף דער ערד פון גע־לעכטער, מיט אויגן פול מיט טרערן.

— איז עס ניט קיין פּראַכטפולער געדאַנק ? — האָט מיך דער בעל-הבית געפרעגט.

— שור — האָב איך געענטפערט — זייער א שיינער גע־דאַנק, א געניאַלער, א העכסט געניאַלער. — און איך האָב ענט־שלאָסן געענדיקט :

— גוט ! איך נעם אָן דעם „דזשאָב“. אצינד איז אַכט אזייגער, ניין וועל איך דאָ זיין צוריק.

איך און מיין „חבר“ טשארלי, ווי דער צווייטער „עקטאָר“ האָט זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט, זיינען ארוים אין גאַס.

— נו, טשארלי — האָב איך אַ לאַך געטאָן — דו וועסט מיר מוזן ווייזן, ווי זיך צו גרימירן. איך בין אויף מיין לעבן קיין עקטאָר ניט געווען.

ער איז געבליבן שטיין אָן דערשטוינטער.

— איך ווייס אויך ניט — האָט טשארלי געזאָגט — איך האָב גערעכנט, דו וועסט מיר ווייזן.

מיר זיינען געשטאַנען אַ ווײַלע איינער געגן אַנדערן, זיך אָנ־געקוקט און ענדלאַך זיך צעלאַכט.

— וועל, עס איז ניט אַזוי שרעקלאַך — האָב איך געזאָגט — מיר וועלן זיך שוין ווי עס איז אָנשמירן. גיי און קום אין צייט.

איך בין אריין אין אַ קאַפע, באַשטעלט אַ גלאָז מילך און ווייס־ברויט מיט פּוטער און זיך גענומען שאַפן אַ רעדע צום עולם.

פּונקט ניין בין איך אַריין אין טעאַטער. דער בעל־הבית האָט שוין אומגעדולדיג געוואַרט. איך האָב זיך שנעל איבערגעטאָן אין רויטן אָנצוג, וועלכער איז אויף מיר געווען צו שמאָל און האָט אין עטלאַכע ערטער געפּלאַצט. די הויכע, דאַרע דאַמע, מיין בעל־הביתטע, האָט אים אויף מיר פאַרנייט, צוזאַמען מיט מיין אונטער־וועש, און נאָכער האָב איך זיך ניט געקענט אויסטאָן. דאָס ערנסטע איז פאַר מיר געווען דאָס פאַרשמירן מיט רויטע פאַרב דעם פּנים. איך האָב איינגעטונקען אַ שמאַטקע, געשטאַנען אַ ווײַלע און ענדלאַך פאַרמאַכט די אויגן און אָנטשלאָסן זיך גענומען רייבן די באַקן. דער ריח פון קעראָסין און פון נאָך עפּעס אַ פּאַסקודסטוואָ האָט מיר פאַרשלאָגן די נאָז. ערשט דאַמאָלט האָב איך זיך דערמאָנט, אַז כ׳האָב ערגעץ וואו געלעזן, אַז פאַרן גרימירן זיך, שמירן די אַק־טיאָרן זיך איין דאָס פּנים מיט וואַזעלין. עס איז שוין אָבער גע־ווען צו שפּעט.

ווען די פאַרב איז אַביסעלע פאַרטריקנט געוואָרן, האָב איך מיט טינט זיך געמאַכט שוואַרץ די ברעמען. זיי זיינען זיך אָבער באַלד צעגאַנגען אין רונדע, שוואַרצע פלעקן. איך האָב זיי פאַר־

ווישט, געמאַכט אַנדערע, אָבער בעסער זיינען זיי שוין ניט געוואָרן. דער בעל הבית האָט מיר אָנגעטאָן דעם רויטן מאַנטל, געגעבן דעם לאַנגן גאָפּל אין האַנט און איך בין געווען פאַרטיק. פאַרן אַרויסגיין האָב איך אַ קוק געטאָן אין שפּיגל און דאָס האַרץ האָט זיך אין מיר צעוויינט.

מיין דערשיינונג האָט אַרויסגערופן אַ געוואַלד, אַ פּייפעריי. פון אַלע זייטן האָבן גענומען לויפן מענטשן ווי משוגעים. אין אַ ווייַלע שפּעטער זיינען פאַרן קליינעם טעאַטערל געשטאַנען הונדערטער מענטשן און געקוקט אויף מיר מיט ברייט צעעפנטע אויגן און אָפענע מיילער.

דעם ערשטן מאָמענט, דערזעענדיק אַזאַ געלויף, בין איך אַליין געבליבן דערשטוינט, און דערשראָקן עטוואָס אַ שפּאַן געטון אויף צוריק. דער עולם האָט געמיינט, אַז איך מאַך פאַר אים „טריקס" און זיך צעלאַכט. און וואָס איך האָב ניט געטאָן אין יענעם שרעקלאַכן טאָג — אַלץ האָט אַרויסגערופן דעם פריילאַכסטן געלעכטער, די הילכיקסטע פּייפעריי. איך האָב זיך דערמאָנט אָן וויקטאָר הוגאָס ראָמאַן: „דער מענטש וועלכער לאַכט".

ענדלאַך האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און אָנגעפאַנגען: „ליידיס ענד דזשענטלמען" . . . כ'האָב דערציילט, ווי גאָט האָט די ערד און דעם גן-עדן באַשאַפן, ווי זינדיקע מענטשן האָבן אים געצוואונגען צו מאַכן אַ גהינום אויך, וואו מען ברענט זיי, מען שניידט שטיקער און מען פּייניקט אָן רחמנות . . . איך האָב געמאָלען שרעקלאַכע בילדער: עס פלאַמען אייביקע פייערן, עס קאָכן זיך קעסלען מיט סמאָלע, שדים לויפן אַרום און שטעכן, רייסן שטיקער, שמייסן . . . „ליידיס ענד דזשענטלמען, באַצאָלט אַ דיים, באַטראַכט גוט, וואָס עס וועט זיין מיט אייך שפּעטער און באַרעכנט זיך . . ."

דאָס קליינע טעאַטערל איז געווען געפּאַקט. אַ שורה מענטשן זיינען געשטאַנען לעבן דער טיר, און דער בעל הבית האָט פריילאַך געריבן די הענט. אַלץ איז געווען צום איבערטראַגן ביז עלף אַזייגער. נאָר שפּעטער, ווען עס איז שוין ניט געווען מער וואָס צו זאָגן, ווען

יעדעם וואָרט, יעדע באַוועגונג איז שוין געווען פּופּציק מאָל איבער־געמאַכט — —איז געוואָרן אומערטרעגלאַך

כ'האָב באַמערקט צווישן דעם עולם מענטשן, וועלכע שטייען שוין דאָ פון ניין אַזייגער אינדערפרי, שטייען און נעמען קיין אויג פון מיר ניט אַראָפּ. דאָס האַרץ האָט אַזוי אומרואיק געקלאַפּט, אין מח האָט זיך געמישט, אין האַלדז האָט געריסן.

דריי אַזייגער האָט דער דייטש מיך אַריינגערופן, געהייסן זיך אויסרועז אַביסל, האָט מיר דערלאַנגט ברויט מיט וואורשט מיט צוויי עפּל און געבעטן, אַזוי ווי דער צווייטער איז ניט געקומען, זאָל איך אויך אָפּשטיין פאַר יענעם. דערפאַר וועט ער מיך געבן מיט פּופּציק סענט מער, ווי אונז ביידן איז געקומען. אַ צעבראָכע־נער, אַ מידער האָב איך צוגעשטימט.

„וואָס איז דער חלוק? שוין אַלץ איינס“ האָט זיך אַ טעמפּער געדאַנק אין מח געפּלאָנטערט.

באַלד בין איך ווידער געשטאַנען פאַר דער טיר, ווידער גערעדט, געקלאַפּט מיטן גאָפּל און אַרום מיר האָט מען זיך געשטופּט, געפּייפט און געשריען

ווי אַזוי עס איז אַריבער די צייט ביז צען באַנאַכט, ווייס איך ניט. איך בין געווען האַלב באַוואוסטלאָז. אַלץ האָט זיך געדרייט אַרום מיר, געטאַנצט אַ ווילדן טאַנץ אין אַ גרויען נעבל. אָפּט פלעגט אַלץ פאַרשווינדן און פון דער גרויקייט האָבען אַרויסגעשוואומען געזיכטער פון מיינע ווייטע, ווייטע פריינט, אָדער עס האָבן גענומען לויפן און רוישן די ריזיקע גרין־בלויע וואַלן פונם ים. עס האָט גענודיעט, געווען שלעכט צום ברעכן.

באַלד נאָך צען האָט דער בעל־הבית מיך אַריינגערופן, געזאָגט, אַז ער איז זייער צופרידן און איך קען זיך איבערטאָן. איך ביז אַריין אין אַ זייטיק שטיבל, אַראָפּגעריסן פון זיך די רויטע בגדים, אַביסל אָפּגעוואַשן דאָס פּנים און צוגעגאַנגען נאָך געלט.

— נאַ דיר איין דאָלער — האָט דער דייטש געזאָגט — דריי מיט אַ האַלבן פאַרהאַלט איך, כדי דו זאָלסט קומען מאָרגן.

אַ פייער האָט זיך אין מיר אָנגעצונדן, אַלץ האָט גענומען לויפן פאַר די אויגן.

— מיין געלט זאָלסטו מיר שוין געבן! — האָב איך ווילד אויסגעשריען און אַ קלאַפּ געטאָן אָן טיש — מיין געלט, אָדער איך צעפּלעט דיר דעם קאָפּ!

די פרוי אין גרינעם קלייד איז אויפגעשפּרונגען אַ דערשראָקע-נע.

— שריי ניט, כ׳האָב פאַר דיר קיין מורא ניט — האָט דער בעל-הבית זיך אָפּגערופן.

— מיין געלט גיב מיר! — האָב איך נאָך אַמאָל אויס-געשריען.

ווי כ׳האָב שפּעטער, שוין בא זיך אין צימער, אויסגעפונען, איז מיין שלעכט-אָפּגעוואַשענער פּנים געווען איינפאַך שרעקלאַך. ער האָט אויף מיר געוואָרפן, ניט קיין זיכערן, זייטיגן בליק, דער-לאַנגט די דריי מיט אַ האַלבן דאָלער און געפּרעגט צי איך וועל קומען מאָרגן. איך האָב אים ניט געענטפערט, און בין אַרויסגעלאָפן. דאָס האַרץ האָט פיינלאַך געקלאַפּט, טרערן האָבן מיך געשטיקט.

איך בין אַריין אין אַ קליינעם פּאַרק, ניט ווייט פון דער פערצנטער גאַס, געפונען אַ ליידיקן פּלאַץ אין אַ ווינקל, זיך אוועק-געזעצט, פאַרגראָבן דעם קאָפּ אין די הענט און זיך שטיל, ביטער צעוויינט. ווי אַ קליין באַליידיקט קינד האָב איך אין יענעם אָוונט געוויינט, געבליבעט אין אַ ווינקל פון פּאַרק, אין דער גרויסער שטאָט פון מיליאָנען . . .

אויף מאָרגן בין איך ניט געגאַנגען זוכן קיין „דזשאָב“, די צייטונג האָב איך אָבער געקויפט און אויף דעם זעלבן פּלאַץ ווי נעכטן, געפונען, אַז מען פאָדערט אויף דער פערצנטער גאַס אַ רואיקן יונגן מאַן, וועלכער זאָל אויך זיין באַקאַנט מיט דער בינע.

יולי, 1917.

# פארבלאנדזשעטע

איבער די אומזיכטבארע וועגן פון צופעליקייט, לייכט, אבער קונציק פארפלאנטערט פון אומבאשטימטקייט און אומפארמייד־לאכקייט, טראגט זיך אין א געדיכטן נעבל דעם מענטשנס לעבן. טראגט זיך אין א ווייס־גרויען וואלקן פון זעלבסטווירדע און שטאלץ, זיכער אין איר נישטיקער גרויסקייט און גרויסער נישטיקייט. ניטא קיין סוף צו דעם וועג: וואו ער פאנגט זיך אן — דארטן ענדיקט ער זיך, וואו ער ענדיקט זיך — דארטן פאנגט ער זיך ווידער אן . . . פון שמעקנדיקע פעלדער רוקן גיפטיקע, גרוי־גרינע שלאנגען ארויס זייערע פלאכע, בייזע קעפ און פון שמוץ ציען זיך פלאטערנדיק, ווייסע, צארטע רויזן־קנאספן . . . אומפארמייד־לאכעס אין צופאל, צופעליקעס און נויטווענדיקייט — דאס איז אונזער שיקזאל

לעבן צוויבערנדעס, לעבן עקלהאפטעס, ווער קען דיך פארשטיין, באגרייפן, געפינען שטריינגע נאטור געזעצן און זיך יעדע רגע בייטנדן לויט פון דיינע וועגן, צוזאמענברייענגען דאס אומפארמייד־לאכע מיטן קאפריזנעם ווילן פון דיינע צופעליקייטן ?

איז דעם מענטשנס צוקונפט, דער גאנג פון זיין גאנצן לעבן אין אים אליין פארבארגן ? ליגט שטיל באהאלטן אין די קנייטשן פון זיין מארך, אין די טיפע ווינקלען פון זיין נשמה און פירט אים אויף א אומפארמיידלאכן, פון פריער באשטימטן, וועג ? . . . צי ווי א לייכטע, פון א שטארקער האנט א שליידער געטאנענע פילקע, יאגט זי זיך ווילנלאז איבער די צענדליקע וועגן, פארהאלט זיך וואו אביסל און קייקלט זיך ווייטער, אליין באשאפנדיק א נייעם, צופעליקן וועג, צווישן מיליאנען פונקט אזעלכע וועגן ?

מענטשן שטרעבן צום אמת און זינקן אין שקר און פון דער בלאָטע וואַקסן אָפּט אַרויס ווייסע ליליען-נשמות; מענטשן זוכן גליק און ווערן דערטרונקען אין אומגליק; די צאַרטע, שיינע ליבע האָט זיך אַ וויגעלע פון שמוץ געמאַכט און אַרום דעם מזבח פון פרוילאַכקייט און טוגנד פירן חרפּה און שונד זייער אויסגעלאַסענעם טאַנץ.

וועלן מיר ווען דעם געהיימען שליסל צום צופאַל געפינען און צוזאַמענבינדן דעם מענטשנס וואַונטש מיט זיין לעבנס-וועג? קענען שאַרף אָפּטיילן גוטס פון שלעכטס, שיינס פון מיאוסעס, נידריקעס פון ערהאַבענעם ? צי אפשר איז קיין שליסל אינגאַנצן ניט פאַראַנען און אין צוזאַמענהאַנג פון געגנזאַצן, אין דער גרויזאַמער, העלער שפּיל פון צופעליקייטן — איז דער גאַנצער רייץ פון דעם מענטשנס עקזיסטענץ ? . . . ווער ווייסט ? . . . ווער קען אויף דעם אַן ענטפער געבן ? — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נחום באַסין האָט פון שטענדיק אָן געזען דאָס גרעסטע גליק אין פאַמיליען-לעבן. ער פלעגט זיך אימער פאָרשטעלן אַ קליינע, ריינע היים, אַ ליבלאַך-ציכטיקע, סימפּאַטישע פרוי און דאָס גע-לעכטער פון אַ קינד אָדער צוויי האָט יעדעס מאָל דערביי אָפּגע-קלונגען אין זיינע אויערן. און זיך באַקענענדיק מיט יעדער נייער מיידל, האָט ער שטענדיק אין זינען געהאַט זיין טרוים און געמאָסטן די נייע באַקאַנטע מיט זיין מאָס.

עס איז אָבער פיל לייכטער געוועזן וועגן אַ שיינער היים צו טרוימען, ווי עס צו פאַרווירקלאַכן: זייענדיק אַליין אַ קלוגער, באַ-לעזענער בחור, האָט ער אויך פון זיין פרוי, פון דער מוטער פון זיינע צוקונפטיקע קינדער, עטוואָס געפאָדערט. ער האָט ניט געזוכט קיין שיינקייט, קיין געלערנטקייט, אָבער סימפּאַטיש, גוט-האַרציק, קלוג און ניט אומוויסנד האָט זי געמוזט זיין.

ער האָט געזוכט, געגנישטערט, זיך זשעדנע איינגעקוקט אין יעדן נייעם פרויען-געזיכט, אָבער צו זיין ציל זיך ווייניק וואָס דערנענטערט: די יעניקע וועלכע זיינען אים יאָ געפעלן, וועלכע

האָבן, נאָך זיין מיינונג, געקענט מיט אים צעזאַמען א ווארימען נעסט אויפבויען, האָבן שוין געהאַט חתנים אָדער זיינען געווען צו אים גלייכגילטיק, די אנדערע ווידער, וועלכע האָבן אים געזוכט, זיינען וויט געווען פון דעם וואָס ער האָט געוואָלט.

און אזוי זיינען געלאָפן טעג, מאָנאַטן, יאָרן — — —

צווישן יענע, וועלכע האָבן אים געוואָלט איז געווען די פיר-אוןצוואַנציק-יעריקע ענגי. איידל, פון מיטעלען וואוקס, מיט א ווייס, חנעוודיק פנימל, פארטראַכטע גרוי-בלויע אויגן, האלב בלאָנ-דע האָר און דריבנע געזיכטסציגע, האָט זי געמאַכט דעם איינדרוק פון נאָך גאָר א קינד. דער איינדרוק איז נאָך שטאַרקער געווען א דאַנק איר רירעוודיקייט און זייער אָפטן מעלאָדיש-קלינגנדיקן געלעכטער.

ווער ווייסט פאר וואָס זי איז ניט אָפּגעשטאַנען פון אים, פונקט ווי איינציקע אנדערע, באַגעגנדיק זיין גלייכגילטיקייט ? צי ווייל זי איז געווען פון יענע קלעפּיקע נאַטורן, פון וועלכע ס'איז זיך שווער אָפּצוטשעפּן, צי אפשר האָט זי אים טאַקע אין אן אמתן געליבט ? אָבער ניט נאָר זי האָט זיך ניט אָפּגעשראָקן פאר זיין גלייכגילטי-קייט, נאָר בא יעדער געלעגנהייט אים אָפן ארויסגעוויזן איר פריינט-שאַפט און איבערגעבנהייט. אויף א באַל האָט זי געזוכט בלויז מיט אים צו טאַנצן און אים אַלע ווייַלע מיט עפּעס מכבד געווען. ניט זעענדיק אים א פּאָר טעג, האָט זי אים שוין געשריבן א האלב-שפּאַסנדיקן, האלב-פריינטלאַכן בריוול, זיך נאָכגעפרעגט וואָס ער מאַכט, און, ניט קריגנדיק באַלד קיין ענטפער, פלעגט זי ארויפקו-מען זען וואָס עס האָט מיט אים געטראָפן. צו זיין געבורטסטאָג, איז זי געווען די איינציקע וועלכע האָט געדיינקט דעם טאָג און אים געשיקט בלומען.

אזוי האָט זי לאַנגזאַם געפלאָכטן א נעץ ארום זיין איינגע-שפּאַרטן ווילן, מיט אירע טאַטן טיף אים אין מח איינגעקריצט, אז זי איז, אפשר, די איינציקע אויף דער גאַנצער וועלט, וועלכע איז אים טריי, וועלכע ליבט אים אויפריכטיק.

ער האָט זיך לאַנג ניט נאָכגעגעבן, איר ניט איינמאָל אָפן ארויס-

געוויזן זיין גלייכגילטיקייט, אָפּט אויסגעמידן איר געזעלשאַפט. זי האָט אָבער געטאָן אירס און געלאַכט, וואו אַנאַנדערע וואָלט געוויינט אָדער זיך טיף באַליידיקט.

גאַנץ פרי פון דעם טאָג ווען ער איז אַכט־און-צוואַנציק יאָר אַלט געוואָרן, האָט ער געקראָגן אַ שיינעם בוקעט פון ווייסע און רויטע רויזן פון ענין. צו איינער פון די רויטע רויזן איז געווען צוגע-בונדן אַ קורץ צעטעלע: „גליק ווינטשט איך אַן אמתער פריינט!" דאָס אַלץ. דער בוקעט איז שוין געווען דער צווייטער. זיי האָבן זיך שוין צוויי יאָר געקענט.

נחום האָט זיך טיף פאַרטראַכט: „באַגייט ער ניט דאָס גרעסטע פאַרברעכן געגן זיך און ענין זי אָפּשטויסנדיק פון זיך? ווי ווייניק אַזעלכע ריינע, שטאַרקע געפילן ווי אירע זיינען אויף דער וועלט פאַראַנען! ? קיין סימן פון אויסגערעכנטקייט, קליינלאַכקייט, עגאָאיזם איז אין איר האַרצן ניטאָ — בלויז ליבע צו אים הערשט דאָרטן און אַ ים מיט פאַרגעבונג פאַר זיינע גאַנץ אָפטע גראָבקייטן. וואָס איינגנטלאַך פאַדערט ער פון אַ פרוי? אנגענעמענעם אויסזען? ענין איז אַן צווייפל סימפּאַטיש. גוט-האַרציקייט? דאָס פאַרמאָגט זי זיכער: איר געלעכטער איז דאָך אַזוי גוטמוטיק, נאַאיוו און אָפן, און ער האָט נאָך קיין איינציק מאָל פאַר די צוויי יאָר, זי ברוגז ניט געזען. זי איז גאַנץ קלוג און אָפּט לאָגישער פון אים אַליין. דאָס וואָס זי איז גאָר ווייניק געבילדעט און לעזט זייער זעלטן אַ בוך, איז אויך פון די קליינע זאַכן: געבילדעט ווערט מעז פון לעזן, און צו לעזן מוז מען זיך צוגעוואוינען. ער וועט זי פאַרינטערעסירן מיט געזעלשאַפטלאַכע פראַגן, וועט איר נייע וועלטן עפענען און זי וועט זיך זיכער שוין אַליין צוגעוואוינען צום בוך. און וואָס איז, טאַקע אין אַן אמתן, דער תכלית פון וואַרטן? . . . די יעניקע וועלכע ער וואָלט וועלן, איז נאָך, הפנים, ניט געבוירן געוואָרן, אָדער איז גאָר אַוועק מיט אַ צווייטן. אויף וועמען וועט ער עס אויסוואַרטן? די צייט לויפט דאָך אַזוי מוראדיק שנעל. ווער ווייסט? גאַנץ מיגלאַך, עס וועט ווער אָנקומען און אויך ענין

פון אים אוועקנעמען. . . ערשט דאמאלט וועט ער דערפילן וועמען ער האט פארלוירן".

מיט איין שעה שפעטער איז ער שוין געזעסן בא עניין אין צימער, זי אויפן שוים געהאלטן און, זיך האלדזנדיק און קושנדיק, האבןביידע פון זייער שיינער צוקונפט גערעדט.

און ביידע האבן זיי זיך אפגענארט, ביידע האבן ניט געפונען דאס וואס זיי האבן געזוכט.

צוויי פארבלאנדזשעטע אויף די נעבלדיקע לעבנס וועגן.

ער האט זי ניט געקענט פאראינטערעסירן אין לעזן און זי איז ניט אימשטאנד געווען פאר אים קיין ווארימע, ציכטיקע נעסט צו שאפן. זי האט אויסגעפונען, אז ער איז ווייט ניט אזוי גוט און פיין, ווי איר האט זיך עס געדאכט און ער האט זיך דערוואוסט, אז אן אפטער קינדיש-זארגלאזער געלעכטער איז ניט שטענדיק קיין סימן בלויז פון גוטסקייט, אז פארגעבונג צו א פרעמדן מיינט ניט דאכזועלבע אויך צו אן אייגענעם מאן.

וואכן לאנג פלעגן זיי אמאל ניט ריידן איינער מיטן צווייטן און די אזוי שטארק געווינטשטע היים איז אין א וויסטע פארוואנדלט געווארן.

אייז מאל אין א שלאפלאזער נאכט, נאך א לאנגען, ביטערן קריג, איז אין זיין מח א געדאנק געבוירן געווארן און אים אין גאנצן פארכאפט: „יא, זיין טרוים קען נאך געראטעוועט ווערן. דער אויסזען אויף גליק פאר אים איז נאך ניט אינגאנצן פאר-שוואונדן. עס איז נאך פאראנען א וועג, וועלכער קען ברייגגען ווארימקייט און ליבע אין זיין קאלטער, פוסטער היים: א קינד! וואס וועט זי אים איינגאנצן אנגיין, ווען לעבן אים וועט זיך גע-פינען א צארט, קליין נפשל, וועלכעס וועט אין זיינע אויגן קוקן און אויף זיינע ליבעס ווערטער מיט א אומשולדיקן שמייכל ענט-פערן? זאל זי לעבן ווי איר ווילט זיך, טאן ווי זי פארשטייט, עס וועט אים ניט ארען, אזוי לאנג ווי זיינס א קינד וועט זיין לעבן אים. יא, יא . . . א קינד, א קינד . . ."

אינדערפרי איז ער ווי גאָר אַנאַנדער מענטש געווען. זי האָט ניט געקענט באַגרייפן זיין פּלוצלונגע גוטסקייט און רואיקייט. פאַר-נאַכט האָט ער זיך ניט גענומען, ווי געוויינלאַך, צו די צייטונגען אָדער ביכער, נאָר גערעדט פון איר נייעם קלייד און דערנאָך אוועק מיט איר אין אַ מואווינג פּיקטשור טעאַטער

ער האָט איר אַלץ גענומען נאָכגעבן און בלויז געטראַכט פון דעם גרויסן וואָס וועט גיך קומען, פון דער נייער זון וואָס וועט זיין לעבן באַלייכטן און דערוואַרימען.

ווען עני איז שוין אין פינפטן חודש געווען, האָט באַסין איין מאָל אויף אַ פאַרזאַמלונג באַגעגנט יענע פרוי אויף וועלכער ער האָט אַזוי לאַנג און אומזיסט געוואַרט, וועלכע האָט איינע בלויז געקענט אָנצינדן דאָס הימלאַך-ברענענדיקע פייער אין זיין הים. רחל האָט זי געהייסן. דאָס איז געווען יענע פרוי, וועלכע איז באַשטימט געוואָרן פאַר אים, מיגלאַך נאָך מיט טויזנטער יאָרן צוריק, ווען מענטשן האָבן האַלב-ווילדע אין די היילן און וועלדער געוואוינט.

זיי האָבן זיך ווי דערקענט, זיך ווי דערפילט און בא דער ערשטער געלעגנהייט זיך געגעבן די הענט.

ביז שפּעט אין דער נאַכט פלעגן זיי אָפט איבער די גאַסן אַרומשפּאַצירן און שטיל צווישן זיך ריידן. פון וואָס ? פון שטאַר-בענדע און אויפלעבנדע וועלטן, פון פלאַטערנדיקע מענטשלאַכע הערצער, ווענן אומענדלאַכן לויף פונם מענטשנס מח, ווענן שטויב און אייביקייטן. זיי האָבן אַזוי פיל געהאַט צו זאָגן איינער דעם צווייטן, זיי האָבן זיך שוין אַזוי פיל יאָר-הונדערטע ניט געזען . . .

אַ צופעליקע באַגעגעניש און זיין אילוזיע פון קומענדיקן, אַזוי הייסגעווינטשטן גליק איז ווי שטויב נאָך אַ רעגן פלאַך צוגעפאַלן צו דער ערד און פאַרשוואונדן. אַ פיינלאַכער טרויער, אַ שאַרפע ביינקשאַפט האָט זיין האַרץ אָנגעפילט און ער איז אין דעם ווי פאַרטרונקען געוואָרן.

איינמאָל זיצנדיק מיט איר באַנאַכט אין פּאַרק, האָט ער איר אַלץ ווענן זיין לעבן דערציילט. ביידע האָבן לאַנג געשוויגן. דער-נאָך האָט זי צוגעשפּאַרט איר קאָפּ צו זיין אַקסל און שטילע טרערן

האָבן זיך איבער אירע באַקן געקייקלט.

און די שוואַרצע נאַכט האָט געקוקט אויף זיי, זיך צוגעהערט צו זייער שווייגן, און מיגלאַך, זיך דערמאָנט פֿון יענער מינוט אַמאָל, ווען זייערע נשמות זיינען אַפּגעגעבן געוואָרן איינער צום צווייטן.

— פֿאַרוואָס זיינען מענטשן אַזוי נישטיק, קענען קיינמאָל ניט ריכטיק אויסקלייבן דעם וועג וואָס פֿירט צו זייער גליק?

— ווער ווייסט? — ענטפֿערט רחל קוים הערענד.

— ווי ווערים אָדער, אפֿשר, נאָך נישטיקער פֿון זיי, פֿויזן מיר אַרום איבער אומבאַקאַנטע וועגן און ווערן פֿון אימיצן צעטראָטן.

— ווי ווערים . . .

אַ לאַנגע פּויזע.

ער האָט זי מיט אַמאָל פֿאַרן האַנט אָנגעכאַפּט:

— רחל, מיין איינציקע, וואָס וועט פֿאַרט זיין?

— וואָס דו ווילסט . . .

— ווי שרעקלאַך! פֿאַרוואָס האָבן מיר זיך ניט געטראָפֿן אַביסל פֿריער, בלויז מיט פֿיר חדשים פֿריער איידער זי איז . . . ווי שרעקלאַך-שפּאָטיש! וואָס פֿאַר אַ פֿאַרשאָלטענע, טייפֿלשע קראַפֿט האָט דיך די גאַנצע צייט פֿון מיר באַהאַלטן און פּונקט אַצינד אונז צוזאַמענגעבראַכט! ? וואָס זאָלן מיר פֿאַרט טאָן?

— זיך שיידען! ? — איר קאָפּ האָט זיך טיף אַראָפּגעלאָזט.

— ניין, ניין! — ער האָט זי פֿעסט אַרומגעכאַפּט — איך וועל עס ניט קענען. איך קען שוין אויף איר ניט קוקן, אַלץ אין הויז איז מיר מיאוס. ס'איז נאַריש, אוממעגלאַך!

זי האָט ניט געענטפֿערט.

נאָך אַ לאַנגער פּויזע האָט ער געזאָגט אַנטשלאָסן:

— איצט טאָר זי פֿון קיין זאַך ניט וויסן, צוליבן קינד. אָבער גלייך דערנאָך מאַך איך אַן ענדע צו אַלץ.

זי האָט געשוויגן, טרויעריק געקוקט פֿאַר זיך אין דער פֿינס-טערניש און געשוויגן. — — — — — — — — — — — — — —

איינמאָל אַהיים קומנדיק אַרום עלף אַזייגער באַנאַכט, אַן אויפֿ-

גערעגטער, א גליקלאכער פון רחלן, נאך מיט פייכטע, עמוואס גע-שוואלענע ליפן פון אירע קושן, האט ער געטראפן די טיר פאר-שלאסן און א שכנה האט אים געזאגט, אז ארום אכט אזייגער האט זיך עני דערפילט ניט גוט און זי האט זי אליין אפגעפירט אין האספיטאל.

עס איז אים מיט אמאל קאלט געווארן. דאס געפיל פון גליק, וועלכעס האט אים נאר וואס איבערגעפילט, איז פארשוואונדן, און די פיס האבן אים אנגעהויבן ציטערן. א ווײלע האט ער צעמישט אנגעקוקט די שכנה, געוואלט פרעגן אין וואס פאר א האספיטאל זי האט זי אפגעפירט, אבער זיך גלייך דערמאנט, אז מיט א חודש צוריק, איז ער אליין געווען מיט ענין אין האספיטאל און אלץ אפגערעדט מיטן דאקטאר.

— איך דאנק אייך . . . איך גיי שוין אהין ! — האט ער פארלוירן א זאג געטאן און זיך געלאזט לויפן פון די טרעפ.

גייענדיק איבער די רווישנדיקע באלויכטענע גאסן, זיך מאכנדיק א וועג צווישן א געדיכטן עולם אין די שמאלע דאון־טאונער געסלאך, האט זיך אים אלץ גדאכט, אז יעדער איינער ווייסט וואוהין ער גייט אוןווארפט אויף אים זייטיקע בליקן. און ער האט בשום-אופן ניט געקענט פארטרייבן א פארלוירענעם שמייכל, וועלכער האט זיך ווי צוגעקלעפט צו זיין געזיכט.

„מען וואלט רחלן געדארפט וועגן דעם לאזן וויסן. ניין, ניין, ווי קען ער: ער מוז דאך גלייך לויפן אין האספיטאל. וועט ער, הייסט עס, א טאטע ווערן. יא, יא, אבער, אך, ווי נאריש די גאנצע געשיכטע איז: ניט רחל איז דאך די מוטער פון זיין קינד, נאר עני. פארוואס הייסט זי עני און ניט רחל ? וואלטן דאן צוויי רחלן געווען. אדער פארוואס איז זי ניט ווי רחל ? אך ווי ווילד זיי האבן זיך עם היינט געקושט ! מארגן וועלן זיי ענדיקן לעזן שא-פענהויערן. ער האט ניט געגלויבט אין מענטשלאכן גליק, ער האט . . . אפשר איז דאס קינד שוין געבוירן געווארן און שרייט שוין דארטן? ווי מאדנע ניי געבארענע קינדער שרייען... — ער האט זיך צעשמייכלט, אבער באלד גיכער גענומען גיין א דערשראקענער פון

א נייעם געדאנק: — ווער ווייסט, אפשר, איז זי גאָר געשטאָרבן, האָבנדיק דאָס קינד? זי איז דאָך אזא איידעלע, אזא צארטע, וואָס וואָלט געווען ווען זי שטארבט?"

ער האָט פארשנעלט די טריט.

„וואָס פאר א נארישע געדאנקען עס קריכן אים אין מח. זאָל זי לעבן . . . קיינער זוכט ניט איר טויט. אָבער ווען זי שטארבט פּאָרט?"

מען האָט אים גלייך אריינגעלאָזט און געהייסן ארויפגיין אויפן דריטן שטאָק. זיין הארץ האָט האסטיק געקלאפּט און פון די ווייסע ווענט, פון די רייהען ווייסע בעטלאך און פונם ספּעציפישן האָספּיטאַל ריח האָט זיך אים גענומען דרייען דער קאָפּ.

ער האָט זי גלייך דערזען. זי איז געלעגן באם אריינגאנג, מיט די הענט אויף דער ווייסער דעק און געקוקט צו דער טיר. ער האָט זי געוואָלט א רוף טאָן, צולויפן, זי פאר די הענט אָנכאפּן, אָבער עפּעס האָט אים אָפּגעהאלטן. ער האָט איר א שוואכן קוש גע-געבן אין די קאַלטע ליפּן.

— נו, ווי פילסטו?

זי האָט א טיפן זיפץ געטאָן.

— דאנקען גאָט, אבי איבערגעקומען . . . דאָס ערשטע מאָל און דאָס לעצטע מאָל.

ער האָט געוואָלט פרעגן: א אינגעלע צי א מיידעלע, אָבער אָנשטאָט דעם געענטפערט: — איך האָף אזוי. זייער שווער צוגעגאנגען?

— איך וואָלט געוואָלט דו זאָלסט כאָטש איינמאָל אזעלכעס פילן.

— וואָלט דיר דען פון דעם גרינגער געוואָרן?

— איר, מענער, וואָלט דאָן בעסער פארשטאנען ווי אונז צו שעצן.

— מיינע שונאים זאָלן אזוי לעבן, צי זיי ווייסן ווי אונז צו שעצן! — האָט זיך מיט א זיפץ אָפּגערופן א געווינערין פון רעכטס. — זיי קוממ אלץ אָן זייער גרינג.

— בעט די נוירס, וועט זי אייך ווייזן דאָס קינד, — האָט צו באַסינן די געווינערין פון ליגקס, שטיל געזאָגט, — שוין איינמאָל אַ באָי!

דאָס האַרץ האָט זיך אין אים אַ ריס געגעבן: „גאָט, אַ באָי! ער האָט שוין אַ באָי, אַ זון, אַ זון“.

באַלד איז פאַר אים געשטאַנען די נוירס און שמייכלנדיק גע-רעדט: — יעס, מיסטער באַסין, אָט דאָס איז ער, אייער זון, אייער קדיש. נאַט, האַלט אים אַ ווײַלע, אָבער פאָרזיכטיק, לאָזט אים ניט אַראָפּ.

— אינגאַנצן אין דיר געראָטן — האָט עני צוגעגעבן.

באַסין האָט געהאַלטן דאָס קינד און געפילט ווי ס׳איז אים מיט אַמאָל הייס געוואָרן. ער האָט זיך נייגעריק אײַנגעקוקט אין נפשל און אַ פאַרוואונדערטער שמייכל האָט זיך אַלץ ברייטער איבער זיין פּנים צעגאָסן. „אָט דאָס איז עס ענדלאַך . . . גאָרניט קיין רויט שטיקל פלייש, ווי ער האָט עס געמיינט. אַ גאַנץ פאָרמירט קינד. אַ קליין, קליין מענטשעלע. אָט עפנט עס די אויגעלאַך, ווי עס קוקט אים אָן. אָט עפנט עס דאָס מײַלכל. אַך, גאָט, ס׳האָט זיין נאָז אינגאַנצן, אַפילו מיטן קלייניקן הערביקל פון אויבן. זיין קינד, זיין אינגאַלע. קינדעלע, לעמעלע קליינס. . .“

ער האָט צוגעלייגט די ליפּן צום קינדס בעקעלע און די ווייכ-קייט און וואַרימקייט פון דעם האָט זיך איבער זיין גאַנצן קערפּער צעגאָסן. עפּעס האָט אינווייניק אין אים גענומען ציטערן.

אַרויסקומענדיק פונם האָספּיטאַל, איז ער שטיין געבליבן בײַ אַ לאָמטערן אויף דער ענדע גאַס און ניט געוואוסט וואוהין צו גיין. אים האָט זיך געדאַכט, אַז עפּעס פעלט אים אינווייניק, אַז אַ שטיק פון זיין האַרץ איז געבליבן דאָרטן, אונטער אים, אויפן דריטן שטאָק פונם האָספּיטאַל. — — — — — — — —

ער האָט זיך פאַרוואונדערט אַרומגעקוקט: אַלץ אַרום האָט בײַ אים אויסגעזען אַזוי ניי, פרעמד, פונקט ווי ער וואָלט אין אַ פרעמדע גאַס פאַרבלאָנדזשעט. אַ הילפלאָזקייט האָט אים אַרומ-גענומען. ער האָט געפילט ווי אויף די קני זיך אַראָפּלאָזן און

בעטן רחמים בא דעם אומזיכטבארן, אלמעכטיקן, וואס שפילט זיך אזוי זארגלאז מיט די מענטשנס לעבנס-וועגן, פלאנטערט זיי אין א גערדיכטן קנויל צעגויף, אין א קנויל אן אן אנהויב און אן א סוף, און נעמט אוועק פון טויזנטער מענטשן דעם צוועק און גע-דאנק פון זייער עקזיסטענץ.

— וואס טוט מען, גאט מיינער, וואס טוט מען? עני, רחל, מיין אינגאלע, וואס טוט מען?

ער האט זיך פעסט צוגעדריקט צום אייזערנעם סלופ פון לאמטערן און ווי א קליין, פארבלאנדזשעט קינד, זיך שטיל און ביטער צעוויינט. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

זעקס חדשים זיינען אריבער. ווי פארכשופטע אדער פאר-שאלטענע האבן זיי זיך אלע דריי אין א פארחתמעטן קרייז גע-דרייט, אויסגייענדיק פון ווײ, מיט בלוט פון זייערע הערצער צאלנדיק פאר יעדער שטיקל פארגעניגן און זינד פון זייערע פאר-גאנגענע טעג. ווי פארמשפטע, צו זייערע וועגעלאך צוגעקאוועטע, אזוי האבן זיי זיך ניט געקענט אפרייסן איינער פונם צווייטן, ניט געקענט ארויס פונם פיינלאכן רינג. פאלנדיק צו דער ערד פון ווײ און אנגסט, האט יעדער איינער פון זיי אויך די איבריקע צוויי מיטגעשלעפט און יעדן איינעמס בייז ווארט האט די הערצער פון אלע דריי אין שטיקער געריסן. — — — — — — — — — —

ענדלאך איז עס געשען. זייערע פארפלאנטערטע לעבנס-וועגן האבן זיך אפגעריסן איינער פונם צווייטן, האבן געביטן זייער לויף און דער קאמף האט זיך געענדיקט. זיי האבן זיך צעשיידט. זייער, מיט אזוי פיל מי אויפגעבויטע, נעסט, האט מען צעשטערט און די בויער זיינען זיך מיט פארביטערטע הערצער צעגאנגען אין פארשיידענע זייטן. עני האט צוליבן קינד געדונגען א הייזל אויסער דער שטאט און נחום מיט רחלען האבן זיך באזעצט אין א מעבלירטן צימער.

אצינד האט שוין נחום געהאט ניט נאר א ווייב, נאר אויך א גוטן חבר מיט וועמען צו לעזן, מיט וועמען צו ריידן. ער איז

גליקלאך געווען. אבער טיף אין הארצן איז א ביינקשאפט געלעגן באהאלטן א ביינקשאפט, וואס האט צייטנווייס שטומף געוויטיקט ווי נאך ניט אין גאנצן קיין פארהיילטע וואונד. זיין אינגעלע, זיין קינד. באנאכט, ווען ער איז אמאל ניט געשלאפן, פלעגט ער טראכטן וואס עס מאכט אין דעם מאמענט, אמאל זיך פארשטעלן פארשידענע געפארן, וועלכע עס לעבט, מיגלאך, דורך און פילן ווי גלייך אויפצושפרינגען און לויפן אהין. ער פלעגט שוין ניט איינשלאפן מער, ניט פארקלעמטע ציין זיך דרייען פון איין זייט אויף דער צווייטער און אומגעדולדיקווארטן אויפן פרימארגן.

רחל האט געפילט וואס אין אים קומט פאר, שטיל געליטן, אבער פארשטאנען, אז זי קען בא אים ניט פאדערן דאס גאנצע הארץ, ווייל איין חלק פון דעם איז דארטן, אין הילצערנעם הייזל, אונטערן שטאט.

אמאל פארנאכט, אין מיטן לעזן, פלעגט ער נערוועז זיך פון פלאץ אויפגעהויבן, זאגן אז ער פילט ניט גוט און וויל זיך דורכגיין. רחל, פארשטייענדיק וואס מיט אים קומט פאר, פלעגט זיך אונטער פארשידענע תירוצים אנטזאגן מיטצוגיין, בלייבן אליין אין צימער און לאנג זיצן א פארטראכטע, א פארטרויערטע.

און נחום האט דערווייל האסטיק געשפאנט איבער די רווישנדיקע גאסן אין ריכטונג צום סאבורביי. ער פלעגט כאפן די ערשטע „טריין", וועלכע גייט אונטערן שטאט, אין ריכטונג וואו עני וואוינט, זיך פארוקן אין א ווינקל און פרואוון זיך פארקוקן אין א צייטונג. די ווערטער האבן אבער געטאנצט פאר זיינע אויגן און דער מח האט ניט אויפגענומען זייער אינהאלט. ענדלאך פלעגט ער צומאכן די אויגן און זיך נעמען איינהערן אין רוויש פון די רעדער, וועלכע האבן אים דערציילט עפעס נעבלהאפטעס וועגן רחלן, ענין דעם קינד און זיין אייגענעם לעבן.

„געווען אמאל א מענטש" — האבן רווישנד דערציילט די רעדער — „א מענטש, וועלכער האט געהייסן נחום באסין. . . פון א ווארימען נעסט, האט ער געטרויימט, פון א ווייב א חבר, א צערטלאכע, א ציכטיקע, פון קלינגנדיקן, קינדערשן געלעכטער . . .

ער האָט געזוכט, גענישטערט און ניט געקענט געפינען, ניט געקענט. ענדלאַך האָט ער זיך דערשראָקן פאַר די לויפנדיקע יאָרן און זיך געוואָלט אָפּנאַרן, זיך אַליין באַשלאָסן דעם קאָפּ צו פאַרדרייען . . . קיין גוטס קען קיינמאָל פון דעם ניט אַרויס־קומען, קיינמאָל ניט, קיינמאָל ניט . . . איינזאַם איז אימער דער מענטש, אייגענע זיינען פרעמד, אָבער פרעמדע זיינען שרעקלאַך . . . ווי קען עס דען אַנדערש זיין ? . . . ווען עס טוט עפּעס וויי, פילט מען בלויז אַליין דעם ווייטאָק און ווען מען שטאַרבט גייט אַפילו דער בעסטער פריינט אין קבר אַריין ניט מיט . . . און אַ אָפּגע־נאַרטער איינמאָל, האָט באַסין אויך דאָס צווייטע מאָל זיך גע־פּרוּווט אָפּצונאַרן: די פרעמדע פרוי האָט פון אים אַ קינד גע־בוירן . . . קינדער זיינען אימער אייגענע, אַפילו פון ווילד פרעמ־דע פרויען געבוירענע . . . דאָס איז שוין שטענדיק אַזוי, פון אַלע צייטן . . . זייענדיק איינגאַנצן פון דער מוטער, רייסן זיי מיט זייער ערשטן בליק אַרויס אַ שטיק פונם פאָטערס האַרץ און באַהאַלטן עס אין דער מוטערס ברוסט, אין זיבערסטן פלאַץ, וועל־כעס זיי אַליין בלויז ווייסן. און אַצינד לויפט ער, נחום באַסין, אַרום זוכן זיין שטיק האַרץ. מענטש, מענטש, נאַרישער מענטש".

דער באַן איז שטיין געבליבן. באַסין איז שנעל אַרויס אין גאַס, זיך פאַרטיפט אין די געדיכט־פאַרוואַקסענע גאַסן, וואו פון ביידע זייטן האָבן זיך געצויגן קליינע, ציכטיקע, צוויי־שטאָקיקע הייזקעס. לעבן איינעם פון זיי איז ער שטיין געבליבן. צוויי פענסטער פונם הינטערשטן שטאָק זיינען געווען באַלויכטן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. קיין איינציקן מענטשן האָט מען אין גאַס ניט געזען. דורך די געדיכטע קוסטעס האָבן דורכגעוואָונקען געלע פייערלאַך פון די אַרומיקע הייזער.

ער איז שנעל אַריין אין גערטנדל, וועלכעס האָט זיך אַרום הויז געצויגן, זיך צוגעגנבעט צו איינעם פון די צוויי באַלויכטענע פענסטער און אַריינגעקוקט. דאָס האַרץ האָט האַסטיק געקלאַפּט

אויפן בעט איז געזעסן ענֵי און עפּעס געניייט. לעבן איר איז געשטאַנען דאָס גוט באַקאַנטע, ווייסע וויגעלע. ער האָט ניט

געקענט זען דאָס קינד, נאָר הפנים עס האָט זיך געשפּילט, ווייל איבערן ווינעלע האָבן זיך באַוועגט צוויי קליינע, טונקעלע הענטע־לאַך און פּיסלאַך אין ווייסע זעקעלאַך. די מוטער האָט זיך אַלע מאָל צוגעבויגן צום קינד, עפּעס געזעדט צו דעם שמייכלענדיק און די פּיסלאַך מיט די הענטלאַך האָבן זיך דאַן געשווינטער באַוועגט.

נחום האָט זיך אויסגעצויגן אויף די שפּיץ פינגער, אַלץ גע־וואָלט דעם קינדס פּנימל דערזען, ס'איז אים אָבער ניט געלונגען: דאָס ווייסע פּאָרהאַנגל האָט עס ניט דערלאָזט. בלויז צוויי טונקעלע הענטלאַך און פּיסלאַך אין ווייסע זעקעלאַך האָבן פאַר זיינע אויגן געטאַנצט און זיך ווי גערייצט מיט אים.

אים האָט זיך פאַרוואָלט שרייען פאַר ווייטאָק, אַ שויב אויס־ברעכן, אָדער אַן ציגער אריינלויפן און דאָס קינד אין זיינע אָרימס דערשטיקן. ער האָט דאָך די זעלבע רעכט אויף דעם ווי זי, ס'איז דאָך זיינס, פּונקט ווי אירס.

ענֹי האָט דערווייל אַוועקגעלייגט דאָס געניי, זיך איבערגעבויגן איבערן ווינעלע, עפּעס אַ זאָג געטאָן און ער האָט דערהערט דעם קינדס געלעכטער. זיין פּנים האָט זיך אינגאַנצן צוזאַמענגעדריקט פּונקט ווי מען וואָלט טראָפּענס זודיקע וואַסער אויף זיין קאָפּ גע־לאָזט פאַלן. ער האָט זיך צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט און אַ פּאָר מינוטן געשטאַנען באַוועגלאָז מיט צוגעמאַכטע אויגן.

גיך האָט זיך צו אים דערטראָגן ענים קול. איינשלעפערנדיק דאָס קינד, האָט זי שטיל געזונגען:

„שלאָף מיין קינד, מיין טרייסט מיין שיינער,\
שלאָף־זשע, זונעניו,\
שלאָף מיין קרוין, מיין קדיש איינער,\
שלאָף־זשע ליו־ליו־ליו . . ."

ווען נחום האָט ווידער אין פענסטער אריינגעקוקט, איז דאָס קינד שוין, ווי ס'ווזט אויס, געשלאָפן, ווייל די מוטער האָט עס פאַר־זיכטיק צוגעדעקט מיט אַ צווייטן קאָלדרעכל און עטוואָס איינגע־דרייט די גאַז.

ער איז שטיל אַרויס פונם גערטנדל.

„איר זונעניו" — האָט ער פיינלאַך געטראַכט, גייענדיק צום סאָבוויי, — „איר קרוין, איר קדיש. אַלץ אירס. איך בין א פרעמדער. ער וועט אויסוואַקסן אָן מיר, זי וועט אויך פון אים מאַכן א נאַרניט, א . . . און ווייטער, וואָס איז זי נעבאַך שולדיק ? . . . ווי איך, גליק געזוכט, און זיך אָפּגענאַרט . . . אפשר, ווען איך לויף דאַן ניט אָן אַזוי האַסטיק, וואָלט זי א צווייטן באַגעגנט, מיט וועמען זי וואָלט געקענט אמת גליקלאַך זיין . . . אַך, ווי שרעקלאַך, ווי שרעקלאַך".

ער האָט זיך פּלוצלונג דערמאָנט, אַז ער איז שוין לאַנג פון דערהיים, און רחל טראַכט שוין, מן־הסתם, איבער. ער האָט פאַר־שנעלט זיינע טריט.

אין באַן האָט ער זיך ווידער פאַרוקט אין א ווינקל, מיד צוגע־שלאָסן די אויגן און ווי פריער צעזאַמענגעזאָסן זיין געדאַנקען־גאַנג מיטן לויף פונם צוג. און די רעדער האָבן אים ווי דערקענט, באַ גריסט און ווייטער געשמעקט רווישנד דערציילן :

„געווען אַמאָל א מענטש, האָט ער געהייסן נחום באַסין. האָט דער מענטש גליק געוואָלט, גליק געגאַנגען זוכן און פאַרבלאָנדזשעט. יאָ, יאָ, דער ערוואַקסענער מענטש האָט זיין וועג פאַרלוירן און נאָך צוויי מענטשן מיטגעפירט מיט זיך . . . און פאַרמאַטערטע פון בלאָנדזשען איבער טויזנטער פרעמדע וועגן, זיינען זיי אַלע דריי געפאַלן... יאָ, יאָ, געגאַנגען זיינען אַמאָל דריי מענטשן און האָבן ווי קליינע קינדער פאַרבלאָנדזשעט. . . ווי קליינע קינדער. . .

— — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָוועמבער, 1919.

# רייזלס לעבן

ענדע ווינטער — — —

א פייכטער נעבל איז צוגעפאלן צום שניי, אים דורכגעגעסן, פעסטער צו דער ערד צוגעדריקט, און דער שניי האט גענומען צע-קריכן אונטער די פיס פון די טויזנטער דורכגייער, אנפילנדיק די גאס מיט א ווייס־גרויער קלעפנדיקער מאסע.

א חברה אינגלאך האבן געשלעפט איבער דער בלאטע א שווארץ ווייס קעצל, צוגעבונדן מיט א שטריקל צו א הינטערשטן פיסל, און פארהילכט די טעמפע לופט מיט זייער געלעכטער און פריילאכע אויסגעשרייען.

דאס קעצל האט געמיאוקעט, געפרואווט מיט די ברייט צע-שפרייטע, פאדערשטע פיסלאך בא די שטיינער פון גאס זיך צו פארהאלטן און די שנייאיקע בלאטע האט זיך געשוימט ארום איר רחמנות-בעטנדיקן קעפל.

רייזל איז א מידע געגאנגען פון דער ארבעט, געטראכט וועגן שאפ, וועגן דער אלטער מאמען, וואס ווארט אויף איר אין הויז מיטן עסן, זיך היימלאך דערמאנט אן נייעם צושניידער, וועלכער האט היינט צוויי מאל צו איר א שמייכל געטאן, און זיך ניט געקענט ארויסשלאגן פונם קאפ, אז איר פריינדין דארא, האט שוין אנ-געפאנגען „אויסגיין מיט א באי".

אירע געדאנקען זיינען לייכט און אויבערפלעכלאך ארומגע-שפרונגען, זיך ווי מיט וועמען געשפילט אין באהעלטעניש, אלע ווײלע פלוצלונג פארשוואונדן אין איין זייט מח און באלד דערשינען אין א צווייטער. זי איז היינט געווען פיל מידער ווי אנאנדערס מאל: די קרינגעריי וואס זי האט געהאט צוליב א שמאטקע מיט דער „אנ-

געמאָלענער מויד", וואָס זיצט בא דער צווייטער מאַשין, האָט אויסגעשעפּט אירע שוואַכע כחות.

די חברה איינגלאַך האָבן געליאַרמט און געשלעפּט דאָס קעצל פון איין זייט גאַס צו דער צווייטער און צוריק.

רייזל האָט געוואָרפן א גלייכגילטיקן בליק אויפן קעצל, שוין געוואָלט פאַרבייגיין, אָבער פּלוצלינג האָט זי עפּעס שאַרף א ריס געטאָן אין הארצן: איר האָט זיך אויסגעדאַכט, אז דאָס קעצל קוקט איר גלייך אין פּנים אריין און שרייט ווי אויסשליסלאַך צו איר — — —

אין איין מאָמענט איז זי שוין געווען אין מיטן גאַס, ארויס-געריסן דאָס שטריקל פון איינעם פון די איינגלאַכס הענט, א כאַפּ געטאָן דאָס קעצל און זיך געלאָזט גיין.

דאָס קעצל האָט זיך איינגעגראָבן מיט די נעגל אין איר אויבער-ראָק און מיט שרעק געקוקט אויף אירע יונגע פּייניקער, וועלכע האָבן זיך ענג ארומגעשטעלט ארום רייזלען, פאָדערנדיק זייער קרבן:

— גיט אָפּ דאָס קעצל! ס'איז אונדזערס! גיב עס אָפּ!

דאָ האָבן זיך אָבער אריינגעמישט צוויי פאַרבייגייער און צע-טריבן די טומלדיקע חברה.

רייזל האָט אָפּגעבונדן דאָס שטריקל פונם קעצלס פיסל, איז אָפּגעגאַנגען א פּאָר גאַסן ווייטער און, איבערצייגנדיק זיך, אז קיינער פון די איינגלאַך פאָלגט איר ניט נאָך, האָט זי אראָפּגעשטעלט דאָס קעצל אויף דער ערד, עס א גלעט געטאָן איבערן קעפּל און זיך געלאָזט אוועקגיין.

דאָס קעצל איז איר נאָכגעלאָפן.

זי האָט עס געפּרואווט אָפּטרייבן, ס'האָט אָבער ניט געהאָלפן: דאָס קעצל איז געלאָפן הארט בא איר קליידל און, ווען זי האָט א פּאָר מאָל עס לייכט א שטויס געטאָן מיטן פוס, האָט עס זיך ניט געוועגט, בלויז רחמנותדיק געקוקט איר אין די אויגן אריין — — —

אין הויז איז דאָס קעצל אריין, גלייך ווי רייזל האָט נאָר די טיר געעפנט, זיך פאַרוקט אין א ווינקל לעבן ברענענדיקן אויוון און זיך גענומען אָרומוואַשן מיטן צינגל.

די מאַמע איז געווען אומצופרידן: טאָמער האָט זי ווייניק אַר־בעט, וועט זי נאָך פון אַ קאַץ אויך דאַרפן רייניקן . . . און זי האָט פאַרזיכערט רייזלען, אַז אויף באַנאַכט וואַרפט זי עס אַרויס.

— טו, ווי דו ווילסט, האָט רייזל גלייכגילטיק אַ הויב געטאָן מיט די אַקסלען — די אינגלאַך האָבן עס זייער געמוטשעט און נאָכער האָב איך זיך שוין ניט געקענט פון דעם אָפּטשעפּן.

די אַלטע האָט ווידער איבערגעחזרט, אַז זי דאַרף קיין קעץ ניט און געגומען דערלאַנגען צום טיש.

ווען אָבער באַם עסן איז דאָס קעצל אַרויס פונם ווינקל שוין אַ טרוקנס, אַן אָפּגעוואַשנס און, געמיטלאַך מורמלנדיק און הויבנ־דיק די פּלייצע און דעם עק, זיך גענומען רייבן אַרום דער אַלטערס פיס, איז איר האַרץ אַביסל ווייכער געוואָרן.

— זע נאָר, זע נאָר, ווי עס חנפט און בעט זיך, פונקט ווי עס וואָלט עפּעס פאַרשטאַנען — האָט זי זיך צעלאַכט.

— ס'איז אַ גאַנץ שיין קעצל, האָט רייזל עס גענומען באַ־טראַכטן.

די מוטער האָט זיך אַ קנייטש געטאָן, אָבער גאָרניט געענט־פערט. זי האָט עס אָנגעהאָדעוועט און שפּעטער, ווען מען האָט זיך שוין גענומען גרייטן צו גיין שלאָפן, האָט זי ווי פאַר זיך זעלבסט אַ זאָג געטאָן, אַז אין שלאָפצימער סקראַפּעט זיך אַלע נאַכט אַ מייזל — — —

דאָס קעצל איז פאַרבליבן אין הויז. — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

פרילינג — — —

דעם יאָר איז דער פרילינג אָנגעקומען ווי מיט אַמאָל. מיט איין מעכטיקן קלאַפּ האָט ער אַלע פענסטער ברייט צעעפנט, זיך אַריינגעריסן מיט יוגנט־רויש און זונען־שיין אין די הייזער און אָנגעפילט די מידע מענטשן־הערצער מיט'ן ריטם פון לויפנדיקע וואַסערן און מיטן אויפרעגנדיקן ריח פון דער ערוואַכטער ערד.

אַ אומרו האָט זיך נאָגנד דערוועקט אין רייזלס נשמה. אין קליינעם האַלב־פינסטערן „שאַפּ" איז געוואָרן אַלץ שווערער איינ־

צוזיצן, און ווען ניט איר פריינדין דאָרא, מיט וועלכער זי האָט זיך ניט געוואָלט שיידן, אויך די ליבע שמייכלען פונם נייעם צו־שניידער, וועלכע פלעגן זיך אָפּט באַ איר אין הארצן מיט די זונען־שטראַלן צוזאמנמישן, וואָלט זי דאכט זיך פון זינען אראָפּ אָדער אנטלאָפן, וואו די אויגן וואָלטן זי נאָר געפירט.

גאַנץ אָפּט און לאַנג איז זי אַצינד באַם שפּיגל געשטאַנען. שטודירט איר גרויליך בלאַסן פּנים, די ברייט־פלאכע נאָז און מידע ברוינע אויגן. אָדער זי פלעגט גאָר צעלאָזן די שוין שיטער ווערנ־דיקע האָר און פאַרזיכטיק אויסרייסן די ווייסע פעדים.

זי האָט אָנגעהויבן שלעכט צו שלאָפן. גאַנצע נעכט האָט זי זיך איבערן געלעגער געקייקלט און אַלץ געטראכט, געטראַכט. וועגן וואָס? וועגן טויזנטער קלייניקייטן, וואָס פילן איבער דעם אומרואקן מענטשן־מאַרך אין שלאָפלאָזע נעכט, אָבער אַמערסטן האָבן זיך אירע געדאַנקען געדרייט ארום איר פריינדין דאָרא, וועלכע טראָגט שוין אַ ווייסן, פינקלדיקן דימאָנט־רינג און ווערט וואָר אַ וואָך שענער און יינגער. עס האָט זי אויך זיך געפייניקט די ערינערונג וועגן נייעם צושניידער, וועלכער האָט איר דאָ ניט לאַנג, מיטאָג צייט, פלוצלונג געשאָנקן אַ ווייסע רויז.

דאכט זיך אַ קלייניקייט: אַ בחור האָט אַ מיידל אַ ווייסע רויז געשאָנקען. אָבער אָט די רויז האָט ווי מיט אַ שאַרפן מעסער מיט אַמאָל רייזלס איינזאַמען לעבן אין צווייען צעשניטן: ביז דער רויז איז אַלץ געווען גרוי, קאַלט, האָפנונגסלאָז. די טעג האָבן זיך געצויגן ווי פון אַ שווערער מאַסע געדריקט און די „היינטס" און „מאָרגנס" זיינען פונקט ווי די „נעכטנס" אין אַ געדיכטן נעבל פאַרטונקען געווען.

דאָ אָבער פאַלט פון וועמען אַ געוואָרפענע ווייסע רויז. עס געשייט אַ וואונדער: דאָס לעבן זידט מיט אַמאָל אויף, די גרוי־קייט ווערט פארשוואונדן, פון דער קאַלטקייט נעמט אַ דופק קלאַפּן, די האָפענונגען פאַנגען אָן צעלאָזן זייערע צאַרט געוועבטע, שמעקנדיקע צווייגן, טיילן שאַרף אָפּ דעם „מאָרגן" פונם „נעכטן"

מיט א וואנט פון צויבערנדיקער דערוואַרטונג און פילן אַן דעם „היינט“ מיט שטילע טריומען — — — — —

רייזל אָבער, האָט זיך שוין אין איר לעבן אַזוי פיל מאָל אָפּגע־נאַרט, אַזוי פיל מאָל האָבן שוין אירע טרוימען זיך פּראַכטפול צע־בליט און מיט אַמאָל פאַרוועלקט געוואָרן . . . זי גלויבט שוין ניט מער — ניט זיך, ניט יענעם און אונטערדריקט יעדן געפיל, וואָס נעמט זיך אין איר האַרצן דערוועקן, מיט אַ קרומען, שפּאָ־טישן שמייכל.

נאָך דער אַרבעט, זיצט זי אַצינד אָפּט באַם אָפענעם פענסטער און טראַכט, ווי געוויינלאַך, מיט שטיקלאַך געדאַנקען. די מוטער טוט עפּעס באַם אויוון און דערציילט, מיט אַ באַהאַלטענער בייג־קעניש אין קול, ווי גוט ס׳איז אַצינד אין דער „היים“, ווען דער דניעסטער צעברעכט דאָס אייז און צעגיסט זיך. די קאַרשן־און ווײַנשל־ביימער פון ביידע זייטן טייך, זייַנען שוין מן הסתם, איינגעטונקען אין ווייסן, „צוויט“, די פעלדער ווערן געשוואָלן און די לופט גיסט זיך אָן „ווי מיט וויין“ — — — —

אַרום רייזלס פּיס דרייט זיך דאָס קעצל, אַן אומרואיקס, אַ נערוועזעס: דער פרילינג ווירקט אויך אויף דעם. עס האָט אויפ־געהערט עסן, דרייט זיך אַ גאַנצן טאָג אומרואיק איבערן הויז, רייסט זיך צו די פענסטער, שמעקט צו דער טיר, מיאַוקעט. באַ־נאַכט, ווען עס דערטראָגן זיך פון דרויסן די לײַדנשאַפטלאַכע פרי־לינגס קרעכצן און געוויינען פון די קעץ, שפּרינגט עס אויף, לויפט צו די פענסטער, בעט, מען זאָל עס אַרויסלאָזן.

רייזל און די אַלטע רופן עס צו זיך, פּרואוון עס באַרואיקן, אָבער דאָס אימער שטילע, געהאַרכזאַמע קעצל דערקענט זיי ווי גאָרניט און רייסט זיך אַלץ אין דרויסן אַרויס.

— יעדע באַשעפעניש ווייס זיך זיינס ! — שאָקלט די מוטער מיטן קאָפּ.

רייזל ענטפערט ניט און טראַכט אָנגעשטריינגט, כמעט בייז:

„יאָ, יעדע באַשעפעניש ווייס זיך זיינס און האָט אַ רעכט אויף זיינס. יעדע באַשעפעניש, אַ חוץ דעם מענטשן“. — — — —

איינמאָל באַנאַכט, ווען אין דרויסן האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַצניאַמער און דאָס קעצל האָט גענומען אומרואיק איבערן הויז ארומלויפן, האָט זיך רייזל אַראָפּגעגנבט פונם בעט, שטיל אויפגע-עפנט דאָס פענסטער און עס אַרויסגעלאָזט אויפן פייער לייטער.

גאַנץ פרי איז דאָס קעצל צוריק אריין דורכן פענסטער, גלייך ארויף אויפן בעט, זיך ווי איילענד א רייב געטאָן אָן רייזלס האַנט, מיד, מיט פאַרגעניגן זיך א ציִ געגעבן און, זיך צוזאַמנדריי-ענדיק, איינגעשלאָפן.

רייזל האָט זיך פאַרזיכטיק אויפגעזעצט, זיך גענומען איינקוקן אין קעצל, און עס האָט בא איר אַצינד אויסגעזען עפּעס גאָר אַנ-דערש ווי פריער, עפּעס פול מיט סודות פון דער שווארצער נאַכט און מיט וואַנזיניק שאַרפע וואונטשן, וועלכע זיינען שוין באַ-פרידיקט געוואָרן — — — — —

דאָס האַרץ האָט אומרואיק געקלאַפּט, זי האָט זיך געוואָלט עפּעס פאָרשטעלן און ניט געקענט, און א געדאַנק האָט זיך אין קאָפּ געפּלאָנטערט:

„אָט א קעצל. א נישטיק באַשעפעניש. ווייסט א וועג און האָט זיך געקראָגן זיינס. און דער מענטש? אָט זי אַליין, צום ביישפּיל". — — — — —

זי האָט זיך פּלוצלונג ווי פאַר עפּעס דערשראָקן און באַהאַלטן דאָס פלאַמנדיקע פּנים אין קישן — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

זומער — — — —

א צימערל מיט דאָרען און נאָך צוויי פריינדינס באַם ים. — ענדלאָך א פולער אָפּרו. די מידקייט רייסט זיך פון די ביינער.

דער ים, די פרישע לופט, דער הימל — האָבן זיך מיט א בלוי פאַרשכורנדיקן שטראָם אריינגעריסן אין רייזלס נשמה, פאַרטרונ-קען די שווארצע ווענט, וועלכע זי האָט יאָרן לאַנג, פון גאַל און ניט גלויבן אויפגעבויט, און צוזאַמען מיט דעם זונענשיין האָט זיך אַהין אויך אריינגעריסן א שוואַכע האָפענונג אויף עטוואָס — — אויף א נס — — — — — — — — —

ווער ווייסט ? ווער קען פאַראויסזאָגן דעם מענטשנס שיקזאַל ? דאָס גליק מיידט אַמאָל זייער לאַנג אויס דעם מענטשן און דערשיינט פּלוצלונג ווען אַלע האָפענונגען זיינען שוין אויפגעגעבען. ווער ווייס וואָס ס׳איז ווען באַשערט ? ! — — —

זי האָט געפּרוּווט אָפּלאַכן, צו גאָרניט מאַכן די ניי-דערוועקטע טרוימען, זיך זעלבסט דערמאָנען אָן די פריערדיקע זומערן, וועלכע האָבן די זעלבע געפילן געוועבט און זיי דערנאָך אַזוי שפּאָטיש אויסגעלאַכט.

ס׳האָט אָבער קיין זאַך ניט געהאָלפן: דער פרילינג איז האַרט אונטער אירע פלייצעס געשטאַנען און איר מעשהלאַך וועגן קומע-דיקן גליק אין די אויערן אריין געשעפּטשעט; די זון האָט זי גע-קושט און פייערען אין איר בלוט געצונדן; דער הימל האָט רופנד און צוזאָגנד געשמייכלט מיט אומגעהייערע מיגלאַכקייטן, און דער ים האָט אירע פיס געגלעט, געקושט און פאַרגעבונג געבעטן — —

און זי איז מיטגעגאַנגען מיט זיי אין לאַנד פון גלויבן און האָפענונג, ניט געוואָלט, ניט געקענט מער פרעגן, צווייפלען, נאָכ-טראַכטן און זיך מיט צוגעמאַכטע אויגן אריינגעוואָרפן אין קאַראַ-אָד פון זומער שפּילן — — —

דאָך ערגעץ-וואו טיף אין אַ ווינקל פון איר נשמה איז געלעגן צוזאַמענגעדריקט דער שפּאָטיש-גאַליגער געלעכטער— דאָס קינד פון אירע צעשטערטע טרוימען. ער איז געלעגן שטיל, און רואיק געוואַרט אויף דער ערשטער געלעגנהייט אָנצעפילן איר גאַנץ וועזן מיט זיינע בייז-שפּאָטישע קלאַנגען.

זי פלעגט פאַרברייננגען גאַנצע טעג אויפן ווייסן זאַמד אַנט-קעגן דעם בלויען הימל אין דער בריענדיקער זון. און אירע גע-דאַנקען האָבן זיך געצויגן אַזעלכע הייסע, וועברירנדיקע, פאַרוויגטע פונם רויש פון ים און הונדערטע שטימען אַרום. און איר קערפּער איז אַזוי אויפגערעגנד שטייף געווען, און אין יעדן טראָפּן בלוט האָט אַ באַזונדערע זון געברענט, און ווען עס פלעגט זיך ווער אָן איר אַ ריר טאָן, האָט זיך אַ שאַרף-זיסער שטראָם איבער איר לייב גע-

טראָגן און ס'האָט זיך געוואָלט יענעם ארומכאַפּן און צום האַרצן צודריקן — — — —

און די אָוונטן זיינען געקומען, איבערפילטע מיט שטילער, נאָגנדיקער בייַנקשאַפט, ווען ס'ווילט זיך ווייַנענדיק צו וועמען צוטוליען, אויף וועמען רחמנות האָבן, בא וועמען בעטן שוץ — —

זי האָט אָבער אַמערסטן פאַרבראַכט די אָוונטן אַליין אָדער מיט די צוויי פריינדינס, מיט וועלכע זי האָט געוואוינט.

צו דאָרען איז אַלע פאַרנאַכט געקומען איר געליבטער. זיי פלעגן פאַרשווינדן, ווי צוויי זומער פייגעלאַך, גלייך נאָכן עסן און שפּעט באַנאַכט, אַמאָל שוין נאָענט צום פרימאָרגן, האָט רייזל געהערט, ווי דאָרע גנבט זיך אין צימער אַריין. זי פלעגט א טיפן זיפץ טאָן און זיך מאַכן אַז זי שלאָפט.

אויף שבת און זונטיק קומט די מאַמע צופאָרן און אַמאָל נאָך א צוויי מיידלאַך פונם שאַפּ. דער צושניידער איז אויך צוויי מאָל געווען. רייזל האָט אים זייער פיין אויפגענומען: צוגעגרייט פאַר אים עסן, אַנטליען א „ביידינג סוט" פון זיינעם וועגן, און די מיידלאַך האָבן אַליץ מיגלאַכעס געטאָן, זי זאָל קענען בלייבן מיט אים אַליין — — —

צווישן זיך האָבן זיי שוין שטיל גענומען בויען פּלענער פאַר רייזלס גליק. ער איז אָבער מער ניט געקומען — — —

דער זומער האָט דערווייל שוין גענומען, זיך איילענד דערוועבן זיינע לעצטע טעג.

ענדלאַך האָט רייזל דערפילט, אַז זי איז ווידער אָפּגענאַרט, אַז דאָס לעבן שטראָמט איבער איר און אַרום איר און עס מיידעט זי אויס . . . דער פאַרשוואונדענער שפּאַטישער שמייכל האָט זיך ווידער אין די ווינקלען פון איר מויל באַזעצט און דער גאַליבער געלעכטער האָט פון איר ברוסט גענומען אַרויסקלינגען — — —

דער אויסגעלאַסענער מאַקס פונם צווייטן הויז, איז געווען דער איינציקער מאַן, וועלכער פלעגט אַמאָל אין אָוונט צוקומען צו איר און זי רופן זיך דורכצוגיין אביסל.

געוויינלאַך האָט זי אים אויסגעמיטן, אָבער א פּאָר מאָל, שוין

גאָר אַ פאַרביטערטע, איז זי מיט אים געגאַנגען. ביז גאַנץ שפּעט זיינען זיי באַם ים געזעסן און מיט אַ געפּיל געמישט פון עקל און שאַרפן פאַרגעניגן, האָט זי געפילט זיינע הענט, בלאָנדזשענדיק אויף איר קערפּער, אויסגעהערט מיט שרעק און נייגעריקייט זיינע שמוציקע רייד און פאַרשלאָגן און זיך ניט געלאָזט קושן. אָבער טיף אין זיך האָט זי אים געבעטן, ער זאָל זי שטאַרקער, וואָס שאַר־קער אַ כאַפּ טאָן, ער זאָל זי אַזוי צוזאַמענדריקן, זי זאָל זיך ניט קענען מער רירן, איר קול זאָל פאַרטויבט ווערן און זאָל ער זי קושן, זאָל ער טאָן מיט איר וואָס ער וויל — — — סיינער דאַרף זי סיי ווי סיי ניט — — — — — —

ווידער אָסיען — — —

עמיץ-ווער אַ גרויער, אַ מעכטיקער האָט מיט אַמאָל צעעפנט די וואַסער-טויערן פונם הימל, און גאַנצע טעג און נעכט האָט אַ דרובנער רעגן געזייערט. דער הימל קאַלט, איינטאָניק, אָן אַ טראָפּן זונענשיין ווי די טעג פון רייזלס לעבן און די וואָלקנס שווער און טונקל, ווי אירע געדאַנקען — — —

די הויכע, קויטיקע הייזער קוקן אוים דורכן רעגן-שלייער אַזוי אומערטרעגלאַך גרוי, אַזוי האָפנונגסלאָז טרויעריק און דערצו נאָך די שטראָמען קאַלטע, שמוציקע וואַסער אונטער די פים.

רייזל אַרבעט ווידער אין אַלטן שאַפּ און גייט און קומט פון דער אַרבעט אויף איינעם און דעמזעלבן וועג. די אָוונטן פאַר־ברייינגט זי, אַמערסטן, אין הויז, אין געשפּרעך מיט דער מוטער אָדער לעזנדיק אַ בוך. אָבער אפילו דאָס שטאַרקסטע בוך רירט זי ניט: זי גלויבט אים ניט. ס'איז בלויז אַ גוט מיטל די לאַנגע אָסיען אָוונט-שטונדן צו פאַרטרייבן.

דאָרא גייט שוין אין צוויי וואָכן אַרום חתונה האָבן — — זי ווערט, דאַכט זיך, וואָס אַמאָל אַלץ אינגער און שענער — — דער צושניידער שמייכלט שוין ניט מער צו רייזלען . . . ער קוקט אַזוי, פונקט ווי ער וואָלט אויף איר ברוגז געווען — — ציִ האָט זי אים עפּעס שלעכטס אין איר לעבן געטאָן? אָבער וואָס גייט

עס זי איצט אָן? איר איז אַלץ איינס — — זי וואַרט שוין אויף גאָרניט, גלויבט ניט מער אין קיינע נסים.

צו ווען, אפשר, אַמאָל איבער נאַכט איר גרוי פּנים ווייס ווערן און די באַקן בלוט-רויט? צו, אפשר, וועלן זיך גאָר אירע אויגן פלוצלונג מיט ברענענדיקער שוואַרצקייט אָנגיסן און די ברייט-פלאַכע נאָז וועט אין אַ „געטאָקטן נעזל" פאַרוואַנדלט ווערן? קען זי, אפשר, ווער שלאַנק און בויגיק מאַכן, ווי דאָרע איז? און ווייטער, צו וואָס? ווער ווייסט וואָס פאַר אַ גליקן עס וואַרטן דאָרטן אויף איר, ווען איר געלינגט שוין יאָ ווען צו קריגן, מיט וועמען דעם קאָפּ זיך צו פאַרדרייען? אַלץ איז נאַרישקייטן! אַ לעבן מאַכט זי און איר איז גאַנץ גוט מיט דער אַלטער, גוטער מאַמען אין די צוויי קליינע צימערלאַך — — —

אָבער טיף אין איר האָט זי ווי אימיצער זיפצנדיק דערמאָנט:

„אַ שאָד, רייזל . . . דיינע האָר ווערן אַלץ שיטערער און די זילבער־פעדים אַלץ ברייטער און ווייסער . . . ווי מאַט דיינע אויגן קוקן און די שאָטן-קנייטשען אַרום זיי ווערן אַלץ געדיכטער און טיפער" — — — —

ווידער ווינטער — — —

דער פראָסט ברענט די פאַרבייגייערס טריט און דער ווינט גלייכט צוריק בייז און שנעל אויס דעם וועג: דער שניי האָט ליב צו ליגן גלייך און רונד. די העל באַלויכטענע גאַסן דרייען זיך אין אַ ווילדן, ווייסן טאַנץ און שוואַרצע מענטשן-שאָטנס פלעכטן געשווינט די געדיכטע אומפאַרשטענדלאַכע נעצן פון זייערע וועגן.

רייזלס לעבן גייט ווי פריער. דורך דער טונקלקייט פון די פרימאָרגנס יאָגט זי זיך אין שאָפּ אַריין, דרייט זיך אַ גאַנצן טאָג ווי אַ טייל פון איר מאַשין און אין דער טונקלקייט פון די אָוונט-שאָטנס גייט זי לאַנגזאַם, אַ מידע, אַהיים.

אַמאָל שטעלט זי זיך אָפּ פאַר אַ רייך אויסגעצירטן פענסטער מיט זילבער-געשיר און צירונג, קוקט זיך זשעדנע איין אין פיל פאַרביקן שפּיל פון די קאָסטבאַרע שטיינער, פאַרגעסט זיך, אירע אויגן פינקלען אויף, אַ שמייכל באַרירט אירע ליפּן און אין דער

פֿאַרשטעלונג נעמט זי שוין מעסטן אויף זיך אַט דיזע וואונדער־שיינע זאַכן. באַלד אָבער קומט זי צו זיך, קוקט זיך דערשראָקן ארום, רייסט זיך האסטיק אָפּ פונם פלאַץ און איילט אהיים, שוין זיך ניט אומקוקנדיק אויף קיין זאך.

און אזוי טאָג איין, טאָג אויס, וואָך איין, וואָך אויס. — — — אָוונט — — — — —

רייזל זיצט מיט א בוך אין האנט פארן ברענענדיקן אויוון. די מוטער וואשט דאָס געשיר און רעדט ווי געוויינלאך אביסל צו זיך זעלבסט און אביסל צו רייזלען. אין ווינקל אויף עטלאָכע אויסגעשפּרייטע שמאַטעס ליגט די קאַץ ברייט צולייגט און ארום איר פויזן פינף קליינינקע, שווארץ־ווייסע, נאָך בלינדע קעצעלאך.

זיי זויגן זשעדנע, פארלירן אַלע ווײַלע דער מוטערס בריסט, שטופּן, פּיסטשענדיק, די קעפּלאך אין פאַרשיידענע זייטן און וואַקלען זיך אזוי הילפלאָז אויף די שוואַכע פיסלאך. און איבער זיי וואַכט די מוטער, לעקט זיי אָן אויפהער, שטופּט זיי מיטן קאָפּ נעענטער צו זיך, צענעמט ברייטער די פיס און מורמלט אזוי צעפרידן, לאַס־טשענד, מוטערלאך.

רייזל קוקט אויף דער קאַץ און טראַכט:

זי דערמאָנט זיך אָן דעם אויסגעלאַסענעם מאַקסן, ווי ער האָט איר איינמאָל אין א באַנאַכט גאַנץ אָפֿן פאַרגעלייגט אים זיך אָפּ־צוגעבן. אויף איר פראָטעסט האָט ער ציניש געענטפערט:

— נארעלע, וואָס האָסטו אָנצעווערן? פאר וועמען באַהאַלסטו זיך, ווען קיינער וויל דיך ניט? פארוואָס זאָלסטו אויך ניט, פונקט ווי אַלע מענטשן, האָבן פונם לעבן אביסעלע פאַרגעניגן? — און ער האָט געשמייכלט, אַלע ווײַלע אויפהייבנדיק דעם רעכטן אקסל.

רייזל קוקט אין פייער אריין, פילט, ווי עפּעס צינדט זיך אין איר אָן און טראַכט:

„ווער ווייסט, אפשר, איז אַט יענער שמוציקער בחור טאַקע גערעכט געווען? . . . ווער וויל זי? . . . ווער דאַרף זי? . . . וואָס פאר א גליק האָט זי שוין אין איר לעבן געהאַט? . . .

זי פירט איבער דעם בליק אויף דער קאַץ.

„אַט איז אויך אַ לעבעדיק באַשעפעניש — אַ קאַץ — — — — געקומען דער פרילינג, די שטימע פון דער נאַטור, פונם לעבן האָט זי אַ רוף געטאָן און — — אַט ליגט זי אַ גליקלאַכע, אַ צופרידענע, אַ באַפרידיקטע. נו, און זי, דער מענטש רייזל? האָט זי דען ווייניקער רעכט אויף גליק, ווי אַט די קאַץ, וועלכע זי האָט אין גאַס אויפגעהויבן? ווערט זי דען ניט אַלע זומער ווי וואַנזיניק, זיך רייסנדיק צום רוף פון דער נאַטור, פון דער בריענדיקער זון? — — האָט זי קיין רעכט ניט אירם אַ קלייניקעם קינד צום הארצן צודריקן, איר ווייטאָק שטילן, מיט דעם איר לעבן אָנצעפילן? — — ווער זשע האָט אזוי גרויזאַם און שרעקלאַך פארשקלאַפט און פאַרפלאָנטערט דעם אָרימען מענטשן? צו וואָס? ווי לאַנג און וויפיל מאָל לעבט מען דען? — — אָט איז נאַר וואָס, דאַכט זיך, פרילינג געווען, ווי אַ חלום האָט זיך דער זומער דורכגעטראָגן, נאָך אים דער נאַסער, כמורנער הערבסט, און אָט גליווערט און טויט שוין ווידער דער ווינטער — — און קיין טראָפּן גליק, קיין וואַנזיניק העלע דערהאַינערונג — און אויפן קאָפּ וואַקסן אזוי שנעל, אָן רחמנות, די זילבער-ווייסע פעדים, דאָס פּנים וועלקט אַלץ מער, די אויגן לעשן זיך אוס און די קנייטשעלעך — — די קנייטשען שניידן זיך איין אַלץ טיפער . . . טיפער — — — —"

רייזלס ליפּן פאַנגען אָן ציטערן, טרערן לויפן איבער אירע באַקן און דער קאָפּ פאַלט אַלץ נידריקער.

און באַ דער זייט קלינגט די מוטער מיטן געשיר און רעדט עפּעס צו זיך זעלבסט . . . די קאַץ אין ווינקל מורמלט שטיל און צופרידן און פון דרויסן רייסט דער ווינט די פענסטער און לאַכט בייז און שפּאָטיש פונם צוזאָגנדיקן פרילינג, פונם גאָרניט געבנדיקן זומער און פון די נאַרישע מענטשן, וועלכע לאָזן זיך אזוי לייכט פארפירן — — — — — — — — —

יולי, 1921.

# די איינציקע אומפּאַרגעסענע

בין השמשות. אין צימער טונקלט. שטיל, לאַנגזאַם רוקן זיך די שאָטנס צום פענסטער, קוקן אומרואיק אַריין, טרעטן אָפּ, שוועבן ווידער צו, און ווען זיי איבערצייגן זיך, אַז אין צימער איז קיין איינציקער זונען-שטראַל ניט פאַרבליבן, קריכן זיי אומבאַמערקט אַריין און פאַרכאַפּן אַלע ווינקלען.

דעמערונג. די שאָטנס האָבן מורא, זייער מורא פאַר דער זון נאָך פון יענעם מאָמענט, ווען דער בורא עולם האָט מיט זיין ערשטן, מעכטיקן שוואונג אָפּגעטיילט ליכט פון פינסטערניש, אויסרופנדיק: יהי אור!

ניט לייכט איז דעם טאָג אָנגעקומען זיין הערשאַפט. ניט איין מיליאָן פון זיינע ליכטיק-גאָלדענע קינדער זיינען געפאַלן אונטער די שווערדן פון די נאַכט-שאָטנס, ניט איינער פון זיינע זילבערנע פּאַלאַצן זיינען צעפלאַסן געוואָרן אונטער דרוק פון די שוואַרצע גייסטער, אָבער זיי האָבן געמוזט אויפגעבן דעם קאַמף, דער זונס מאַכט אַנערקענען, און אַ העלפט פון זייער קיניגרייך — אַ האַלבע וועלט — איר אָפּטרעטן.

און פון דאַן אָן, ווען דער טאָג הערשט, ליגן די נאַכט-גייסטער צוזאַמענגעדריקט אין היילן, געדיכטע וועלדער און טיפע טאָלן, ליגן און וואַרטן. און ווען זיי באַמערקן, אַז די זון האַלט באַם אונטערגיין, דערפילן אַז אירע שטראַלן ווערן לייגער און שוואַכער, קריכן זיי לאַנגזאַם אַרויס פון די באַהאַלטענישן, פילן אָן מיט זייערע שוואַרצע, דורכזיכטיקע קערפּערס די לופט און מחנות-ווייס, מיט אַ ניט הערבאַר-קלינגענדיקן געלעכטער, רוקן זיי זיך נאָך דער פאַרגייענדיקער זון.

און די לופט דרימלט איין אונטער די טויזנט־אַרטיקע קלאַנ־
גען אין די שטיינערנע אָרעמס פון דער גרויסער שטאָט — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

סאַמויל טשאַרנין האָט אפילו אין אַ גוטער שטימונג זייער ליב געהאַט די בין השמשות־צייט. ער פלעגט אָפט זיצן פאַרטראַכט באַם פענסטער און נאָכפאָלגן, ווי דער טאָג גייט לאַנגזאַם אויס, ווי די שאָטנס שפּאַרן זיך פון אַלע זייטן, און ווי דער ווייס־גרויער רויך פון זיין סיגאַרעט קרייזלט זיך אין דער טונקעלער לופט.

ווען ער האָט אָבער געפילט אַמאָל שלעכט, איז ער זעלטן־ווען געלאָפן צו אימיצן זוכן הילף אָדער צעשטרייאונג; אַמערסטן פלעגט ער זיך פאַרמאַכן אויף אַ טאָג, צוויי באַ זיך אין צימער. וואו אַ טונקל־פיאָלעטענער, אַראָפּגעלאָזטער פאָרהאַנג איבערן פענסטער, האָט אַלץ איינגעטונקען אין דעמערונג־ליכט. שטונדן לאַנג האָט ער זיך אין בעט געוואַלגערט אָדער איבערן שטוב אַרומגע־שפּאַנט און אַלץ ווענן עפּעס געטראַכט, ניט אַרויסלאָזנדיק דעם סיגאַרעט פון מויל.

האָט עפּעס שרעקלאַכעס געדאַרפט פּאַסירן, כדי אים אין אַזאַ מרה־שחורה אַריינצעוואַרפן ? ניין . . . טשאַרנין האָט שוין צופיל אין זיין לעבן דורכגעמאַכט, אַז אַן אויסערלאַכע סיבה זאָל צו שטאַרק אויף אים קענען ווירקן.

די אורזאַכע פון זיינע פאַרצווייפלונגס־משוגעתן, וועלכע פלעגן זיך פּעריאָדיש ווידערהאָלן, איז טיף אין אים זעלבסט געלעגן. און דאָס איז געווען די גרויסע אומצופרידנהייט מיט אַלץ אַרום, מיטן גאַנצן טראַגי־קאָמישן לעבנס־שפּיל, מיט דער געטליכער צוועק־לאָזיקייט און נישטיקייט פון דער מענטשלאַכער עקזיסטענץ.

ער האָט בשום אופן ניט געקענט באַגרייפן און רעכט־הייסן זיין אייגענע און די עקזיסטענץ פון אַלץ אַרום אים.

„צו וואָס ? . . . וואָס איז אין גאַנצן דער מענטש ? וועלט מיסט די ערד פעט צו מאַכן ? האָט ער דען אַ גרעסערע ווערט ווי אַ גרעזל אין פעלד, וואָס יעדער איינער קען מיטן פוס צע־טרעטן, אָדער מער באַדייטונג, ווי אַ טראָפּן אין ים ? וואָס־זשע

איז פּאַרט דער הויפּט-געדאַנק פון דער וועלט באַשאַפונג ? פּון גרעזעלאַך זאָלן זיך הויבע בוימער אַנטוויקלען און פון ים-ווערים — מענטשן ? וואָס איז די חכמה, אויב אַלץ איז ניט מער, ווי א טויטער, מעכאַנישער פּראָצעס ? . . . פון גאָרניט איז דער מענטש געקומען און צו גאָרניט וועט ער צוריקגיין . . . וועלט-שטויב וואָס וועט אייביק עקזיסטירן, אַלע מאָל בייטנדיק די פאָרם. א גליק פאַר אים: די כעמישע שטאָפן פון זיין קערפּער וועלן קיינמאָל ניט פאַרניכטעט ווערן . . . אָבער ער, זיין פּערזענלאַכקייט, זיינע געדאַנקען, פרייד און ליידן — וואו וועט דאָס אַלץ אהינקומען ? אפשר אויף ספּיריטואַליסטישע פליגלען, זיך ארומטראָגן אין דער לופטן ? . . . די ווערט פון יעדער זאַך, אפילו פונם גאַנצן ערד-קוגל, מעסט זיך דאַך נאָך אַלעמען מיט דער עקזיסטענץ פון דער לעבעדיקער באַשעפעניש, וועלכע נעמט עס אויף. שטאַרבט זי אָבער אָפּ, גייט אויך אונטער מיט איר צוזאַמען די גאַנצע וועלט. וואָלט דען שוין ניט פיל גלייכער געווען, ווען גאָט זאָל אין די הימלען הערשן און שקלאַפן זאָלן אויף דער ערד זיך וואַלגערן אים אייביקע מחילה בעטנדיק, און האָפנדיק אויף א זיכערן פּלאַץ אין גן־עדן ? און אויב אַלץ איז פאַר אים גאָרניט, טו וואָס־זשע פאַר א טייפל נעמט ער אַנטייל אין דער אידיאָטישער קאָמעדיע ?"

און ער האָט געפילט ווי דעם קאָפּ אָן דער וואַנט זיך צעשמעטערן

דער אינסטינקט פון לעבן איז אָבער זייער שטאַרק אין זיין געזונטן קערפּער געווען פאַרמויערט, און נאָך עטלאַכע טעג מרה-שחורה, פלעגט ער ווידער זיך אריינוואַרפן אין לעבנס שטראָם, און א שטיק צייט פון גאָרניט וועלן טראַכטן

ווי א שלאַנג, איבערגעהאַקטע מיט א שאַרפער האַק אויף צווייען, האָט זיך זיין נשמה א צעריסענע געפּלאָנטערט. פון איין זייט א געזונטער, שיינער קערפּער, א גוט־האַרץ, א נאַטירלאַכע נייגונג צו אַלץ שיינעס, נאָבעלעס, און פון דער צווייטער זייט א שאַרפער מח, וואָס גרייכט אזוי טיף, אַנאַליזירט אזוי קאַלט, באַלייכט אַלץ אזוי העל

„ציניקער", האָבן אים אייניקע באַקאַנטע גערופן, ווייל, ער האָט אין גאָרניט, לחלוטין גאָרניט געגלייבט.

מענטשן ? — צוויי פיסיקע חיות, ניט קיין פּראָדוקט פון באַוואוסטזייניקער שאַפונג נאָר אַ מעכאַנישער פּראָדוקט פון אימי-צענס ליידנשאַפט, מיט סיי גוטע, סיי שלעכטע אינסטינקטן פון זייערע באַשעפער.

אידעאַלען?—דאָס זיינען ווײ-געשרייען פונם מענטשנס שווערן לעבן; טרוימען פון רייכע גייסטער צו פאַרפילן דעם אָפּגרונט פון צוועקלאָזיקייט פון דער מענטשלאַכער עקזיסטענץ, צו געבן דער אינהאַלטסלאָזיקייט אַ אינהאַלט

ער האָט אויך אַמאָל פאַר דער באַוועגונג געאַרבעט, ניט איינ-מאָל זיין לעבן אין קאָן געשטעלט און וואָלט עס נאָך אַצינד מיט דעמזעלביקן פייער געטאָן, אָבער דער גרונט פון דעם וואָלט ניט געווען קיין אידעאַליסטישער, נאָר גיכער אַ פּערזענלאַכער: אַ געבוירענע קאָמפּליקסטיקייט, אַ וואונטש דעם שיקזאַל אַנטקעגן צו גיין און אים אין זיין פאַרדעקטן פּנים אריינקוקן.

גאָט ? — אַ שיינע, אויסגעטראַכטע מעשה פאַר קינדער, פרויען און דעם המון. אַן אַלט-פאַרטייטיגונגס-מיטל באַ די וועלט-הערשער פאַר זייער טיראַנען-מאַכט, אַ שפּילצייג באַ די קלוגע, גייסטלאַכע, און אַ קאַנטשיק פאַר די ניט-געהאָרכזאַמע

ליבע ? — די שטאַרקסטע נאַטור-קראַפט, דער העכסטער צוועק פון וועלכער איז די פאַרמערונג פון דער מענטשהייט. אַ וואונדער-לאַכער אינסטינקט, די מענטשן-סטאַדע זאָל, חלילה, ניט אויפהערן צו עקזיסטירן. עס איז יענע קראַפט, וואָס ציט אומבאַוואוסטזיניג איין וואָרים צום צווייטן און דרייט זיי אין איין קנויל צענויף, צווינגט דעם ווינט און די בין איבערצוטראָגן זוימען-שטויב פון איין בלום אויף דער צווייטער און זיי באַפרוכפּערן, פאַרבט אין העלע פאַרבן די פעדערן באַ פילע פייגלען אין צייט פון ליבע, און טרייבט אַפילו די קאַלטע „זי" פונם פיש די איקרע אויף איינזאַמע ברעגן צו וואַרפן און דעם „ער" זי צו באַפרוכפּערן . . . קיין חילוק צווישן מענטש, בלימל, וואַסער-וואָרים. די נאַטור איז פאַר אַלע-

מען גלייך. און אַפילו ליבעס־סערענאַדן זינגט אויך ניט בלויז דער מענטש, נאָר אויך פייגלען און חיות . . . קעץ, למשל . . . דאָס איינציקע, אין וואָס דער „הערשער" פון דער וועלט — דער מענטש, איז ווירקלאַך אָריגינאַל, איז אין פאַרשקלאַפונג פון דער ליבע אין פאַרשעמען זי.

דאָך, ניט קוקנדיק אויף דעם אַלץ, האָט סאַמויל'ס האַרץ שטאַרק נאָך ליבע געבענקט. דאָס לעבן איז דאָך אַזוי נאַריש און די שענסטע דומהייט איז פּאַרט די ליבע. און זיין אינטערעסאַנטער אויסזען האָט אים אין דעם געהאָלפן: ער האָט געהאַט ערפאָלג בא פרויען, און מיט זייער הילף פון זיך אָפּט די פאַרצווייפלונג גע־טריבן.

טויטע מעכאַניקע — פלעגט ער אַמאָל טראַכטן נאָך משוגענע ליבעס־נעכט, און זייגע ליפּן, נאָך פון קושן לייכט־געשוואָלענע, האָבן זיך געקרימט דערביי האַלב־צעפרידן, האַלב־שפּאָטיש.

עס איז אָבער פּאַרט אַמאָל אַ פרוי געווען, פאַר וועלכער ער וואָלט זיך נאָך איצט אויף די קני אַראָפּגעלאָזט און צוגעדריקט זיין קאָפּ צו אירע פיס. די פרוי איז זיין מוטער געווען. זי איז גע־שטאָרבן מיט פיל יאָרן צוריק. ער האָט אפילו ניט איר בילד, דאָך נעדיינקט ער זי גוט און טראַכט אָפט פון איר.

פאַרוואָס? ער ווייסט אַליין ניט. אפשר דערפאַר, ווייל זיין קינדהייט איז דאָס איינציק העלע, אַבסאָליוטע אין זיין גאַנצן לעבן געווען . . . ריינער האָניק אָן אַ טראָפּן גיפט, בלומען־דופט, אָן אַ מינדעסטן ריח פון פאַדלע, הילכיקער געלעכטער אָן אַ ווײ פון צווייפל, ליבע אָן אַ שפור פון איבערדריסיקייט און עקל? און דאָס אַלץ האָט ווי אַרויסגעוואַקסן פון זיין ליבער, גוטער מאַמעס קני, אויף איר ברוסט האָבן זיינע צאַרטסטע חלומות געבליט און אין איר שטימע האָט זיין קינדהייט און יוגנט זייער שיינענדיקן אָפּ־קלאַנג געקריגן — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

בין השמשות. אין צימער טונקלט. סאַמויל רוקט זיך טיפער אין וויג־שטול, לאָזט אַרויס פון מויל אַ געדיכטן שטראָם

רויך, קוקט זיך איין אין די גרוי-בלויע רעדלאך און פארטראכט זיך.

היינט איז זיין מוטערס אָוונט. אויפן טיש ליגט א בריוו, וועלכן ער האָט איגדערפרי דערהאַלטן פון דער היים, פון זיין שוועס־טער. זי שרייבט אים פון פיל זאכן, וועלכע דארפן, נאָך איר מיינונג, אים אינטערעסירן, און מיט פאָלגענדע ווערטער ענדיקט זי דעם בריוו: „נו, ליבער ברודער, פארבלייב געזונט און גליקלאָך, שרייב אָפטע בריוו און זע, למען השם, פארגעס ניט, אז דעם צוועלפטן טאָג אין שבט האָסטו יאָרצייט נאָך דיין מוטער. גיב ליכט אין שול און זאָג קדיש . . . זי האָט עס פארדינט בא דיר . . . פון מיר דיין טרייע שוועסטער.“

היינט איז דער צוועלפטער טאָג אין שבט — זיין מוטערס יאָרצייט. ער וועט איר אָפּגעבן דעם גאַנצן אָווגט.

זיין מוטער . . . זי איז געווען א שלאַנקע פרוי מיט א ליינגלאכן, טונקעלן פּנים, שווארצע, לאנגע האָר און גרויסע קארשן־אויגן. זי פלעגט זייער אָפט לאכן. ער געדיינקט גוט איר מילדן שמייכל, ער קען זיך אָבער בשום אופן, ניט דערמאָנען דעם קלאנג פון איר שטימע. ער האָט פארגעסן איר קול.

היינט איז דער צוועלפטער טאָג אין שבט . . . זי איז גע־שטאָרבן אין האָספּטאַל אָוונט-צייט. ניין יאָר איז ער דאן אַלט געווען. ער געדיינקט יעדע קלייניקייט . . . פארנאכט איז מען זיי געקומען רופן פונם האָספּיטאַל. אין הויז איז געוואָרן א גערודער. יעדער איינער האָט מורא געהאַט דעם צווייטן אין די אויגן צו קוקן. אין דרויסן איז געלעגן א טיפער שניי און דער פראָסט האָט מיט א צארטן געוועב פארשפּינט די שויבן. דער שניי האָט געסקריפּעט אונטערן שליטן, וועלכער האָט זיי אביסל שפּעטער צום האָספּיטאַל געפירט, און אים האָט זיך געדאַכט, אז דאָס קרעכצט און וויינט זיין מאַמע. ער האָט אין שרעק זיך געטוליעט צו דער שוועסטער.

די מוטער האָט שוין געוואַרט אויף זיי, ניט אראָפּנעמענדיק איר בליק פון טיר. ער איז צוגעלאָפן צום בעט, זי ארומגעכאַפּט,

און עס האָט זיך אים געוואָלט איר פריילאך דערציילן, ווי שטאַרק מען האָט אים איבערגעשראָקן, ווי טרויעריק דער שניי האָט אונ־טער זייער שליטן געקרעכצט.

מיט זשעדנע, ביינקנדיקע אויגן האָט זי זיך לאַנג איינגעקוקט אין זיין פּנים, דערנאָך צוגעדריקט זיין קאָפּ צו איר ברוסט, און מיט ציטערנדיקע ליפּן, זיך וואַרגנדיק מיט די טרערן, שטיל גע־זאָגט:

„מיין קינד . . . מיין איינציקער . . . מיין יתום . . .“

און נאָך אַ קורצער ווײַלע, עטוואָס רואיקער צוגעגעבן: „הערסט, שמיליקל, זאָלסט קיינמאָל ניט פאַרגעסן נאָך מיר קדיש צו זאָגן, געדיינק עס . . . איך בעט דיך . . .“ און ער האָט געפילט אירע טרערן אויף זיין פּנים.

מען האָט אים אָוועקגעפירט, און באַרואיקט, אַז בלויז אויף עטלאַכע מינוטן, — אָבער מער האָט ער זי שוין קיינמאָל ניט געזען. ער געדיינקט גוט דאָס קאַלטע, שמוציקע טויטנשטיבל, אימיצנס אַ לאַנגען, שוואַרצן, באַוועגלאָזן קערפּער אויף דער ערד, ליכט צוקאָפּנס, געוואַלדן און געשרייען.

מען האָט אים אַריינגעפירט אַהין, זיך געהייסן זעצן אויף דער ערד און זיך געזעגענען מיט דער מאַמען. אים האָט זיך עס אָבער ניט געגלויבט; ער האָט זיך בשום אופן ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז אָט דער שוואַרצער, שרעקנדיקער קערפּער זאָל זיין זיין פריילאַכע מוטער טשאַרנאַ . . . און אַביסל שפּעטער, ווען לעבן אים איז קיינער ניט געווען, האָט ער זיך צוגעבויגן צום קאָפּ פונם ליגנדיקן מענטשן און שטיל געפרעגט: „מאַמע, מאַמעניו, דו ביסט עס ? ! . . .“ ער האָט זיך צוגעהערט אַ ווײַלע, און זיך ניט דערוואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, נאָך אַמאָל געבעטן: „שווייג ניט, איך בעט דיך, דאָס בין איך, דיין שמיליקל . . . כ׳האָב אַזוי מורא, מאַמעניו . . .“ ער האָט זיך צעוויינט.

נו, און ווייטער ? . . . ער געדיינקט דעם לאַנגען וועג צום בית־עולם. אַ סך מענטשן און די שרעקלאַכע מיטה, וועלכע האָט זיך וואַקלענדיק באַוועגט איבער די שוואַרצע קעפּ. אַלע האָבן געקוקט

אויף אים מיט רחמנות און געווישט די אויגן. אים איז קאלט געווען, ער האט פאר עפעס מורא געהאט, אפילו געוויינט א פאר מאל, אבער טיף אין זיך האט ער זיי אלעמען ניט געגלויבט. ער האט דאך ערשט נעכטן אליין גערעדט מיט איר, אליין זי געקושט און ער האט זיך ניט געקענט פארשטעלן, אז ער וועט שוין קיינמאל זיין מוטער ניט זען, ניט הערן מער איר קול, זיך מער ניט צודריקן צו איר ברוסט, און ווען אפילו זיין לעבן זאל ווערן צעטראטן און דאס הארץ אין שטיקער צעריסן פון טרערן און בייגקן, וועט זיין מאמעס האנט שוין ניט איבערגיין מער איבער זיינע שווארצע האר, און זי וועט שוין מער ניט זאגן: „וויין ניט, מיין קינד, וויין ניט, מיין איינציקער".

ניין, עס קען ניט זיין, ניט זיין מאמע איז דארטן אין דער שווארצער מיטה. די מאמע איז שוין לאנג אינדערהיים אוןווארט אויף אים אומרוהיק. זי האט ניט ליב ווען ער פארשפעטיקט זיך פארנאכט אין גאס.

עס האט אנגעפאנגען שנייען. דער קבר איז געווען טיף און שרעקנד. אימיצנס אין ווייסן איינגעוויקלטן קערפער האט מען אראפגעלאזט און באדעקט מיט ווייסע ברעטלאך. מען האט עפעס געזונגען, ס'האט ווער היסטעריש געכליפעט, און מיט טרוקענע קלאנגען האבן גענומען פאלן אויף די ווייסע ברעטלאך פארפרוי-רענע שטיקער ערד. ער האט נאכגעזאגט קדיש, מיט שרעק זיך צוגעקוקט, ווי אן אלטער איד מיט א פארוואקסענעם פנים האט אים איינגעשניטן זיין נייע בלוזע, און דאס הארץ האט זיך שמערצ-האפט צוזאמענגעדריקט.

און דער שניי איז רואיק געפאלן און געפאלן.

און ערשט דאן, ווען ער איז שנעל אריין אין הויז און האסטיק דורכגעלאנגען אלע צימערן, אריינגעקוקט אין אלע בעטן און זיך איבערצייגט, אז די מאמע איז ניטא, האט ער זיך דערמאנט אן דעם ווייטן איינזאמען קבר, וועלכער איז שוין געווים מיט שניי באדעקט, די טומפע קלאנגען פון די פאלנדיקע שטיקער ערד אויף די ווייסע ברעטלאך, האבן אפגעקלונגען אין זיין זכרון און מיט א

געוויין: „מאַמע, מאַמעניו!“ האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער טיר, און געוואָלט לויפן צו איר וויטן, פאַרשאָטענעם קבר.

אַ יאָר איז פאַריבער. ווען ער איז אין אלול געקומען מיט זיין שוועסטער אויפן בית־עולם, איז שוין איבער זיין מוטערס קבר געשטאַנען אַ מצבה פון פיר ווייסע, גרויסע שטיינער, און אַרום האָט געגרינט הויכע גראָז, און פעלד־בלומען האָבן מונטער גע־שאָקלט מיט די קעפלאַך. מיט אַ ביטער געוויין האָט זיך די שוועס־טער אַראָפּגעלאָזט פון איין זייט קבר, ער האָט זיך אוועקגעזעצט בײַ דער צווייטער, ווי מיט אַ יאָר צוריק אין טויטן־שטיבל, און מיט טרערן האָט ער שטיל, אַזוי שטיל אַז אפילו די שוועסטער האָט גאָר־ניט געהערט, דערציילט דער מוטער פון זיין ליבע און בייַנקשאַפט נאָך איר

ווען ער איז עלטער געוואָרן, פלעגט ער קומען צו איר קבר אין די שווערע, בייַנקנדיקע מינוטן, זיך אוועקזעצן צוקאָפּנס, צושפּאַרן דעם שטערן צום קילן שטיין און לאַנג אַזוי זיצן, צוהערנדיק זיך צו זיינע געדאַנקען און צו די טענער פונם פאַרגייענדיקן טאָג. אַ ווינטל האָט זיין פּנים געגלעט, צאַרט די האָר געפּלאָנטערט און ביס־לאַכווייז אויסגעזויגן די שווערקייט פון זיין ברוסט.

נאָך אַ קנויל צוזאַמענגעפּלאָנטערטע יאָרן זיינען פאַרשוואונדן. ער איז אַוועק פון זיין געבורטס־שטאָט, און זייענדיק שוין גאָר ווייט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט זיך אפילו ניט געזעגנט מיט זיין מאַמעס קבר. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס'איז שוין כמעט פינסטער. די שאָטנס האָבן שוין לאַנג פאַר־פלייצט דעם גאַנצן צימער, יאָגן זיך נאָך בלייכע ליכט־שטראַלן, וואָס שיינען שוואַך פון ערגעץ־וואו אַריין, און פירן זייער ענדלאָזן, אומפאַרשטענדלאַכן טאַנץ

סאַמויל זיצט באַוועגלאָז, האָט זיך איינגאַנצן ווי מיטן וויג־שטול צוזאַמענגעגאָסן און באַמערקט ניט, ווי טרערן פאַלן אָן זיינע אויגן, קייקלען זיך לאַנגזאַם אַרונטער, און בלויז די שאָטנס האָבן דערהערט זיין שטילן רוף: „מוטער, מוטער טייערע . . .“

ערגעץ ווייט האָט זיך אָפּגערופן אַ קירכן־גלאָק און פון אַלע זייטן האָבן אים גלייך געענטפערט אַנדערע גלעקער מיט זייערע מעלאָדישע שטימען.

ער האָט אַ ציטער געטאָן, זיך שנעל אויפגעהויבן, געשטאַנען אַ ווײַלע באַוועגלאָז, אַ פּאָר מאָל אַראָפּגעשלונגען די טרערן און שטיל אָנגעהויבן: „יתגדל ויתקדש שמיה רבא . . .“

און די שאָטנס האָבן שנעל איבערגעריסן זייער טאַנץ, זיינען זיך צעלאָפן אין די ווינקלען און פון עפּעס אומרואיקעס געשעפּ־משעט זיך צוהערנדיק צו זיין שטילן קרעכץ: מאַמע, טייערע, מוטער, מיין איינציקע“.

אָקטאָבער, 1917.

# אידע עלטערנס פאַרברעכן

א גוטער פריינט האָט מיר איינמאָל אין א הייסן זומער פאַר-נאַכט פאַרגעלייגט ארויפצוגיין מיט אים צו זיינער א באַקאַנטער פאַמיליע, וועלכע שעצט זייער מיינע ערציילונגען און טרוימט מיט מיר פערזענלאַך זיך צו באַקענען.

ער האָט דערביי מיך געוואָרנט: — נאָר גאָט זאָל אייך אָפּ-היטן אפילו א טראַכט צו טאָן, אז איר קאָנט דאָרטן האָבן א גוד-טיים, אין דעם זין ווי מיר פאַרשטייען עס געוויינלאַך. אמת, עס זיינען דאָרטן פאַראַן פינף מיידלאַך, אָבער זייער געזעלשאַפט וועט אייך זיכער זייער ווייניק פאַרגעניגן פאַרשאַפן, ווייל, סיי זיי, סיי זייערע עלטערן זיינען גרויסע מיאוסקייטן. אָבער א חוץ זייערע פנימער, זיינען זיי זייער לייטישע, אינטעליגענטע מענטשן, מיט וועלכע ס'לוינט זיך צו באַקאָנען.

כ'האָב געטראַכט א ווייַלע, און אזוי ווי קיין באַשטימטן פּלאַץ וואו דעם אָוונט צו פאַרברייַנגען האָב איך ניט געהאַט און אין קאָפּ איז אין דער מינוט גאָר ניט איינגעפאַלן, האָב איך קורץ געענטפערט:

— אָל-רייט, קומט צו אייער ניט-שיינער, נאָר אינטעליגענטער פאַמיליע, אָבער געדיינקט, אז ניין אזייגער דאַרפן מיר שוין זיין אין גאַס.

מיר האָבן דורכגעשניטן די רווישיק-שמוציקע ערשטע עוועניו און זיך פאַרנומען אין דער שטילער אכטצנטער גאַס. לעבן א גאַנץ שיינעם, מאָדערנעם הויז, ניט ווייט פון דער צווייטער עוועניו איז מיין פריינד שטיין געבליבן, ארויף אויף די טרעפּ, אָנגעקלונגען,

און באַלד זיינען מיר שוין געזעסן אין אַ געשמאַק מעבלירטן „פּאַרלאָר“ און אַרום אונדז איז געשטאַנען די גאַנצע פאַמיליע.

מיין נאָמען האָט ארויסגערופן אַן אויפריכטיקע פרייד: דער פאָטער האָט מיר ווידער אַמאָל די האַנט געדריקט, די מוטער האָט ליבלאַך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, און די קלענערע דריי מיידלאַך זיינען אַוועק אין אַ צווייטן צימער און באַלד אַריינגעבראַכט אַ פּאַק אַלטע ציימונגען מיט פילע פון מיינע ערציילונגען. די עלטערע צוויי מיידלאַך האָבן זיך באַשיידן געהאַלטן אָן אַ זייט.

אָבער זייערע אַלע ליב געזאַנגען, וועלכע באַזיצן געוויינלאַך אַ מאַגנעטישע קראַפט, האָבן דעם מאָל געהאַט אויף מיר זייער אַ קנאַפּע ווירקונג. מיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט האָט צוגעצויגן צו זיך דער אויסערלאַכער אויסזען פון מיינע נייע באַקאַנטע.

דער פאָטער — אַ הויכער, מאָגערער איד מיט אַ לאַנגען, שמאָלן פּנים, עטוואָס אויסגעשטאַרטע אויגן, אַ פלאַכער נאָז און אַ ברייטן מויל, פון וואַנען די אונטערשטע העלפט האָט זיך עטוואָס אַרויסגעגעבן פאָראויס.

„אַן אמת פערדיש פּנים“, האָב איך מיט אַ קאַלטן ווידער געפיל געטראַכט און זיך באַמיט וואָס הײמלאַכער צו אים צו שמייכלען.

די מוטער — פון נידריקן וואוקס, מיט אַ קיילאַכדיק געל פּנים, באַדעקט מיט פּריסטשעס, מיט אַ שפּיציקער נאָז און גרויסע, ווי אויפגעריסענע נאָזעלכער; אירע דינע, בלייכע ליפּן האָבן זיך באַ־יעדן שמייכל פאַרקאַטשעט, אַרויסווייזנדיק כמעט ווייסע יאַסלעס און געל־שוואַרצע ציין. זי האָט געטראָגן גרויסע, ביינערנע ברילן, פון אונטער וועלכע ס'האָבן אַרויסגעקוקט צוויי קליינע, קלוגע, שוואַרצע אויגן.

און די קינדער? — די קינדער זיינען געווען געראָטן אין די עלטערן: ווער אין פאָטער, ווער אין דער מוטער און ווער אין זיי ביידן.

און קוקנדיק אויף די לאַנגע, אויסגעטריקנטע, האַלב פאַרוועלק־טע פּנימער פון די צוויי עלטערע מיידלאַך, אויף זייערע שפּיציקע

נעז, אפגעלאזענע באוועגונגען, מידע אויגן און ניט ריינע געזיכטער, האב איך דערפילט א שרעקלאכן אומעט, א מרה־שחורה ביז וואנזין. און געדאכט האט זיך מיך, אז די איינזאמקייט פון די צוויי מיידלאך פאר זייערע אלע פארגאנגענע יארן און אויך די פארביטערטקייט פון אלע פינף שוועסטער פאר דער געגנווארט און צוקונפט, קלייבט זיך וואלקנווייז ארום מיר און פרעסט מיך צוזאמען.

אנגסטן האבן מיך באשלאגן. ס׳האט זיך געוואלט גלייך פון פלאץ אויפשפרינגען, כאפן דעם הוט און אנטלויפן אן א זיי־געזונט, אזוי שנעל ווי מיינע פיס וועלן מיך נאר קענען פארטראגן. — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

א, איך בין זייער אויפגעלייגט געווען אין יענעם אוונט! אזוי אויפגעלייגט, ווי זעלטן ווען. איך האב געשטיפט, געלאכט, געזונגען, דעקלאמירט, זיך דערמאנט אן די אינטערעסאנטסטע פאסירונגען פון מיין לעבן, געצוואונגען איטלאכן, אפילו די עלטערע צוויי שוועסטער צו לאכן, און אליין געלאכט מער פון אלעמען.

איך בין אזוי ווייט פארגאנגען, אז איך האב דורכגעלעזן מיינע אן אלטע דערציילונג, זיי דערציילט פון נייע זאכן וואס איך האב בדעה צו שרייבן. און דאס איז געוויינלאך א זאך וואס איך טו קיינמאל ניט פאר פרעמדע און זעלטן פאר אייגענע.

און כ׳האב געפילט, אז מיין שפיל געלינגט מיר, אז די ניט גלויביקע, פערדישע פנימער פון די עלטערע מיידלאך גלייכן זיך אויס, ווערן אינגער און זייער סקעפטישער שמייכל ציט זיך לאנגזאם אויס אין א הארציקן געלעכטער. — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

יא, יענער אוונט איז אין מיין לעבן געווען ווייט ניט פון די גרינגסטע. ווען דער זייגער האט ניין געשלאגן, האב איך ניט געוואגט אפילו מיטן בליק מיין פריינט צו דערמאנען וועגן אוועקגיין.

האלב נאך ניין האט מערי, די עלטסטע מיידל, וועלכע האט

געיורשנט דעם פאָטערס געזיכט און דער מוטערס פּריסטשעס, מיר פאַרגעלייגט זיך דורכצוגיין אביסל.

איך האָב איינגעוויליגט, זיך העפליך געזעגנט מיט דער פאַ־מיליע, געדראַנקט, צוגעזאָגט ווידער אין גיכן ארויפצוקומען און מיר זיינען ארונטער אין גאַס. פאַראויס בין איך געגאַנגען מיט מערין און מיין פריינט מיט דער צווייטער שוועסטער פון הינטן.

אין דרויסן האָב איך זשעדנע אריינגעצויגן אין זיך די לופט און א באפרייטער „אך" האָט זיך געגן מיין ווילן ארויסגעריסן בא מיר.

און דאָס האָט צו נישט געמאַכט מיין שווערע ארבייט פונם גאַנצן אָוונט.

— א גאַנצע משא אראָפּ פון הארצן, ניט אמת ? — האָט מערי לייבט שפּאָטיש א פרעג געטאָן, ווארפנדיק אויף מיר א זייטיקן בליק. איך האָב אויך א קוק געטאָן אויף איר פון דער זייט. אונדזערע בליקן האָבן זיך באגעגנט, פאַרהאַלטן זיך אויף א ווייַלע און איר פּנים איז פּלוצלונג פאַרענדערט געוואָרן און די ליפּן האָבן זיך אין אַן איראָנישן שמייכל אויסגעצויגן.

„העָ, זאָל שוין זיין אזוי !"... האָב איך מיד א טראַכט געטאָן און אראָפּנעמענדיק דעם הוט, זיך גענומען מיטן טיכל ווישן דעם שטערן.

מיר זיינען אריין אין א פּארק ניט ווייט, געפונען א ליידיקע באַנק אין א טונקעלן ווינקל און זיך אוועקגעזעצט.

מיין פריינט מיט דער צווייטער שוועסטער האָבן זיך אוועק־געזעצט אנטקעגן אונדז און איך האָב פון ווייטנס געפילט ווי ער פלייסט זיך אויפצוהאַלטן דעם געשפּרעך.

א פּאָר מינוטן האָבן מיר געשוויגן. א געדאַנק איז געקומען אז מען דאַרף עפּעס זאָגן, אז מען מוז זען פאַרגלעטן דעם שלעכטן איינדרוק פונם אויסגעשריי, וואָס האָט זיך בא מיר פריער ארויס־געריסן. די נויטיקע ווערטער זיינען אָבער ניט געקומען און דער צו בין איך נאָך זיכער געוועז, אז מער וועט מיר שוין ניט געלינגען זי פריילאַך צו מאַכן, צו פאַרטרייבן די מרה־שחורה פון איר מיאוסן

פנים. מיר האבןביידע געקוקט פאר זיך און קיין ווארט ניט גערעט.

אינגלאך, אין ווייס-פארשמוצטע העמדלאך, האבן זיך מיט הילכיקע אויסגעשרייען געטראגן אויף רעדלאך איבער די אספאלט־וועגן, זיך שפילנדיק אין „איבעריאגעניש"; יונגע פארלאך, פעסט צוגעדריקטע איינער צום צווייטן, האבן ארומגעשפאצירט, עפעס שעפטשענדיק צווישן זיך און ס׳איז זיי לייכט געווען אפצוטיילן פון פארהייראטע פאר-פאלק, וועלכע זיינען געגאנגען שווייגנדיק, אפגעטיילט, אפט פירנדיק א קינדער־וועגאלע אדער א קינד בא די הענטעלאך צווישן זיך, און געקוקט אין די זייטן.

מערי האט זיך אנטשלאסן אויסגעדרייט מיטן געזיכט צו מיר און פעסט געזאגט:

— איך וואלט אייך געוואלט עפעס פרעגן.

עס איז מיר קאלט געווארן און עס האט זיך געוואלט זי בעטן בעסער שווייגן און קיינע פראגעס ניט שטעלן. איך האב אנגעבויגן דעם קאפ און געענטפערט:

— רעדט, איך הער.

— זאגט מיך, איך בעט אייך — האט זי לאנגזאם אנגעהייבן — וואס פאר א מענטשן האבן, לויט דער לעצטער וויסנשאפט, קיין רעכט ניט צו הייראטן?

— בלויז פארברעכער, גייסטיקע קראנקע און שווינדזיכטיקע.

— פארוואס?

— ווייל זייערע פארברעכערישע אדער קראנקע אינסטינקטן און שוואכקייטן גייען איבער פון די עלטערן צו די קינדער.

— הייסט עס, אז עס איז א פארברעכן צו ברייננגען מענטשן אויף דער וועלט וואס זאלן אומשולדיק מוזן ליידן פאר די זינד אדער פעלערן פון זייערע עלטערן?

— יא, אזוי איז עס.

— נו, און וואס דיינקט איר וועגן מיאוסקייט?!

א קעלט האט מיך ארומגעכאפט און כ׳האב ניט געפונען גלייך וואס צו ענטפערן.

און מיט גאַל וואָס האָט פון יעדן וואָרט געשפּריצט, האָט זי גענומען ריידן:

— אויב מען פאַרבאָט גייסטיג-קראַנקע, שווינדזיכטיגע צו האָבן קינדער אויף דער וועלט און מיט דעם באַפרייען פון אַ מיזעראַבלער, שמערצנדיקער עקזיסטענץ אומשולדיקע מענטשן, טאָ פאַרוואָס נעמט מען ניט אַוועק די רעכט קינדער צו געבוירן באַ מיאוסע עלטערן? צו רעכנט איר, אַז ליידן פון איינזאַמקייט, פון אָפּגעזונדערקייט, פון זעלבסט און אַלגעמיינער פאַראַכטונג איז גרינגער ווי פון שווינדזוכט, אָדער וואַנזין? שיינע שווינדזיכטיקע מענער אָדער פרויען זיינען אָפט גליקלאַך אין זייער קורצן לעבן; וואַנזיניקע זיינען אויך גליקלאַך אויף זייער שטייגער, אָבער מיאוסע, העסלאַכע מיידלאַך, ווי איך, צום ביישפּיל, מיט מיינע פיר שוועסטער — זיינען די אומגליקלאַכסטע פון די אומגליקלאַכע. ווער וויל אונדז קענען? ווער וויל פון אונדז וויסן?... אויף פאַרשיידענע קראַנקע האָט מען רחמנות, מען אינטערעסירט זיך מיט זיי, מען רעדט, מען שרייבט וועגן זיי, מען זוכט מיטלען ווי זיי צו העלפן. נו, און ווער זאָרגט זיך פאַר אונדז מיאוסקייטן? מען מיידט אונדז אויס און מען שפּאָט פון אונדז. מיר לעבן איינזאַם, אָפּגעזונדערט. די פריילאַכע יוגנט, דאָס גליק פון ליבע ווייכט אונדז אויס, מען שליידערט אונדז אַרויס פונם לעבנס קאַראַהאָד און בייזע מיט פאַרביטערטע הערצער ליגן מיר ווי געשלאָגענע הינט באַ די זייטן פון די רווישנדיקע לעבנס-וועגן און קוקן צו מיט האַס און פאַרביטערונג ווי אַנדערע פרייען זיך, לאַכן, זיינען גליקלאַך. אויב די געזעלשאַפט טראַכט און זאָרגט אויפריכטיג וועגן פאַרניכטן די קוואַלן פון מענטשלאַכע ליידן, מוז זי זיך אויך אָן אונדז דערמאָנען: ווייל אונדזער עקזיסטענץ איז שרעקלאַך; ווייל אונדזער איינזאַמקייט און האַס איז אַ געפאַר פאַר אַנדערנס גליק, פונקט ווי רויבער זיינען אַ געפאַר פאַר אַנדערנס אייגנטום... די געזעלשאַפט מוז זאָרגן פאַר אונדזער ניט-עקזיסטענץ! דאָס מיינט זי מוז אָנווענדן אַלע מעגלאַכע מיטלען, אַז אַזעלכע ווי מיר, זאָלן גאָר אויף דער וועלט ניט קומען; זי מוז געזעצלאַך פאַרבאָטן

העסלאַכע מענטשן חתונה צו האָבן, קינדער אויף דער וועלט צו ברענגען! כ'האָב ניט געקענט מיין מוטערס עלטערן, אָבער מיין פֿאָטערס מוטער האָט געהאַט פּונקט אַזאַ פֿערדיש געזיכט ווי ער, מיט וועלכן זיי האָבן אונדז, זייערע קינדער, באַגליקט. אונדזער איינזאַמקייט און די גלייכגילטיקייט וואָס רינגלט אונדז אַרום דאָס גאַנצע לעבן, מאַכט אונדז פֿאַר מענטשן־האַסערנס, פֿאַר געזעלשאַפֿטס־שונאים, און אונדזערע ניט־ערפֿילטע אינסטינקטן פֿאַרוואַנדלען אונדז אָפֿט אין פֿאַרברעכערנס אָדער אין גייסטיג קראַנקע.

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן אויף אַ מינוט און באַלד שאַרף אַ פֿרעג געטאָן:

— בין איך ניט גערעכט?

— יאָ! — האָט זיך באַ מיר אַרויסגעריסן.

זי האָט אַ שטאַרקן ציטער געטאָן, זיך איינגעקוקט אין מיין געזיכט, עפּעס זיך נאָענטער צוגערוקט און מיט אַ לייכטן פֿליסטער ווייטער גערעט:

— מיינע שוועסטער זיינען מיטגלידערינס פֿון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. איינע קלייבט „קאָונטס" און טרוימט נאָך אַ לערערקע צו ווערן, פֿאַר דער געזעלשאַפֿט צו אַרבעטן. זיי האָבן נאָך ניט פֿאַרלאָרן דעם בטחון ווי איך מיט דער צווייטער שוועסטער, אָט יענער, לעבן וועמען אייער פֿריינט, אַנטקעגן אונדז, מאַטערט זיך אַזוי אויפֿריכטיק העפֿלאַך צו זיין. אָבער שוין אויך זיי, די אינגערע שוועסטער, פֿאַנגען ביסלאַך־ווייז אָן צו באַגרייפֿן וואָס אַ העסלאַכער פּנים מיינט. מיר קאָנען זיך אויך ניט באַלייכטערן מיט פֿאַרטיפֿן און איבערגעבן זיך צו וויסנשאַפֿט אָדער קונסט, ווייל מיר זיינען ניט רייך, מוזן זאָרגן פֿאַרן אַלטעגלאַכן לעבן און באַזיצן אויך ניט קיין אויסערגעוויינלאַכע פֿעאיקייטן.

זי האָט זיך פֿאַרקוקט אויף אַ יונג פֿאַרליבט פּאָרל, וועלכע איז געזעסן אַנטקעגן אונדז אויף אַ באַנק אַזוי האַרט צוזאַמענגעדריקט, אַז ס'איז אונמיגלאַך געווען צו טרעפֿן וואו פֿאַנגט זיך אָן זיין קערפּער און וואו ענדיגט זיך אירער.

זי האָט אַ טיפֿן זיפֿץ געטאָן און שטיל פֿאָרטגעזעצט:

— כ'קום אַהיים אָפֿט שפּעט באַנאַכט. און אַ מאָל, ווען איך פֿיל ניט גוט, דריי איך זיך איבער די צימערן, קוק זיך איין אין די מיאוסע פּנימער פֿון מיינע אומגליקלאַכע שוועסטער, ווייס פֿאַראוים זייער צוקונפֿט און ס'ווילט זיך מיר כאַפּן אַ מעסער, זיי די העלדזער איבערשניידן און נאָכדעם אויך אַ סוף מאַכן צו מיין אייגענעם לעבן. צו וואָס?... ווער ווייסט?... אפשר, פּונקט ווי מיין פֿאָטער האָט אויף זיך ניט קיין פֿיל שענערן בעלן ווי מיין מוטער געפֿונען און האָט אונדז אויף דער וועלט בלויז פֿאַר צרות געבראַכט, פּונקט אַזוי קען אויך יעדערע פֿון אונדז אַ העסלאַכן מאַן געפֿינען און נאָך עקלהאַפֿטערע קינדער דער מענטשהייט שיינקען. דיינקט איר ניט אַזוי?

איך האָב געשוויגן און זי האָט לייכט צועפּנט איר גרויס מויל מיט די דינע בלייכע ליפּן אָן קוים הערנדיק, ווי פֿאַר זיך זעלבסט, גענומען לאַכן. מיט אַמאָל האָט זי זיך אויפֿגעהויבן און גענומען לאַנגזאַם גיין צום אַרויסגאַנג פֿון פּאַרק.

איך בין איר נאָכגעגאַנגען.

אַ פּאָר גאַסן זיינען מיר געגאַנגען שטיל. אויפֿן ראָג פֿון דער אַכצנטער גאַס, האָט זי מיט אַ מיד־שפּאָטישן שמייכל אַ זאָג געטאָן:

— אייגנטלאַך דאַרף איך ניט באַנג טאָן וואָס איר זייט צו אונדז היינט אַרויפֿגעקומען.

— ניין, — האָב איך קורץ געענטפֿערט — ס'טוט מיר לחלוטין ניט באַנג.

— אָבער ווי טוט אייך זיכער?

— דאָס יאָ.

— וועל, ס'וועט זיך אייך באַצאָלן: איר האָט אַן אויסגע־צייכנטע טעמע פֿאַר אַן ערציילונג.

— מיגלאַך. דערווייל פֿיל איך אָבער בלויז איר שווערקייט.

— כ'גלויב אייך. אַנדערש וואָלט איך עס פֿאַר אייך ניט דערציילט. אַזעלכע ווי מיר גייען ניט אַרום מיט קיין אָפֿענע הערצער.

— כ'דאנק אייך.

מיר זיינען שטיין געבליבן לעבן הויז וואו זי האט געוואוינט.

— א גוטע נאכט. — זי האט מיר די האנט דערלאנגט און שטיל צוגעגעבן:

— שרייבט עפעס אמאל אן וועגן אזעלכע ווי איך. דערציילט וועגן אונדזערע ליידן, וועגן אונדזער איינזאמקייט, דערמאנט אלע אומגערעכטיקייטן וואס די געזעלשאפט באגייט געגן אונדז.

כ'האב געפילט אז מיין פנים ברענט פאר חרפה און כ'האם ניט געוואוסט וואו די אויגן צו באהאלטן.

— אבער ניט אזוי שרייבט, ווי אנדערע גאנץ באוואוסטע שרייבער טוען עס. שרייבט מיט דער גאנצער גאל און ביטערקייט וואס געפינט זיך ניט אין אייער, נאר אין מיין הארצן. זאלן אין אייערע ווערטער מיינע טרערן און קרעכצן קלינגען און די מרה־שחורה פון מיינע איינזאמע, משוגענע נעכט זאל פון יעדן בוכשטאב פון יעדער שורה זיך שפארן... אפשר וועלן מענטשן פארט פאר־שטיין און ענדערן זייערע באליידנדיקע באציאונגען צו אונדז. און וואס ס'איז נאך וויכטיקער, אפשר וועט זיך צווישן טויזנטער לעזער געפינען איין מאן מיט אזא פערדישן געזיכט ווי בא מיין פאטער, אדער א פרוי מיט אזא חעסלאכן פנים ווי מיין מוטער, וועלכע וועלן זיך פארטראכטן אויף אייערע ווערטער, אויפמערקזאם זיך איינקוקן אין שפיגל אויף זייערע אומגליקלאכע פנימער, זיך דערמאנען אז זייערע צוקונפטיגע קינדער קענען אויך זיין אזוי אפשיילאך ווי זיי, און באשליסן ניט צו הייראטן. רייכע מענער און פרויען זיינען אומשטאנד זיך שיינע געזעצלאכע געליבטע צו קויפן און זייער בלוט צו מישן, אבער ארעמע מיידלאך ווי מיר, קענען קריגן מענער בלויז נאך העסלאכערע ווי מיר זעלבסט.

זי איז אויף א רגע שטיל געבליבן און זיך באלד נערוועז צעלאכט:

— גאט מיינער, וואס איך האב עס שוין היינט אויסגערעדט פאר אייך! נו, האט א גוטע נאכט.

— א גוטע נאכט, — האָב איך איר האַנט געדריקט — און זאָל אייך ניט באַנג טאָן פאַר אייער אָפּנהאַרציקייט.

זי האָט א טיפן זיפץ געגעבן, א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און איז אַרויף אויף די טרעפּ.

איך האָב געפילט ווי נאָכצושרייען איר עפּעס גוטעס, באַרואיקנ־דיקעס, אָבער ניט געקענט געפינען אין זיך דאָס נויטיקע וואָרט. איך בין געשטאַנען ווי אָן כח און געפילט ווי די שווערקייט פון אירע ווערטער ווערט אַלץ שאַרפער, ווייטאָגדיקער און טרער'ן פאַנגען אָן זידן טיף אין מיר. — — — — — — — — — — — —

אין „האָל", איידער זי האָט זיך אויפגעהייבן אויף די שטיגן, האָט זי זיך אומגעקוקט, דערזען מיך שטיין אויפן זעלביקן פּלאַץ, און צו מיר האָט זיך פּלוצלונג דערטראָגן איר קורצער געלעכטער און... אפשר גאָר געוויין.

פעברואַר, 1918.

# צווישן הרוגים

.1

די גראָבנס האָבן זיך געצייגן אויף עטלאָכע מייל, אין אויס-זען פון ברייטע, שפּיציקע קראַקוועס, האָבן געהאַט פאַרשידענע טיפקייטן און זיינען געווען גערדיכט באַזעצט מיט סאָלדאַטן. צוויי טעג האָט מען זיי פיבעריש געגראָבן אונטערן שונאס פייער און ניט איין צענדליק מענטשן זיינען בא דער אַרבעט געפאַלן. הינטער די ערשטע האָבן זיך געצויגן נאָך גראָבנס; הינטער זיי אַנדערע, און אַזוי ווייטער, אויף וויפיל דאָס אויג האָט געקענט כאַפּן. און ערגעץ וואו גאָר הינטן, זיינען געשטאַנען באַהאַלטן די האַרמאַטן און אָפּט גאַנצע מעת-לעתן אָן אַן אויפהער, האָבן אין גראָען נעבל, איבער די סאָלדאַטסקע קעפּ באַמבעס און גראַנאַטן געפירט זייער שווידערלאַכן שפּיל זיך יאָגנדיק איינער נאָכן צווייטן.

שוין דער צווייטער מעת-לעת, אַז די דריטע ראָטע פון ב...... פּאָלק פאַרנעמט די רעכטע זייט פון דער ערשטער רייע גראָבנס, שפּייזט זיך מיט פאַרשטיינערטע סוכאַרעס אָדער נאַסע, פאַר-שימלטע סאָלדאַטסקע ברויט, און שיסט, שיסט אָן אַן אויפהער. דער הימל איז די גאַנצע וואָך באַדעקט מיט גרויע לויפנדיקע וואָלקנס, די לופט איז פייכט און וואַרעם, נאָר עס רעגנט ניט. דאָס פרייט אַלעמען, און ווען מען גיט נאָך עפּעס הייסעס צום עסן, וואָלט שוין גאָר גוט געווען. דאָס חיות גייט פּשוט אויס באַם גע-דאַנק פון אַ שטיקעלע פלייש, אַ טעלער הייסע זופּ. פונם טויט רעט מען גאָר ווייניק: ער איז אַ צו אָפטער גאַסט אין זייערע רייען און ניט נאָר דעם שרעק, נאָר אַפילו דעם פּשוטן דרך ארץ האָבן זיי שוין לאַנג פאַר אים פאַרלאָרן. מען שפּילט זיך, מען

וויצלט זיך מיט אים אָפּט גאַנץ גוטמוטיק. עס — געשטאָרבן, געהרגעט — עס קען אַנדערש ניט זיין: אויף דעם איז דאָך אַ מלחמה. היינט ער, מאָרגן איך.

אָבער טיף אין האַרצן, ווייט אין אַ פאַרבאָרגענעם ווינקל פונם מוח, האָט בא יעדן איינעם געלעבט דער בטחון, עפּעס אַ זיכרהייט, אַז ער, ער וועט בלייבן גאַנץ, אַז אים, נאָר אים, וועט די קויל אויסמיידן, וועט שאַנעווען די בייזע שראַפּנעל, ווייל ער.... ער...

קיין ענטפער אויף דעם „ווייל" האָט זיך קיינער ניט געקענט געבן, אָבער די זיכרקייט און מזל פונם אייגענעם גורל איז פון דעם ניט שוואַכער געוואָרן.

און אָפּט ווען די שיסערייַ פלעגט שטילער ווערן, אָדער אונטער דער מוזיק פון פייפנדיקע קוילן, האָבן זיי ליב געהאַט צו דערציילן איינער דעם אַנדערן וועגן זייערע היימען, פרויען און קינדער, און וואָס יעדערער וועט טאָן נאָך דער מלחמה. ווען אַ קויל פלעגט אַמאָל טרעפן אַזאַ דערציילער און אין מיטן איבערייסן זיין גע־שיכטע, האָבן אים די חברים שנעל אָפּגערוקט אָן אַ זייט און יעדער פון זיי האָט געטראַכט, אַז ער איז דער גליקלאַכער: די קויל האָט „יענעם" געטראָפן און ער וועט נאָך, מיט גאָטס הילף, קומען אהיים אַ געזונטער.

שוין אַ וואָך צייט, אַז די דריטע ראָטע איז אָן אָפיצירן: דער ראָטנער איז געפאַלן אין דער ערשטער שלאַכט מיט אַ צעשמע־טערטן שאַרבן, און די איבעריקע אָפיצערן זיינען אויך פאַרשוואונדן: ווער אָן אַ האַנט, ווער אָן אַ פוס. איינער, נאָך גאָר אַ יונגער וואָס פלעגט אַזוי לייכט רויט ווערן, איז משוגע געוואָרן: עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז זיינע הענט זיינען באַשמירט מיט בלוט, און ער האָט זיי שטענדיק געוואַשן. די ראָטע פירט אַצונד דער אַלטער, געניטער פעלדפעבל, און אַלע זיינע צעפרידן.

גאָר נאָענט, ניט מער ווי פערציק, פופציק שפּאַן פון די רוסן, פאַנגן זיך אָן דעם שונאס גראָבנס. זיי ציען זיך אויך קראַקווע־ז־וויים, אָבער זיי זיינען פיל ברייטער ווי בא די רוסן, און איינ־געריכטעט מיט מער באַקוועמלאַכקייטן.

אלע טאָג, אָרום צוועלף אזייגער, ווערט די שיסעריי פון ביידע זייטן צוערשט שיטערער, שוואַכער, ביז זי הערט אין גאַנצן אויף. די דייטשן עסן מיטאָג, און צו די רוסן וואָס קייען זייערע פאַר־שטיינערטע סוכאַרעס, אָדער פאַרשימלטע ברויט מיט זאַלץ, דער־טראָגט זיך דער ריח פון באָרשט, קאַשע, אָדער נאָך אַזעלכע טייערע זאַכן. זיי ציען אין זיך זשעדנע דעם ריח, שילטן די „נאַטשאַלסט־וואָ", וואָס טרייבט זיי צום טויט און גיט ניט צו „פרעסן".

.2

אין איינעם פון די שפּיצן פון אַ קראַקווע־גרובן, זיצן צו־זאַמענגעדריקט צוויי סאָלדאַטן: חיים מאַשקאָוויטש און סטעפּאַן פּאַכאמקין. דער ערשטער אַן איידעלער יונגער מאַן פון מיטעלן וואוקס, מיט אַ קורץ בערדל און טרויריקע שוואַרצע אויגן; דער צווייטער — אַ געזונטער פּויער, ניט לאַנג אָפּגעריסן פונם אַקער, מיט אַ ברייט געזיכט, בלויע אויגן און אַ רונדע, קורצע נאָז. ביידע זיינען זיי פון איין געגנט: חיים איז געווען אַ מעקלער און האָט געוואוינט אין שטעטל, פּאַכאָמאָוו האָט געהאַט אַ פיין שטיקל ערד ניט ווייט, און חיים פלעגט בא אים אָפט קויפן תבואה. ווען מען האָט גערופן דעם „זאַפּאַס", האָט מען זיי ביידן פאַרנומען, זיי גע־מאַטערט אַ פּאָר וואָכן, דערמאָנענדיק די אַלטע מיליטער תורה, ווי בעסער צו שטעכן און מאָרדן מענטשן, פאַרשריבן אין איין ראָטע און גלייך אַוועקגעשיקט אויפן שלאַכטפעלד.

פריער, אין דער היים, האָט זיך פּאַכאָמקין געהאַלטן פאַר אַ גאַנצן יחסן: אַ באַלעבאָס מיט אייגענע ערד, מיט פינף בהמות און דריי פערד, מיט אַן אייגן שטיקל וואַלד. און ער האָט געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויף חיימן דעם מעקלער, וועלכער האָט אַזוי גע־ציטערט פאַרן „אוראַדניק", און אַן אַ סוף זיך געדונגען איבער יעדן גראָשן. נאָר דער אונערוואַרטעטער אומגליק האָט שטאַרק צעזאַמענגעבונדן זייערע נשמות, און וואו נאָר מיגלאַך, אפילו אין שלאַכט, האַלטן זיי זיך צעזאַמען.

— נו, חיים, וואָס זאָגסטו עפּעס אויף אונדזער אומגליק? — פרעגט אָפּט פּאַכאַמקין, קוקנדיק עטוואָס צוטומלט היימן גלייך אין פּנים אַריין.

— וואָס קען מען העלפן? — זיפצט חיים און זיינע אויגן ווערן נאָך טרויעריקער.

ביידע לאָזן אַראָפּ די קעפּ און טראַכטן: חיים פון זיין גיטלען, וועלכע שטאַרבט מסתמא אין דער היים מיט די קינדערלאַך פון הונגער, און סטעפּאַן פון זיין שטיקל ערד, פון זיין יונגער מאַריע, וועלכע דאַרף שוין באַלד אַ מוטער ווערן.

שוין דער צווייטער טאָג, אַז זיי זיצן איינער לעבן צווייטן אין די פּאָדערשטע גראָבנס, עסן שוואַרץ ברויט, און שיסן. אין די רואיקערע מינוטן דערציילט פּאַכאָמקין שטיל פון זיינע פּופצן דעס־יאַטין ערד, פון זיין שטיקל וואַלד, פון באַלעבאַטישקייט בכלל, און וואָס פאַר אַ באַלעבאָסטע זיין מאַריע איז. ווי שטאַרק חיים זאָל ניט אָנשטריינגען זיין זכרון, קען ער זיך ניט דערמאָנען ווי אַזוי זיין חברס ווייב זעט אויס: ער האָט זיך קיינמאָל קיין מי ניט גענומען זיך גוט צו באַטראַכטן. אַ גויע ווי אַלע גויעס. ניי ווייס אַז עס וועט אויסקומען אַזוי אָפּט פון איר צו ריידן... און עס טוט אים באַנג, וואָס ער געדיינקט זי ניט, נאָר פּאַכאָמקינען זאָגט ער גאָר ניט, הערט זיך צו צו זיינע ווערטער, שאָקלט מיטן קאָפּ און טראַכט, אַז אין דער היים מוז שוין זיין גוט קאַלט, די קינדער גייען באָרוועס און גיטעלס שאַל איז פאַרזעצט פאַר דריי קערבלאַך.

— מיין היטל איז צוויי מאָל דורכגעשאָסן, — דערציילט ווייטער סטעפּאַן, — און דאָס איז אַ סימן, אַז גאָט וויל כ'זאָל בלייבן לעבן, מען בעט פאַר מיר נענוג... כ'וועל דעם גאַנצן דאָרף ציינן דאָס היטל.

חיים וויל אים זאָגן, אַז פאַר יעדן איינעם בעט מען ערגעץ־וואו גאָט, און דאָך פאַלן טעגלאַך הונדערטע טויט, נאָר ער האַלט זיך אָפּ, דערמאָנט זיך נאָך אַ מאָל אָן פאַרזעצטן שאַל און שאָקלט צו פאַרטראַכט און טרויעריק מיטן קאָפּ. ביידע הערן אויף אַ ווײלע צו שיסן.

.3

אויפֿן דריטן טאָג, מיטאָג-צייט, ווען דאָס שיסעריי איז שטיל געוואָרן, האָט פּאַכאָמקין דאָס ערשטע מאָל אַנטליען בײַ אַ דײַטש אַ סיגאַרעט, און די קליינע פּאַסירונג האָט נעהאַט זייער וויכטיקע פֿאָלגן. געשען איז דאָס אַזוי: פּאַכאָמקין, וועלכער איז געווען אַ ליידנשאַפֿטלאַכער רויכערער, האָט שוין צוויי טעג אַפֿילו קיין איין „צי" ניט געטאָן. ווי אַ שיכורער איז ער אַרומגעגאַנגען צווישן די סאָלדאַטן און געבעטן כאָטש אַ שטיקל ציגאַר. קיינער האָט אָבער ניט געהאַט. אַ בייזער איז ער געקומען צעריק צו חיימען, וועלכער האָט אויך זייער געוואָלט רויכערן, גענומען קייען דאָס טאָרבעלע פֿון זיין מאַכאָרקע און שיסן מיט כעס. אַרום צוועלף אַזייגער איז ווי געווינלאַך די שיסעריי שטיל געוואָרן. קיינער האָט אָבער ניט געוואַגט אַרויסצורוקן דעם קאָפּ פֿון די טרענטשעס. פֿון ביידע זייטן זיינען געשטאַנען וועכטער. אָט אין אַזאַ מאָמענט האָט פּאַכאָמקין פּלוצלונג אַרויסגעשטעלט דעם קאָפּ און אויסגעשריען: „עי, דײַטש, רוק אַרויס די נאָז, האָב ניט מורא!"

אַ פֿעט פּנים מיט גרויסע וואָנצן האָט זיך אויף אַ ווײַלע באַוויזן און איז באַלד פֿאַרשוואונדן.

— קריך אַרויס, מיר וועלן ניט שיסן! — האָט סטעפּאַן ווידער אויסגעשריען, ניט באַהאַלטנדיק דעם קאָפּ.

דער דײַטש האָט זיך ווידער באַוויזן און נאָך אים נאָך עטלאַכע קעפּ. מען האָט געקענט זען, אַז זיי האַלטן די ביקסן פֿאַרטיק. דאָס זעלבע האָבן אויך די רוסן געטאָן.

פּאַכאָמקין האָט גענומען צייגן דעם דײַטש מיט די וואָנצן, אַז ער וויל רויכערן. יענער האָט פֿאַרשטאַנען, זיך צופֿרידן צעלאַכט, אַרויסגענומען אַ פּאַפּיראָס און אים אַ וואָרף געטאָן. דער פּאַפּיראָס איז געפֿאַלן צווישן די גראָבנס. ער האָט געוואָרפֿן אַ צווייטן און אַ דריטן און ווידער ניט געטראָפֿן. פֿון ביידע זייטן גראָבנס האָבן שוין אַרויסגעקוקט שורות קעפּ אין דײַטשע קאַסקעס און אין רו־ סישע קאַשקעטן. זען פֿאַר זיך פּאַפּיראָסן און ניט קענען זיי [illegible],

איז שוין געווען צופיל פאר פּאכאָמקינען. ער האָט זיך אַריינ־געזעצט אויף דער זייט פון גרוב, געהייסן חיימען פרעגן די דייטשן צו זיי וועלן אים ניט שיסן, און דערזעענדיק ווי זיי לאַכן און שאָקלען מיט דעם קאָפּ אויף „ניין", איז ער אין גאַנצן אַרויסגעקראָכן, פאַר־נומען די פּאַפּיראָסן, איינעם אַ וואָרף געטאָן חיימען, און ווען דער גראָבער דייטש, וועלכער איז שוין אויך אַרויס פון גראָבן, האָט פאַר אים אָנגעצונדן פייער, איז ער גלייך צוגעגאַנגען און פאַר־רויכערט. די דייטשן האָבן אָנגעפאַנגען אַפּלאָדירן, די רוסן — צו שרייען „אוררא!" מיט פינף מינוטן שפּעטער זיינען כמעט אַלע, אַ חוץ די וועכטער, שוין געווען אויסער די גראָבנס, האָבן מיט יעדן אבער זיך דורכגערעדט איינער מיטן צווייטן, זיך געביטן מיט אייניקע נויטיקע זאַכן, און ס'איז געווען אוממיגלאַך צו גלויבן, אַז דאָס לאַכן און ווויצלען זיך אַזוי גוטמוטיק „בלוטיקע שונאים", וועלכע וועלן זיך גיך ווידער באַהאַלטן אין די גראָבנס און אַלץ מיגלאַכעס טאָן צו דערשיסן אָדער דערשטעכן איינער דעם צווייטן.

אַזוי איז עס שוין געבליבן: אַלע טאָג פון צוועלף ביז איינס איז געווען שלום צווישן די סאָלדאַטן. „דער סאָלדאַטסקער שלום", ווי די אָפיצערן האָבן עס שפּאָטיש גערופן, נאָר קיינער פון זיי האָט ניט געוואַגט אים צו שטערן, מורא האָבנדיק פאַר זיך זעלבסט. פּאכאָמקין און דער ערשטער דייטש מיט די גרויסע וואָנצעס, זיינען געוואָרן גוטע פריינט און האָבן מיט חיימס הילף זיך גאַנץ געשיקט דורכגערעדט צווישן זיך. דער דייטש פלעגט זיי ביידן געבן סיגאַרן און סטעפּאַן האָט אים געשיינקט זיינעם אַ באַשליק. ביידע הויכע, געזונטע, גוטמוטיקע, נאָך פול מיט דער קראַפט און ריח פון דער שוואַרצער ערד, פון וועלכער מען האָט זיי ניט לאַנג אָפּגעריסן, האָבן זיי ליב געהאַט צו טאַפּן די מוסקולן און פּרוּוון איינצובויגן איינער באַם צווייטן די הענט.

4.

עס זיינען אַריבער נאָך עטלאַכע טעג. די שטונדע פון טעג־

לאכן שלום האָט פיל פאַרבעסערט די לאַגע אין די רוסישע גראָבנס. דאָס עסן איז געוואָרן אַ ביסל בעסער און וואָס ס'האָט אויסגעפעלט האָט מען געקראָגן בא די דייטשן. גלייך נאָכן עסן פלעגן אלע, אַ חוץ די וועכטער, ארויסקריכן פון די גראָבנס, אויסגלייכן די ביינער, זיך דורכלויפן אביסל, פאררויכערן אַ דייטשן סיגארעט.

איינמאָל אין אַ פארנאכט איז אָנגעקומען אַ באַפעל באַנאַכט צו אַטאַקירן דעם שונא. מען האָט געהייסן די סאָלדאַטן זיך געדיכטער צענויפרוקן און אַ גאַנצן אָוונט האָט פון די אונטערשטע גראָבנס געשטראָמט פרישע מילטער.

ארום צוועלף אזייגער באַנאַכט זיינען די רוסן ארויס פון די גראָבנס, זיך געגנבעט אַ ווײַלע און פלוצלונג מיט אַ געוואַלדיקן „הוררא!" זיך אַ וואָרף געטאָן מיט די שטיקעס אויפן שונא.

פון דער גאַנצער שלאַכט וואָס איז פאָרגעקומען, געדיינקט חיים נאָר דעם מאָמענט, ווען ער איז אין די ערשטע רייען צוגעלאָפן צו די דייטשע גראָבנס און דערזען פאַר זיך אַ שורה ברענענדיקע ביקסן, און הינטער זיי אַ רייע בלייכע, טויט דערשראָקענע פּנימער. ווען ער איז געקומען צו זיך האָט שוין אָנגעפאַנגען צו טאָגן. לאַנג איז ער געלעגן מיטן פּנים ארויף און זיך איינגעקוקט אין גרוי-בלאָען הימל, אין די לויפנדיקע וואָלקנס און זיך בשום אופן ניט געקענט דערמאָנען וואו ער געפינט זיך. קיין ווייטיק האָט ער ניט געפילט, נאָר זיך צווינגען פון עפּעס אַ טראַכט צו טאָן האָט ער ניט געקענט. עס האָט זיך אים געפלאָנטערט אין קאָפּ אַ וואָגן מיט תבואה, וואָס ער האָט געקויפט מיט עטלאַכע חדשים צוריק, צוויי ווייסע פערד, וועלכע האָבן דעם וואָגן געבראַכט, אַ שטיקל וואַלד, גיטעל מיט די קינדער...

פלוצלונג איז גאָר נידעריק איבער זיין פּנים דורכגעפלויגן אַ קויל און זיך איינגעביסן אין דער וואַנט. אין איין אויגנבליק האָט זיך חיים דערמאָנט אָן דעם אָנפאַל, אָן די פייערנדיקע דייטשע ביקסן און אָן די טויט-בלייכע פּנימער אונטער זיי. ער האָט אַ דריי געטאָן דעם קאָפּ און דערזען אַז ער ליגט אָן אַ זייט פון אַ ברייטן גראָבן, צווישן אָנגעוואָרפענע קערפּערס. אנטקעגן, באַם

וואנט, שטייען מיט די פּלייצעס צו אים, רוסישע סאָלדאטן, און ערשט אצינד האָט ער דערהערט אַז זיי שיסן.

— הפנים, מיר האָבן פאַרטריבן די דייטשן און איך בין פאַר־וואונדעט, — האָט ער אַ טראַכט געטאָן און אַ שרעק האָט אים פּלוצלונג אָנגעכאַפּט: „אפשר, חלילה, איז ער אָן אַ האַנט, אָדער אָן אַ פוס? גאָט זאָל שומר ומציל זיין, דאָס איז דאָך נאָך ערגער ווי געהרגעט צו ווערן. צו וואָס טויג מען דאַן? ווער דאַרף אַ קאַליקע?" ער האָט זיך מיט אימפּעט אויפגעזעצט און גענומען באַטראַכטן די הענט. די לינקע איז געווען אויסגעוויכנעט און גע־שוואָלן, די רעכטע לייכט צודראַפּעט; דער קאָפּ צעקלאַפּט אין עטלאַכע ערטער און דאָס פּנים באַדעקט מיט פאַרטריקנטע בלוט.

— דאַנקן גאָט, — האָט ער געטראַכט, און מורא געהאַט אַ קוק צו טאָן אויף די פיס, וועלכע ער האָט ניט געקענט זען אָדער רירן, ווייל זיי זיינען געווען פאַרוואָרפן מיט טויטע קערפּערס. ער האָט זיך גענומען איינקוקן אין די פּלייצעס פון די שיסנדיקע סאָלדאַטן און דערקענט איינעם: — עי, זאַכאַראָוו, שלעפּ מיך אַרויס פון דאַנעט!

עטלאַכע סאָלדאַטן זיינען צוגעגאַנגען, אַוועקגערוקט די הרוגים און אים אויפגעהויבן. ער האָט געפילט שוואַך, דער קאָפּ האָט זיך געדרייט, נאָר די פיס זיינען געווען גאַנץ.

— איך דאַנק דיר, גרויסער גאָט אין הימל, וואָס כ'בין ניצול געוואָרן פון אַזאַ פייער.

— דער טייפל ווייס דיך, מאָשקאָוויטש, ווי אַזוי דו ביזט אַרויס גאַנץ — האָבן זיך געוואונדערט די אַרומיקע סאָלדאַטן, באַטראַכטנ־דיק זיינע לייכטע וואונדן, — דו וועסט זיכער קריגן אַ מעדאַל. ביסט איינער פון די ערשטע אַריין אין שונאס גראָבן.

אַרום צוויי אַזייגער איז געוואָרן שטיל. באַם עסן האָט זיך חיים דערמאָנט אָן פּאַכאָמקינען. ער האָט גענומען זיך נאָכפרעגן אויף אים און דער אַלטער פעלדפעבל, מיט אַן אָפּגעריסענעם אויער, האָט אים געשיקט זוכן אין דער צווייטער זייט פונם ערשטן דייטשן גראָבן. חיים איז גלייך אַהין אַוועק.

דאָס גאַנצע שטיק פּלאַץ פון די אַלטע רוסישע גראָבנס ביז די פאַרכאַפּטע דייטשע, איז געווען געדיכט אויסגעשפּרייט מיט הרוגים און די גראָבנס גופא זיינען אין אייניקע ערטער געווען איבערגע-פילט מיט צעשטאָכענע און צעריסענע קערפּערס. חיים האָט גע-מוזט קריכן איבער זיי, טרעטן אויף זיי, קוקן אין זייערע פאַרגלי-ווערטע פּנימער און דאָס האַרץ האָט געוויינט און געציטערט אין אים. ענדלאַך האָט ער פון דער ווייטן, אין אַ קופּע קערפּערס, באַמערקט סטעפּאַנס רויט העמדל. ער איז צו צו אים. פּאַכאָמקין איז געלעגן אויף אַ זייט, מיטן פּנים אַרויף, פון זיין שטערן האָט שאַרף אַרויסגעקוקט אַ קליין, שוואַרץ לעכל, און אַ דין שנירל פאַרגליווערט בלוט האָט זיך געצויגן איבער זיין פּנים. מיט איין האַנט האָט ער צוגעהאַלטן דאָס הענטל פון זיין ביקס, דער שפּיץ פון וועלכן האָט אַרויסגעקוקט פון דעם גראָבן דייטשס זייט, דעם זעלביקן דייטש, וועלכער האָט ערשט ניט לאַנג געוואָרפן פאַר אים זיינע סיגאַרעטלאַך און וועמעס באַשליק ער האָט נאָך גע-טראָגן אויפן האַלדז. פּאַכאָמקין האָט אים הפּנים דערשטאָכן און איז אין דעם מאָמענט אַליין געפאַלן פון אַ קויל.

חיים האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דרערד, פאַרדעקט דאָס פּנים מיט די הענט און זיך דערמאָנט אָן סטעפּאַנס דאָרף אויפן באַרג, אָן זיינע פּופּצן דעסיאַטין ערד און שטיקל וואַלד, אָן זיין גוטער מאַריע, וועלכע דאַרף גיך אַ מוטער ווערן, אָן דער צוויי מאָל דורכגעשאָסענער היטל, וועלכע ער, סטעפּאַן האָט זיך געקליבן צו ווייזן דעם גאַנצן דאָרף. און דער שרעקלאַכער אמת איז לאַנג-זאַם, נאָר אַלץ דייטלאַכער אַרויסגעטראָטן פאַר אים: אַלע נאַרן זיך, גיין אין שלאַכט מיט דער האָפענונג אַז ניט זיי וועט ער, דער שרעקלאַכער טויט, טרעפן. עס איז ניטאָ קיין מלאך המות, נאָר פאַראַנען אַ בלינדער טויט, וועלכער שווייגט שוואַרץ אָדער לאַכט אַזוי בלוטיק רויט מיט ווייס אויסגעשצירטע ציין. אַלע נאַרן זיך. און מיט אַמאָל איז פאַר אים קלאָר און זיכער געוואָרן, אַז ער אַליין איז שוין אויך פאַרפאַלן, אַז ניט קיין טרערן, ניט קיין תפילות קענען אים העלפן, אַז זיין גיטל איז שוין אַן אלמנה

זיינע קינדער יתומים, און אז יעדער פון אַט די אויסגעשלאַכטעטע מענטשן, וועלכע וואַלגערן זיך דאָ ארום אים, האָבן געוויינט, גע־בעטן רחמים; יעדערער פון זיי איז געווען אין זיך זיכער, אז ער, „ער" וועט בלייבן גאַנץ.

און חיימען האָט פּלוצלונג אָנגעכאַפּט אַ געלעכטער מיט אַ גע־וויין צוזאַמען. עס האָט זיך אים געוואָלט שרייען, זיך קייקלען אויף דרערד פון גרוס עגמת נפש, און שילטן מיט בלוטיקע קללות דעם אַלטן נאַרישן פירער פון דער וועלט, דעם מעכטיקן גאָט, וואָס ער־לויבט די קלענסטע און ערגסטע צו טרייבן ווי שאָף צו דער שחיטה, מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן און זיי צווינגען ווי בלוט־דורשטיקע חיות זיך וואַרפן איינער אויפן צווייטן.

— ניין, ניין, עס קען ניט זיין! גאָט וואָלט ניט דערלאָזט צו אַזאַ זאַך, ווען ער זאָל זיין... ווען ער זאָל עקזיסטירן... ניין, ניטאָ קיין גאָט... דער הימל איז ליידיק... פּוסט... ניטאָ קיין גאָט... ניטאָ!...

די קוילן און באָמבעס האָבן שוין ווידער געזונגען זייער טרויעריקן נגון, די שראַפּנעלן און גראַנאַטן האָבן ווי מיט בייטשן גע־שמיסן די לופט, יעדער ווילע ערגעץ וואו געפּלאַצט און זיך באָדנדיק אין יונגען בלוט, בליענדיקע קערפּערס אויף שטיקער גע־ריסן.

און חיים האָט געפילט אז ער איז שוין פאַרפאַלן, כמעט ווי אַ מת, אז די קעלט פון די הונדערטע הרוגים אַרום אים זאַמלט זיך אין זיין בלוט און זייערע אויסגעקרימטע פּנימער ציען צוזאַמען און קרימען אויך זיין פּנים אויס... ער איז אויפגעשפּרונגען פון דרערד און מיט דערשראָקענע קולות זיך געלאָזט לויפן איבער די גראָבנס.

דרייצן מענטשן זיינען אינגאַנצן פון דער דריטער ראָטע גע־בליבן: דער משוגענער חיים מאַשקאָוויטש, וועלכער קעמפט געגן גאָט און פּוסטן הימל און ציטערט פאַרן טויט, און צוועלף אַנדערע האַלב־משוגעים.

יאַנואַר, 1915.